מיט די יאָרן זײַנען געוואָרן אַדורכגעלעבט אויך צײַטן. און יעדע צײַט אויך מיט איר באַנעם און שניט אין שאַפונג.

אין געטאָ זײַנען אַלע מײַנע כתב־ידן פאַרלאָרן געגאַנגען.

נאָך דער מילחמה האָבן זיך ביסלעכווײַז אָפּגעזוכט פון די דערציילונגען וואָס זײַנע געווען געדרוקט אין צײַטשריפטן.

גייט אויך אַ טייל פון די אָפּגעזוכטע אין דעם בוך.

# אַ גוטער תשרי

### די דין-תּורה

דאָס נײַע יאָר קומט אָן. אָט־אָט שוין דער חודש תּשרי מיט די טעג פֿון ראש־השנה און יום־כּיפּור און הושענא־רבא. פּאָרקטיק איז די פֿלאַטערניש אין דעם חודש פֿון דער כּתיבה־וחתימה, ווען דער גורל פֿון יעדן מענטשן אויף דעם גאַנצן קומענדיקן יאָר איז אויף דער וואָגשאָל!.. האָט אויך אויף רב אָשר־זיסלען שוין אָנגעוואָרפֿן פּחד דער חודש אלול, דער לעצטער חודש פֿון אָפּגייענדיקן יאָר. בלאָזן האָט גענומען דער שופֿר אין זײַן בית־מדרש, און תּקיעות האָבן זיך געטראָגן פֿון די נאָך און נאָך בתּי־תּפֿילה אין גאולה און אין בית־ישׂראל און אין מאה־שערים, די דערבײַיִקע שכונות אין זײַן ירושלים. געשאַלט האָט דער שופֿר, געמאַכט ציטערן הערצער און גערופֿן צו תּשובה. אין די טעג האָט רב אָשר־זיסל שוין גאָר ניט פֿאַרגעסן אַז ער איז ווײַטלעך איבער די זיבעציק, די צאָל יאָרן וואָס זײַנען פֿון הימל צוגעטיילט דעם בן־אָדם אויף דער וועלט, און אַז ער לעבט די „געשענקטע יאָרן". האָט ער אין דעם חודש געוויס שוין גענומען טאָן אויפֿן נײַעם יאָר, און ניט דורכגעלאָזן האָט ער אויך די קבֿרים פֿון

זײַנע קרובים און פֿון צדיקים וקדושים. שעהן און שטיקער טעג איז ער אָפּגעווען אויפֿן הר־הזיתים און הר־המנוחות, און איז געפֿאָרן צום קבר רחל און קיין חברון, צו דער מערת־המכפּלה. אומעטום האָט ער מיט תּפֿילות מעורר געווען די ישני־עפֿר, זיי זאָלן זײַן מליץ־יושרס פֿאַר אים בײַם יום־הדין און אַז אין זייער זכות זאָל צום נײַעם יאָר געטאָן ווערן חסד מיט אים און מיט זײַנע בני־בית.

און שוין טאַקע אין חודש אלול, נאָך איידער פֿאַרבײַ דאָס אַלטע יאָר, האָט רב אָשר־זיסל שוין באַקומען אַ האָפֿערדיקן ווונק פֿון דעם אָנקומיקן יאָר, אַן אות לטובה, אַ צייכן אויף גוט. אַ גאָר פֿײַנעם נצחון האָט ער גע־האַט אין דעם ערשטן טאָג פֿון סליחות, ווען אין די גרויע מאָרגנס פֿון דער לעצטער יאָרוואָך נעמען זיך יידן פֿעדערן מיט תּפֿילות ותּחנונים קעגן דעם יום־הדין. געוווּנען האָט ער אין דעם טאָג אַ דין־תּורה אין אַ סיכסוך אַ פֿאַרלענגערטן און פֿאַרשאַרפֿטן. אײַנגעשפּאַרט געהאַט האָבן זיך מתפּללים פֿון דעם גרויסן בית־מדרש אין דער שכונה, מער ניט צוצולאָזן אים ראש־השנה און יום־כּיפּור צום עמוד! יאָרן איז זײַן שווער געווען אין די טעג דער בעל־מוסף. און נאָך זײַן פּטירה איז געשטאַנען בײַם עמוד אַן עלטערער איידעם. איז ער אויך ניפטר געוואָרן, לא עלינו. און אָט שוין צוויי יאָר ווי רב אָשר־זיסל, דער צווייטער איידעם, נעמט בײַ מענטשן אַזוי אויס מיט זײַן דאַווענען. האָבן זיך אין בית־מדרש גאָר אײַנגעפּונען חצופים, און מיט זיי אַ יונגער גבאי וואָס איז אָנגעשמעקט פֿון די הײַנטיקע, און די דרייען אויף אים מיט דער נאָז. איז אַוועק אַ דין־תּורה.

די צרות־עין בײַ מענטשן, אַ בייזע ניט־פֿאַרגינערישקייט!

מקנא געווען האָט מען שוין רב אָשר־זיסלס טאַטן עליו־השלום, וואָס האָט זיך דאָ אין ירושלים געעפֿנט אַ בעקערײַ און געהאַט פֿײַנע פּרנסה. אַ יגיע־כּפּיים איז ער געוואָרן, דער טאַטע, באַלד ווי ער איז מיט זײַן משפּחה געקומען אין ארץ־ישׂראל, און ניט נהנה געווען פֿון דער חלוקה, פֿון די געלטער וואָס יידן איבער דער גאַנצער וועלט שיקן אַהער פֿאַר די כּוללים פֿון ייִשוב. גאָר גרויס אָבער איז די קינאה צו אים, ר׳ אָשר־זיסלען, וואָס אַפֿילו מיטן פֿונאַנדערוואַקסן זיך פֿון זײַן בעקערײַ פֿאַרפֿעלט ער ניט

קיין איין טאָג דעם בלאַט גמרא און זיצט בכלל אָפּט ביי אַ ספר. ניט ווייניק רעדט מען איבער וועגן זיין שטאַלטיקן געבוי, שטראַמען גאַנג, און אַז ביי זיין עלטער האָט ער ניט צו טאָן מיט מיחושים. אויך די ברילן וואָס ער טראָגט, זאָגט מען, זיינען מער פון חשיבות, ווי מען קאָן זען פון דער רייכער גאָלדענער ברילנראַם. די גלעזער, אויך זיי גלאַנצן און ניט צו מערקן אויף זיי קיין שטויבעלע מעל. זויבער און שיין איז אַפילו זיין וואָכעדיקער אָנטו. נאָר דער ריח פון פרישן רייציקן געבעק קען דערציילן פון אַ בעקעריי. געראָטענע ביי אים אויך די קינדער און אַלע געוואָרן אויסגעכאַפּט פון גאָר מיוחסדיקע ירושלימער משפחות. מיט זיין שיינער באָרד און הדרת־פנים, און טאַקע אויך פיקחות, איז רב אָשר־זיסל זייער אָנגענומען אין דער סוחרישער וועלט און ווערט כסדר פאַרבעטן ווי אַ בורר אין געשעפטלעכע סיכסוכים; און דערביי טאַקע אויך אַ הכנסה...

מיט די אויגן אויפגעגעסן ווערט אויך די פרוי פון רב אָשר־זיסל. אַזוי נגידיש איר הילוך און ממש בליענדיק איר אויסזען. בליקן גייען איר נאָך אין די מאָרגנס פון יעדן פרייטיק און ערב יום־טוב, ווי זי נעמט זיך טראָגן מיט די חלות פון זייער בעקעריי. מיט איר פאַרטיילן קריכט זי אויס אין אַזוי פיל דירות פון ניצרכים, און די קערב נאָך פעסט אין אירע אַלטע הענט. אויך אין אַנדערע טעג טאָפּטשעט זי אויס גאַסן מיט איר קליינן פאַר אָרעמע, און דער עיקר פאַר כלות און קימפּעטאָרינס. אין די שענסטע הייזער פון שטאָט ווערט זי וואַרעם אויפגענומען. באַזונדערש אָפּן זיינען פאַר איר די טירן אין רחביה. אין דער אָ אַריסטאָקראַטישער שכונה האָט זי לעצטנס ביי אַ פרוי פון אַ פּראָפעסאָר באַקומען אַ גוטע זינגער־מאַשין, פאַר אַ נייטאָריק. און די מזומנים דאָרט ביי די גרויסע מנהלים!.. האָט די פרוי צוזאַמען מיט איר מאַן, רב אָשר־זיסלען, האָבן זייביידע מיט חדשים צוריק גענומען איינאָרדענען בר־מיצוות פאַר יתומים. אין זייער גראַמער שטוב ווערט עס געפּראַוועט אין די שבתים, מיט אַ מנין און מיט מפטיר, און מיט אַ גרויסאַרטיקן קידוש און טשאָלנט... איז שוין אָבער אויף מאָרגן נאָך דער ערשטער בר־מציווה, ווי נאָר די פרוי איז אַרויס אין גאַס, האָט זי פון הינטער דער פּלייצע געהערט:

— אַז די וועלט איז זיי דאָך וויניק!

טאַקע נאָר קינאה האָט עס געקאָנט דערפירן צו דער דין־תּורה וועגן עמוד. און די אָ מידה רעה פון ניט פאַרגינען האָט אויך געשפּאַרט אין די טענות בייַ רב אָשר־זיסלס מתנגדים, די פאַרביסענע קעגנערס זייַנע. אָנגעהויבן האָבן זיי דווקא מיט פייַנע שבחים, אים אַרייַנגעלויבט ווי אַ גאָר טייַערן ייִדן און געווונטשן אַריכות־ימים. און דערפאַר, הייסט עס, זייַנען זיי אין טיפסטער זאָרג, דער אָנשטרענג בייַם עמוד ראש־השנה און יום־כּיפּור זאָל חס־ושלום ניט ווירקן אויף זייַן געזונט... האָט שוין איינער דערבייַ, ווי גאָר אגב־אורחא, זיך דערמאָנט וואָס אין ספרים רעדט זיך וועגן די תּכונות די פּאַסיקע צו זייַן דער שליח־ציבור אין אַזעלכע טעג. גאָר ראוי, ווערט געזאָגט, אַז דער בעל־תּפילה זאָל זייַן אַ קשה־יום, אַ מענטש באַלאָדן מיט צרות און לעבט אַליין אין דחקות; די תּפילה פון דעם שווער־געדריקטן גייט דאָך אַרויס פון גאָר טיפן האַרצן און זייַנע תּחנונים ווערן אין הימל גאָר אַנדערש אויפגענומען, און ער קאָן אַ סך־אַ סך פּועלן, טאַקע פאַרן גאַנצן ציבור, ווי אין פּסוק שטייט: קרוב השם לנשברי לב, גאָט איז נאָענט צו די צעבראָכענע הערצער...

אַז אויך אָן עמוד האָט אַ שייַכות צו ירושה, האָבן זיי, די בעלי־מחלוקת, זיך אויסגעדרייט פון צו ענטפערן. זיי האָבן זיך נאָר ווידער און ווידער געקליגלט מיט טענות, און אַלץ מיט דעם איין ציל, רב אָשר־זיסלען צו מאַכן אויס שליח־ציבור אין די ימים־נוראים! האָט זיך דער סיכסוך אַזוי פאַרצויגן ביז אין דעם ערשטן טאָג סליחות; אָט־אָט שוין ראש־השנה. האָבן די דיינים פלוצלינג דערהערט אַ טענה וואָס האָט ענדלעך אויפגעדעקט דעם אמתן גרונט פון דער מחלוקת. אַרויסגעשאָסן האָט איינער פון דעם צד־שכּנגד:

— קומט אין די תּפילות צו אַ שטעל וואָס מען דאַרף ווייַזן אַ קול און געבן אַ ניגון, צעוויינט ער זיך, אונדזער חזן, באָדט זיך אין טרערן און פאַרכליפּעט זיך; איז שוין פאַרקאָמבינירט די מעלאָדיע!

— און אָט ווערט שוין אַ חזקה — האָט צוגעגעבן אַ יונגער גבאי.

ער האָט גאָר ניט, הייסט עס, קיין פייַנע שטים, רב אָשר־זיסל, און

שוואַך איז ער אין די ניגונים. אָבער ווי אַ סוחר און געניטער בורר מאָנע־
ווירט ער און פֿאַרדרייט מיט אַ געוויין... וועט ער שטיין בײַם עמוד אויך
דעם דריטן יאָר, אין די קומענדיקע ימים־נוראים, באַקומט זיך עס אַ חזקה,
און ער בלײַבט שוין חזן אין דעם בית־מדרש אויף זײַן גאַנצן לעבן. האָבן
זיי זיך עס געכאַפּט, די קעגנערס, רעכטצײַטיק צו פֿאַרמײַדן...

קלאָר דערזען האָבן שוין די דיינים דעם ריכטיקן פּרצוף פֿון די בעלי־
דין, פּשוטו כּמשמעו אַרויסגעהאַט זייערע כּוונות. רב איסר, דער עלטסטער
פֿון בית־דין און גרויסער מקובל, האָט פֿון צאָרן זיך געכאַפּט אָן זײַן
גאַרטל וואָס האָט זיך צעטרייסלט איבער זײַן לאַנגן גוף, דעם מאָגערן און
אויסגעפּײַניקטן פֿון סיגופֿים. טיף אַרונטערגעגליטשט האָבן זיך די שפּאַ־
קולן איבער דער פֿאַרלאָפֿענער נאָז מיט שווייס וואָס האָט זיך געלאָזן פֿון
הויכן שטערן. אָן דער גלעזערנער מחיצה, האָבן זײַנע אויגן ממש גע־
פֿלאַמט און דורכגעברענט די קעגנערס. מיט זייער גאַנצער געדיכטקייט
האָבן זיך אויך שטעכיק אַ שטעל געטאָן די שניי־ווײַסע ברעמען. פֿאַרקײַכט
האָט זיך רב איסר מיט דער נזיפֿה וואָס האָט פֿון אים אַ שפּריץ געטאָן:

— מע־מעלאָדיע!.. אַ קול בכיה, וויינען, איז ניט קיין ניגון? אַ פּסול
גאָר בײַ דעם יום־הדין, אין די טעג פֿון סליחה וכפּרה! ימים־נוראים בײַם
עמוד, איז גאָר ציקלען זיך; די מוראדיקע תּפֿילות אויסזינגען אפֿשר אויך
פֿון אַ בלאַט אַזאַ, ווי בײַ די מאָדערנע, אָט די נאָטן!.. דאָס געוויין פֿון
בעל־תּפֿילה, וואָס אין די טעג איז ער דער שליח פֿון גאַנצן ציבור אויף
אויסצובעטן אַ גוט יאָר, זײַן וויינען דאַרף דאָך ברעכן ניט נאָר הערצער
פֿון די מתפּללים, נײַערט אויך אויפֿרײַסן די טויערן פֿון הימלען, דערגיין
ביז צו דעם כּסא־הכּבֿוד... אַז מענטשן פֿאַרגעסן גאָר דעם נאד של דמעות,
דעם לאָגל דאָרטן פֿון טרערן! שוין פֿון קדמונים ווערן דאָך אין פּסוק די
ווערטער „מלאתך ודמעך לא תאחר”, ווערן די ווערטער אויסגעטײַטשט,
אַז ניט קומען פֿאַרשפּעטיקט וועט דאָס ממלא זײַן דײַנע טרערן, דײַן בקשה
מיט געוויין. געוויין איז דאָך דער הייליקסטער ניגון!..

— „כּבֿשו פּניהם בקרקע”, די אויגן האָבן זיי ניט וווּ אַהינצוטאָן... —
האָט באַלד איינער פֿון די דיינים אַ זאָג געטאָן אויף די קעגנערס. אַזאַ

פּנים האָבן זיי שוין געהאַט ביי בית־דין; ממש אָפּגעשניטן מיט חרפּה...

מיט אַזאַ הצלחה אַרויס פון דער דין־תּורה, און נאָך אין די טעג סאַמע פאַר ראש־השנה — האָט זיך פאַר רב אָשר־זיסלען פריידיק צעבליצט דאָס אָנקומענדיקע יאָר. אויך אין דעם יום־הדין וואָס קומט אָט אָן, נעמט אים דורך אַ זיכערקייט, אויך דאָרט ביים בית־דין־של־מעלה, אַרויס וועט ער מיט אַ הכרעה לטובה. ער פילט שוין, ער זעט שוין די כּתיבה וחתימה אויף אַ שנת חיים ושלום!

## אַ נאָמען

שבת־תּשובה, וואָס איז אין דעם יאָר אויסגעפאַלן אויף מאָרגן נאָך ראש־השנה, האָט רב אָשר־זיסל אין זיין בית־מדרש נאָך אַלץ געשלונגען שבחים וועגן די מוספים וואָס ער האָט אָוועקגעלייגט אין די ביידע טעג יום־טוב. און זונטיק פרי איז ער אויפגעשטאַנען מיט אַ שימחה וואָס דער־וואַרט אים אין דעם טאָג, און נאָך שטאַרקער געפילט ווי שוין אָנהייב ביי׳עם יאָר, אָנהייב תּשרי — פאַרנעמט זיך פאַר אים אַלץ מער אויף גוטן. אַרום עלף פרי האָט ער אַ ברית פון אַן אייניקל, אַן איבערלעבונג פאַר אים אַ גאָר באַזונדערע. יאָרן שוין נאָך דער חתונה פון זיין יי׳נגסטן זון, און ניט געווען קיין קינד. און אָט אַ בן־זכר, אַ בכור!.. איז טאַקע דעם ראש־השנה רב אָשר־זיסל געווען גאָר גערירט. אַ שטראָם טרערן האָט אים אַ ברי געטאָן איבער די באַקן צו קריאת־התּורה, ווי נאָר דער בעל־קורא האָט גענומען לייענען מיטן וויינענדיק־האַרצריי׳סנדיקן ניגון דעם ערשטן פּסוק: „והשם פּקד את שׂרה", אַז גאָט האָט אויפגעריכט פון איר עקרות שׂרהן, אברהם אָבינוס ווייב, און זי האָט געבוירן אַ זון...

גרויס איז אויך געווען ביי רב אָשר־זיסלען די שׂימחה, וואָס היי׳נט ביים ברית וועט זיין אַ נאָמען נאָך זיי׳נעם אַ ברודער. שוין איבער אַ האַלב יאָר ווי ער איז ניפטר געוואָרן, לא עלינו, אַ חשוך־בּנים, אָן קינדער, און ניטאָ נאָך קיין נאָמען נאָך אים. אין זוכן אָן אָנדענק נאָכן ניפטר, האָט זיך די אלמנה, רב אָשר־זיסלס שוועגערין, געהאַט געלאָזן אַפילו אין אַ קיבוץ

אַרייַן צו אירער אַ פּלימעניצע וואָס איז געווען אין די לעצטע טעג פון טראָגן. שעהן האָט זי איינגעטענהט מיט דער מעוברת און מיט איר מאַן, אַז אויב זיי וועלן געבענטשט ווערן מיט אַ בן־זכר, זאָל דאָס קינד, צו לאַנגע יאָר, הייסן אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם פעטער. נאָך אַ לאַנגער ריידעניש האָט זי זיך צוגעשפּאַרט אָפּרועו, די אַלטע מומע. כאַפּט אָבער באַלד אויף איר אויער ווערטער פון דרויסן. אין אַ הייטערן טאָן רעדט דאָרט פאַר ווּעמען איר פּלימעניצע:

— מייַן מומע, זאָל געזונט זייַן, איז אַזש פון איר ירושלים אַרונטער־געפאָרן אַהער, אין גויישן קיבוץ, און געקומען צו אונדז מיט אַ פּאַרטיקן נאָמען פאַר אַ יינגל, אויב עס וועט מיט מזל געבוירן ווערן אַ בן־זכר. טאָ טרעפט טאָקע, אדרבא, ווי זאָל דאָס קינד הייסן?

— אברהם מסתמא — טוט ווער אַ זאָג.

— נאָך ערגער... — ציט אָן די פּלימעניצע.

— יצחק אָדער יעקב? — איז טשיקאַווע נאָך ווער.

— מוישע!.. אונדזער קינד זאָל הייסן משה... — פּלאַצט אַרויס די פּלימעניצע מיט איר איבערראַשונג — און צוליב אונדזער קיבוץ, דעם „מאָדערנעם", ברענגט דאָ מייַן מומע אויף אַ קרבן, וואָס נאָר דער איין נאָמען; מייַן פעטער, איר מאַן, האָט אין דער אמתן געהייסן גאַנצע צוויי נעמען, משה־חיים...

די פרייד פון רב אָשר־זיסלען, וואָס האָט אים פאַר טאָג אַרומגענומען, דער נחת־רוח אַז הייַנט בייַם ברית באַקומט שוין זייַן ברודער אַ נאָמען — די גאַנצע שטימונג זייַנע איז נאָך עטלעכע שעה געוואָרן צעפּאַטשקעט. אין בית־מדרש נאָכן אינדערפריִעדיקן דאַווענען, בעת רב אָשר־זיסל האָט געהאַלטן אין צונויפוויקלען די תפילין, גייט צו זייַן מחותן, דער שווער פון זון און טאַטע פון דער יולדת, און לאָזט אים אומגעריכט וויסן, אַז דער צד זייערער איז ניט מותּר אויפן נאָמען. מיט זייַן גאַנצער רבנישער תקיפות פּסקנט ער אָפּ, אַז דאָס קינד דאַרף הייסן יצחק־משה, נאָך אַ זיידן פון זייַן טאָכטער. סומך איז ער זיך אויף אַ מינהג פון קדמונים, אַז דער זכות אויפן

נאָמען פון דעם ערשטן וולד געהערט צו דער משפחה פון דער יולדת, פון דעם קינדס מאַמען.

אין מינוטן האָבן זיך אין בית־מדרש באַוויזן נאָך פון דעם מחותנס משפחה. און ווי צוזאַמענגערעדט, האָבן די מענטשן — צוויי פון זיי רבנים און די אַנדערע אויך פון די גרויסע גבאים און עסקנים אין די כוללים — האָבן זיי אַלע בקול אחד געגומען מחזק זיין די פאָדערונג פון זייער צד. רב אָשר־זיסל האָט אָבער געטענהט, אַז ביי זיי, ביי דעם צד פון דער יולדת, איז די משפּחה אַ גרויסע, פאַמיליעס אָן עין־הרע, אָן עין־הרע; און ברוך־השם ניטאָ קיין חשוך־בנים; און אַז נאָך דעם זיידן פון דער יולדת זיינען שוין דאָ וויפל נעמען... די רייד זיינע האָבן אָבער ניט געהאָלפן. ניט געוואָלט האָט דער עם־רב אפילו הערן פון אַ פּשרה. ער, רב אָשר־זיסל, שענקט פון זיין זייט אויפן פולן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, אויפן משה־חיים, און איז מסכים אַז דער יינגל זאָל טאַקע הייסן יצחק־משה, ווי זיי ווילן. אָבער נאָר דער יצחק זאָל זיין אויפן נאָמען פון דער שנורס זיידן; דער משה אָבער זאָל בפירוש זיין מכוון אויפן פעטער פון דעם קינדס טאַטן, אויפן דעם ברודער רב אָשר־זיסלס. יענע אָבער — ניין און ניין! און גאָר ניט ווי אין אַ מקום־קדוש, האָט איינער, וואָס איז ביי מענטשן באַרופן ווי אַ גדול, האָט ער גאָר מיט אַ חוזק געגומען מפרש זיין דעם צונויפפאָר דאָ פון יצחק און משה. באַקומען וועט זיך, האָט ער זיך צעחכמהט, אַ מין אַנדרוגינוס־נאָמען; קיין מאָל וועט מען ניט קענען וויסן אויף זיכער, נאָך וועלכן פון די צוויי ניפטרים איז דאָס קינד געוואָרן גערופן...

ניט אָפּגעשראָקן זיך אויך פאַר די עשׂרת־ימי־תּשובה, אין די געציילטע טעג ערב דעם יום־הדין, איז נאָך איינער אַ ניכבד אַרויס פשוט מיט אַ הלצה. חכמהן האָט ער זיך געגומען וועגן עפּעס אַ פאַרפאַלק וואָס זאָלן זיך האָבן געאַמפּערט וועגן דעם נאָמען פאַר זייערן אַ ניי־געבוירן יינגל. טענהט די פרוי, אַז ער זאָל הייסן הירשל, נאָך איר טאַטן עליו־השלום. איז אויף דעם נאָמען מסכים אויך איר מאַן, אָבער דאָס וועט זיין נאָך זיין טאַטן, וואָס האָט אויך געהייסן הירשל. איז געקומען די מחלוקת צום רב. פרעגט ער, וואָס איז געווען דער פרויס טאַטע. זאָגט מען אים, אַ שוסטער. און דיין

טאַטע? ווענדט ער זיך צום מאַן. אַ שניידער, ענטפערט ער. איז דעם רב איינגעפאַלן אַן עצה, אַז הייסן זאָל דער בן־זכר הירשל, אָבער דערווייל נאָר סתם, אָן אַ נאָך־ווערמען. וואַקסט ער אויס אַ שוסטער, איז מן השמים אַז זיין נאָמען איז נאָכן זיידן מצד דער מאַמען, און אויב אַ שניידער — נאָכן צווייטן זיידן...

צו אַ ברעג איז אין בית־מדרש דער שאַרפער שפּאַר דערגאַנגען ערשט מיטן אָנקום פון בעל־ברית אַליין, דער זון פון רב אָשר־זיסלען און טאַטע פון דעם ניי־געבוירן קינד. געהאַט געלאָפן איז אים דער שמש ברענגען, אַרויסהעלפן זאָל ער דאָ זיין טאַטן ביי אַזאַ שטאַרקן צד־שכנגד. האָבן איצט די מענטשן פון אים גאָר דערהערט אַז רב אַהרן־שלמה, דער צוויי־טער זיידע פון זיין ווייב, דער יולדת, האָט זיך דערשפּירט זייער שלאָף און מוז ליגן אין בעט. וועט ער היינט ניט קאָנען זיין דער סנדק אויפן ברית... האָט באַלד אַ שיין געטאָן אַן אויסוועג אויף מפייס צו זיין רב אָשר־זיסלען. מיט דער פולער הסכמה פון זיין שווער און די אַנדערע מחותנים האָט דער זון מכבד געווען דעם טאַטן, אַז דער סנדק זאָל זיין — ער, רב אָשר־זיסל.

איז שוין ביים אָנהייב פון נייעם יאָר רב אָשר־זיסלען צוגעפאַלן אַ גאָר גרויסער כבוד, דער חשובסטער כבוד אויף אַ ברית. ער וועט עס זיצן אויף דעם כסא־אליהו־הנביא, און דאָס קינד בעתן מל זיין — אויף זיינע קני... און ווי אַ סנדק איז ער דאָך פּטור פון דעם היינטיקן תענית, צום גדליה, וואָס איז דעם יאָר אַ נידחה, אָפּגעלייגט פון נעכטן, פון שבת. וועט ער מעגן עסן און ניט זיין אָפּגעשוואַכט. כּוחות אַזוי פיל האָט ער געלאָזן ביים עמוד ראש־השנה, און יום־כיפור פאָדערט נאָך מער... דער עיקר אָבער — די מיצווה. סנדקאות, אַזאַ מיצווה, און אין די עשׂרת־ימי־תשובה, אויף דער שוועל פון דעם יום הקדוש והנורא, אין די טעג וואָס דעם מענטשנס מעשׂים ליגן אויף דער וואָגשאָל און יעדע צוגעקומענע מיצווה קאָן ברענגען צו אַ הכרעה לטובה!

## אַ נס

דער חשובער כּיבוד וואָס רב אָשר־זיסל האָט באַקומען אויפן ברית, האָט אים אָבער דאָך ניט געלאָזט שטילן דאָס האַרץ. בשום אופן האָט ער ניט געקענט באַנעמען די אײַנגעשפּאַרטקייט פון זײַנע מחותּנים וועגן נאָמען פאַרן קינד. אַזוי אַכזריותדיק זיך אָנגעזעצט און אַוועקגעריסן אַן אָנדענק פון זײַן פאַרשטאָרבענעם ברודער, דעם ערירי, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט אָן אַ קינד!

געטריבן פון רוגזה, איז רב אָשר־זיסלען אָנגעשפּרונגען אויפן זינען אַ טענה־ומענה וואָס איז פאַרלאָפן בײַ אַ ברית שוין מיט יאָרן צוריק. אַ סיכסוך איז געווען אויפגעקומען מיט אַ סנדק וועגן זײַן זכות, וואָס פאַר אַ מין רעכט געהערט צו אים. האָט דער רב פאַרן פּסק־דין אויסגע־לייענט הויך פון אַן אַלטן ספר וואָס שרײַבט, אַז אויב די סנדקאות איז געוואָרן צוגעטיילט פון דעם אַבי־הבן אַליין, פון דעם בעל־ברית, האָט דער סנדק דעם זכות־הבכורה אויף אויסטיילן די אַלע אַנדערע כּיבודים, אים ווערט דאָ געגעבן די שׂררה, כּדומה למאַרשאַלעק.

האָט ר׳ אָשר־זיסל בפירוש ניט נאָכגעלאָזן פון זײַן זכות, ניט כּהוא־זה. פון דעם צונויפגעקומענעם עולם בײַם ברית האָט ער מיט אַן אָנגעשטרענגט אויג גענומען אַרויסזיפן די קרובים פון זײַן משפּחה, און נאָר זיי אויסגע־טיילט די כּיבודים. די פאַרביסנקייט זײַנע האָט ממש געריסן די אויגן. אַ קרוב פון דעם צווייטן צד האָט אַפילו געלאָזט פאַלן:

— בחרבי ובקשתי, מיט שווער און בויגן... ווי רב אָשר־זיסל איז עס אַרויס אויף נקמה!..

באַזונדער קרום האָבן מענטשן געקוקט אויף רב אָשר־זיסלען פאַר זײַן אויסזוכן דאָ צוויי יוגנטלעכע, אַ זי און אַן ער, פאַר דער קוואַטערשאַפט. דער חצופישער הילוך פון דער מיידל איז פּשוט געווען אַ חרפּה. צו דעם קורצן קליידל און דורכזיכטיקע זאָקן, זײַנען בײַ איר כּמעט ניט געווען צו זען קיין אַרבל. און בײַ איר לאָזן זיך איבערצונעמען דאָס קינד, האָט די פרוי פון רב אָשר־זיסל קוים באַוויזן איר אַרויפצוואַרפן אַ ברייטערע שאַל, איבערצודעקן די הפקר־נאַקעטע אָרעמס. און דער בחור, אויך אַ

קנאַפּער לײַט. הײַנטוועלטיק אָנגעטאָן און באַהאַנגען מיט אַ פֿאָטאָ־אַפּאַראַט, און דער קאָפּ פֿאַרוואַקסן מיט קודלעס, ווי בײַ די מאָדערנע חברה־לײַט. האָט אָט דער תּכשיט, באַלד ווי ער מיט דער מיידל, זײַן קוואַטערפֿאָר, האָבן אַוועקגעלייגט דאָס קינד צום מל זײַן, האָט ער זיך גאָר ברייטלעך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. מיט חרפּה האָט אים דער עולם געגעבן אַ הייב:

— ווייס גאָרניט אַזאַ יונגער־מאַן אַז צו אַ ברית קומט אליהו הנביא? שוין פֿאַר אים אויך ניטאָ קיין דרך־ארץ?

די בזיפּה צו זײַן קרוב האָט קלאָר אויך געהערט רב אָשר־זיסל, וואָס איז שוין געזעסן אויף דעם כּסא־של־אליהו און דאָס קינד אויף זײַנע קני. צו זײַן אויער האָבן זיך אָבער שפּעטער אַ ווײַלע דערטראָגן אויך אַנדערע ווערטער וואָס זײַנען אים דווקא געווען צום האַרצן. בײַ די ברכות און תּפילה נאָך דער מילה, האָט דער שמש פֿון שכנותדיקן בית־מדרש, אַלט און שווערלעך אויף דער שמיעה, האָט ער ניט דערהערט דעם נאָמען וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם קינד. פֿרעגט ער שרײַיק בײַ די אַרומיקע. ענטפֿערט מען אים אין אויער אַרײַן: יצחק־משה. שאָקלט ער מיטן קאָפּ און מורמלט אונטער:

— הרב יצחק־משה, הרב... וואָס, זיי וועלן אים ניט אַרײַנזעצן?..

פֿאַרפֿלויגן ווערט שוין פֿון רב אָשר־זיסלען דאָס לעצטע פּיצל מחשבה וואָס האָט אים נאָך געדריקט. געהאַט האָט ער איבערגעטראַכט, אַז אפשר־אפשר איז גאָר געווען אַן אומרעכט אין זײַן שפּאַרעניש וועגן דעם נאָמען פֿאַרן ברודער. ניין טאַקע, כאַפּט ער זיך, אַזעלכע זײַנען זיי, דער מחותּן און זײַן משפּחה — אַרײַנזעצן, אַרײַנשפּאַרן, אַרײַנרײַסן זיך. וואַרפֿן זיי אַן אויג אויף אַ וואַרעם ערטעלע, אַ קהלשע התמנות, איז די שטעלע באַלד פֿון זיי פֿאַרכאַפּט. און בײַ אַ רבנות, ווערט זייער קאַנדידאַט אויסגעפּויקט ווי דער גרעסטער מורנו, אַ גאון שוין בעתן געבוירן ווערן, און מען זעצט אים אַרײַן.

ווי ווײַט דער תּשרי, און דאָס גאַנצע אָנהייב יאָר, פֿאַרנעמט זיך בײַ אים אויך הײַנט אויף גוט, האָט רב אָשר־זיסל דערזען באַשײַמפּערלעך בײַם ענד פֿונעם ברית. אַרײַנגעלאָפֿן איז איינער און גענומען דערציילן

אַז דער זיידע פון דער יולדת, רב אַהרן־שלמה, וואָס האָט זיך שוין פאַר טאָג געשפּירט ניט גוט, איז אָפּגעפירט געוואָרן אין שערי־צדק־שפּיטאָל. און די דאָקטוירים דאָרטן זאָגן, אַז נאָר רחמי־שמים... ווערן די ייִדן דאָ געבעטן, אַז אין שמונה־עשרה זאָל יעדער איינער אויך זאָגן די באַזונ־דערע תּפילה פאַר אַ רפואה שלמה, און דערמאָנען דעם חולה אַהרן־שלמה בן רחל־מרים — ווי עס איז נהוג אָנצורופן דעם מענטשן אויף דעם נאָמען פון זײַן מאַמען, בײַם אויסבעטן פאַר אים רחמים.

— דער חולה הייסט אויך חיים! — האָט אַרײַנגעשריִען דער אַלטער שמש — מיט אַ וואָסער יאָר צוריק בין איך געווען אויף זײַן חופּה מיט דער איצטיקער ווײַב, איך האָב זיך אונטערגעשריבן אויף דער כּתובה און געזען געענוי זײַן פולן נאָמען, חיים־אַהרן־שלמה.

שווינדלען האָט גענומען רב אָשר־זיסלען פאַר די אויגן, און די פיס האַלטן ניט. כאַפּן אים מענטשן אונטער, זעצן אַוועק און טונקען זײַנע אָפּ־געלאָזענע פינגער אין קאַלטן וואַסער... נאָך שווערלעך דער אָטעם, נעמט ער זיך אָפּגעבן אַ חשבון אין דעם געפלאָנטער בײַ דעם באַשטימען הײַנט דעם נאָמען פאַר דעם נײַ־געבוירענעם. צעשעפּטשעט האָט ער זיך:

— אַ־אַ נס, ח־חיים... ווען ניט דער גאַנצער סיכסוך, וואָלט דאָס קינד דאָך געהייסן משה־חיים, און חיים איז אָט דער נאָמען אויך פון אַ לעבע־דיקן זיידן, און גראָד אַ חולה מסוכּן!.. אַ נאָמען בײַ אונדזערע ייִדן נאָך אַ לעבעדיקן מענטשן, איז דאָך אַ טויט־קללה, ווי ער וואָלט שוין געווען אַ הלך־לעולמו... אַל תּפתּח פּה לשׂטן, ענדיקן זאָל זיך, חס־ושלום, בײַ דעם חולה ניט גוט, וואָלט זיך דאָך דער נאָמען חיים גערעכנט — רציחה... מן השמים האָט זיך עס אויסגעדרייט, וואָס אַן אַנדער נאָמען. אַ זכות איז מיר דאָ בײַגעשטאַנען, אַ זכות אַ גאָר גרויסער... אַ נס שוין בײַם אָנהייב יאָר, אין די ערשטע טעג פון תּשרי, און אַזאַ נס... קומט טאַקע אַ גוט יאָר!

## אַ שידוך

אֵין־לשער איז געווען די געהויבענע שטימונג בײַ רב אָשר־זיסלען מוצאי־יום־כּיפּור, אין דעם אָוונט נאָכן תּענית. בײַ טאָג, נאָך זײַן מוסף פאַרן

עמוד, האָבן מתפללים אַזוי פיל אים געפּאַטשט אין דער אַלטער פּלייצע, און צום יישר־כּוח האָט ער פון אַלע זײַטן אויך געהערט: אָן עין־הרע, אָן עין־הרע! אַ גאָר באַזונדערן כּוח בײַם עמוד האָט ער געוויזן פאַר נאַכט. אין דער נעילה זײַנער האָבן מענטשן אַפילו אײַנגעפונען אַ מתיקות אין זײַן וויינען. איינער האָט בפירוש געזאָגט:

— די בכיות אײַערע, רב אָשר־זיסל, האָבן מיר ממש פאַרלײַכטערט דעם תּענית!

ניט גאָר שווער איז דער תּענית אַריבער אויך אים, דעם זקן. האָט ער נאָכן אָפּפאַסטן שוין געמאַכט דעם אָנהייב פון צונויפשטעלן די סוכּה, אויף דעם נאָענטן יום־טוב. און אויף מאָרגן, ממחרת יום־הכּיפּורים, איז ער געגאַנגען גאַנץ פרי אין בית־מדרש אַרײַן. אָפּגעהיט האָט ער צו פעדערן זיך צום דאַווענען אין דעם טאָג, ווי דער מינהג, כּדי צו פאַרלויפן אַ וועג דעם שׂטן. דער אָ בעל־דבר האַלט דאָך אין איין זוכן חטאים. ווען ייִדן הײַנט צום דאַווענען שוין ניט אויפשטיין אַזוי פרי ווי נעכטן, גיבן זיי אַליין אים אַרײַן אַ פּיתחון־פּה. גלײַך איז ער דאָ מיט אַ טענה פאַרן רבונו־של־עולם. זעסטו שוין — וועט זיך אָט דער קטיגור צעדרשענען — זע טאַקע, ווי דו, גאָט, קאָנסט גלייבן די ייִדן דײַנע מיט זייערע תּפילות און דעם תּענית, און ווי דו געטרויסט עס זייער תּשובה טאָן, און ווי דו נעמסט אָן זייערע טרערן. אָט אַריבער נאָר דער יום־כּיפּור, אַהאַ, ליגן זיי זיך שוין רויִק אין די בעטן און פּאָפּן!..

עטלעכע שעה נאָכן דאַווענען האָט רב אָשר־זיסל מיט זײַן ווײַב זיך שוין גענומען גרייטן צו אַ שׂימחה. אַ תּנאים בײַ אַן אייניקל, דער בכור פון זייער צווייטער טאָכטער! פון די מצויינים אין דער ישיבת־מיר, די באַרימטע ישיבה פון ירושלים, איז דער בחור. און זײַן טאַטע, זייער אײדעם, איז פון אַ משפּחה גבאים אין די כּוללים און אַליין אויך אַ ממונה אין אַ גרויסן מוסד. גאָר פון אַן אַנדער סביבה איז די כּלה. פון אַמעריקע קומט זי און איז אַ טאָכטער פון קנאַפּ־פּרומע עלטערן. געלערנט האָט זי אין אַן אוניווערסיטעט ניט ווײַט פון איר היים, און זיך אויסגעצייכנט אין די לימודים. האָבן אָבער אויף איר געוואָרפן אַן אויג סטודענטן הפקרניקעס,

עפּעס אַ חברה הולטייַעס, און זיך געגומען צו איר. איז זי שוין אָט־אָט געוואָרן אַרייַנגעצויגן אין זייער געזינדל. ביי אַזאַ סכּנה, האָבן טאַטע־מאַמע געפּאָלגט אַן עצה און זי געשיקט לערנען קיין ישׂראל.

גאָר גיך האָבן די עלטערן ווידער באַקומען אַן עגמת־נפש. ידיעות זייַנען דערגאַנגען, אַז די טאָכטער האָט זיך אין ירושלים צונויפגעחברט מיט עפּעס ווילד־פּרומע — און איבערגעבראָכן מיט איר גאַנצער דערציִונג. אויף דעם פאַרלאַנג פון טאַטע־מאַמע, זי זאָל זיך צוריקקערן אַהיים, האָבן זיי באַקומען פון איר בריוו מיט באַדינגונגען אויף באַדינגונגען. אַ בפירושן צוזאָג פאָדערט זי, אַז די קיך אין שטוב וועט ווערן געכּשרט, און כּלים אַ סך אַרויסגעוואָרפן. אַלץ זאָל זייַן שטרענג כּשר. אַניט, טרעט זי ניט אַריבער זייער שוועל. פון טאַטן האָט זי פאַרלאַנגט נאָך התחייבותן. שבת זאָל ער ניט עפענען זייַן געשעפט, גיין זאָל ער אין סינאַגאָגע... מיט אַ מאָל האָבן אויך די בריוו אויפגעהערט צו קומען. ביז איין טאָג, מיט אַ וואָכן צוויי צוריק, האָט זי טאַטע־מאַמען טעלעפאָניש אַרויסגערופן צו איר תּנאָים. זייַנען זיי שוין דאָ. און אייַלן זיך צוריק. קומט עס פאַר די שׂימחה גלייַך נאָך יום־כּיפּור, און אין מיטן טאָג.

דער כּבוד פון זיצן בייַם תּנאָים לעבן דעם אַמעריקאַנער מחותּן, איז רב אָשר־זיסלען באַלד ניט געוווען צום האַרצן. אַן אַ סימן באָרד איז ער, דער אַבי־הכּלה. באַקן און מאָרדע גלאַנצן, ממש אָפּגעשקראָבעט; אַן אמתער גילוח. און די הענט הערן ניט אויף צו טאַפּן די יאַרמלקע, וואָס האָט זיך דאָ ווי אָנגעזעצט אויף אַ קאָפּ אַ ניט־געוווינטן צו זייַן באַדעקט. דורך די דיקע האָרנברילן זייַנען די אויגן אַרייַנגעלאָזן כּמעט נאָר אין דעם גראָבן ציגאַר וואָס איז פאַרקוועטשט אין זייַן מויל. און זויגט פון אים מיטן גאַנצן זויער פון פּנים. אין דער פאַרריסענער פּרעמדקייט וואָס בלאָזט פון אים צו די אַלט־ירושלימער, טוט ער זיך באַזאַכט אַ קער צו זייַן שכן, רב אָשר־זיסלען, און ווי פון יוצא וועגן וואַרפט ער אים צו אַ וואָרט:

— ווי לעבט זיך אייַך, זיידע? אייַער פּרנסה וואָס איז געוווען?

— איך בין ביי מייַן בעקערייַ אויף הייַנט, ברוך־השם.

— אַ ביזנעסמאַן!.. — פּאַלט אַרייַן אויפלעביק דעם אַמעריקאַנערס

האַנט אין דעם אַלטנס מיט אַ גאָר נײַעם און ברייטן שלום־עליכם — קאָנען מיר ריידן ווי אייגענע... ביַים אַרײַנגיין אין אַ ביזנעס, זאָג איך אַלע מאָל, טאָר מען ניט האָבן די נאַטור פון אַ שלעכטן אָנווערער, אַ בעד־לוזער, ווי מען רופט אַזאַ איינעם ביַי אונדז אין אַמעריקע. אויסקוקן דאַרפסטו טאַקע אויף דעם פעטן ריווח, אָבער זיַי אויך גרייט אויף אַן אויסגליטש...

זויגט זיך ווידער אַרײַן דער מחותּן אין זיַין ציגאַר. און רב אָשר־זיסל באַנעמט שוין קלאָר באַטיַיטלעך די וויטיקדיקע בליקן פון דעם אַמעריַי־קאַנער צו זיַין טאָכטער, דער כּלה, וואָס זיצט אויף דער צווייטער זיַיט צימער, ביַי דעם וויַיבערשן טיש; און וואָס כּמעט ניט צו דערקענען זי אין איר אָנטו און גאַנצן אויסזען. געבוירן ווי זי וואָלט געוועזן גאָר אין דער גאָטספאָרכטיקער און אַלטמאָדישער שכונה... צו דער פרוי זיַינער, וואָס זיצט ביַי דער זיַיט פון דער טאָכטער, וואַרפט זיך זיַין אויג אויך מיט אַ שטרייַ־טיקייט. זי איז עס אַ פּנים דער בעד־לוזער, וואָס קען נאָך ניט איַינגיין אויף דעם שידוך, און אַ שאַרפער דערווידער האָלט נאָך אָן צווישן זייביידן, טאַטע־מאַמען. זי, די אַמעריקאַנערין, ברעכט אויך איר פאַרביסענעם שוויַיגן. ווי באַליידיקט פאַלן אַלץ אירע אָנגעלאָדענע בליקן אויף דער אַלטער וואָס מען האָט אַוועקגעזעצט דווקא לעבן איר. די באָבע פון חתן איז זי, און איר מאַן זיצט עס אויך לעבן איר. גדלותדיק זיַיט די ליידי אַרויס:

— ווי אַלט, באָבעשי?

אין איר קליַיבן צדקה טרעפט זיך די פרוי פון רב אָשר־זיסל מיט די גאָר געלערנטע און איידלסטע גבֿרות אין די געהויבענע שכונות פון ירושלים. קלינגט איר די שאלה פון דער מחותּנתטע טעמפּ ממש און נאַריש. מיט אַ שמייכל הייבט אויף די אַלטע אַן אָרעם און צעעפנט אין גאַנצער ברייט דעם האַנטפלאַך:

— מיַינע יאָרן... געננו אין זעלבן עלטער מיט אָט דעם קליינעם פינגערל...

פון דעם געלונגענעם ענטפער שעפּט אַ באַזונדערן נחת רב אָשר־זיסל. אַחוץ דער פּיקחות פון זיַין פּלונית, פאַרגעסט ער ניט אַז יעדע נאָר הצלחה

אין תּשרי, דעם ערשטן חודש, איז אַ גוטער סימן פאַר דעם מענטשן אויף דעם גאַנצן יאָר. דער געכאַפּטער אָפּשניט פון דער אָנגעצויגענער אַמע־ריקאַנערין האָט בײַ ווײַבער דאָ נאָך מער צעברייטערט אויף איר זייערע אויגן. פעסטער נעמען זיי זיך אַרויסצושיילן אויך איר עלטער. ווי אַ מחותּנתטע האָט זי קענטיק יע פאַרשטאַנען, אַז אין דער שכונה פּאַסט זיך צו זײַן אָנגעטאָן צניעותדיק, ניט אַזוי מאָדערן. אין אַ שיינקייט־סאַלאָן, ווייס מען אָבער, איז זי הײַנט געווען. הילכט אָפּ גאַנץ קלאָר אַ שושקע פון איינער אַן אַלטיטשקער צו אַ צווייטער:

— אַן אויסזען זיך געמאַכט!.. כאָטש מיין, אַ יִונגערע שוועסטער פון דער כּלה, איר טאָכטער...

דעם שאָס פון ניט־הימלעכן געלעכטער פּרוּווט צו פאַרטרײַבן אַ יִונגערע פרוי. אַ מעשׂה נעמט זי דערציילן מיט אַ מיידל פון זייער שכונה שערי־חסד, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ בחור פון דער שכנותדיקער טאַלבּיִע, און דאָרט איז זייער דירה. אין יענער אָ גדלותדיקער סביבה, איז איר שוין ווייניק דער טאָג אויף אַרומלויפן איבער די געשעפטן פון די מאָדעס און צו די שנײַדערקעס. אַ גאָר אָפּטע באַזוכערקע איז זי אויף די „מאָדע־שאַוען", וואָס מאָדעלקעס פּאַזירן דאָרט מיט די נײַסטע פאַסאָ־נען. און צוריקקוועגס פון אַזעלכע אָנקוקענישן, שפּרינגט זי שוין אַרײַן אין איר אַלטע שערי־חסד צו אַ געוועזענער חברטע, און מיט אַ פאַרצווייפלט קול:

— איך בין נאַקעט און באָרוועס!..

— נאַקעט און באָרוועס... — ברעכט דורך אַ קרעכץ די שטוב — אָט אַזוי ווערט מען אויך בײַ אונדז אויסגעטאָן פון יִדישקייט, אָפּגעקערט פון דעם אַלטן ריכטיקן דרך...

**מיר זײַנען גבאים**

נאָך דעם ברייטן עפענען די טיר, האָט די אַמעריקאַנער פּאָר פאַר־שטאַנען אַז חשובע געסט קומען דאָ אָן צו דעם תּנאים פון זייער טאָכטער.

דרײַ יונגע־לײַט מיט בײַכער וואָס שפּאַרן יוסט פון אונטער די שיינע קאַפּאָטעס, און בערד הערלעך־פּײַערלעך צעקאַמט. אין די טריט זייערע די האָפּערדיקע, אויך דרײַ פּרויען, באַהאַנגען מיט צירונג און באַגאָסן מיט שׂימחהדיקן שמייכל. אין נעמען דעם שלום־עליכם פון דעם ערשטן מאַנצביל, האַלט אים נאָך דער אַמעריקאַנער מחותּן פּעסט די האַנט און שטעלט אים צו אין פּנים אַרײַן זײַן זייגערל.

— ניט נאָר דער קלימאַט איז אַנדערש בײַ אײַך אין ישׂראל. אויך דער מענטש. שוין געהערט ווי מען איז דאָ ניט קאָרעקט אין ביזנעס. און אָט זע איך כּסדר ווי מענטשן הייבן ניט אָן צו וויסן וואָס צײַט איז...

אַז צײַט איז געלט — גיט באַלד דער אַמעריקאַנער אַ וואָרף אַ חשבון, וויפל דאָלאַרן אים קאָסט אַרײַן יעדער טאָג, און אַפילו יעדע שעה פון זײַן פאַרברענגען אין ישׂראל. און אין די הוצאות פון דער נסיעה פאַרגעסט ער ניט אַרײַנצורעכענען דעם גרויסן געלט־היזק פון ניט בײַזײַן אַזוי פיל טעג אין די ביזנעס.

מיט אַ פאַרגיביקן שמייכל שאָקלט מיטן קאָפּ רב אָשר־זיסל, דער זיידע פון חתן, וואָס זיצט די גאַנצע צײַט לעבן דעם אַמעריקאַנער, און שטעלט אים פאָר נאָך איינעם פון די אַרײַנגעקומענע:

— און דעם שלום־עלכם באַקומט איר, רב מחותּן, פון אַ שני־בשני, אַ שוועסטערקינד פון דעם חתנס טאַטן, און ער איז עס דער ערב־קבלן.

הייבט דער מחותּן טרוקן מיט די פּלייצעס און קאָן אַפילו ניט איבער־זאָגן ריכטיק דאָס וואָרט ערב־קבלן. דערקלערט אים רב אָשר־זיסל, אַז בײַ תּנאים ווערן דאָך געשריבן פּונקטן וואָס יעדער צד נעמט אָן אויף זיך, צום באַזאָרגן די יונגע פּאָר. וועט אָט דער קרוב מיט זײַן חתימה ווערן דער ערב־קבלן, וואָס נעמט דאָס אַחריות פאַרן ממלא זײַן בשלמות די אַלע אָפּגערעדטע התחייבותן מצד החתן.

פון די רייד פאַרשטייט נאָר דער אַמעריקאַנער צו פרעגן בײַ דעם גאַראַנט און בײַ די אַנדערע צוויי געסט וואָס שטייען נאָך אַקעגן אים:

— טאָ וואָס זײַנען אײַערע ביזנעס, די ביזנעס פון אײַך יעדערן?

— מיר זײַנען גבאים — ענטפערן זיי.

— אָבער אייַער פּרנסה? — פּאַרטייַטשט ער זייַן שאלה.

— מיר זייַנען גבאים, עסקנים אין כּוללים און מוסדות — צעקייַעט איינער קלענער.

— איז דאָך פון מיצווה וועגן, אָדער כּבוד, ווי עס האָט זיך געפירט אין דער אַלטער היים. אָט אַן עסקן אָדער גבאי ביַי אונדז אין ווילנע, און אויך הייַנט אין אַמעריקע... פון וואַנען אָבער לעבט איר, ציט חיונה?

— מיר זייַנען גבאים, באַקומען די גבאות בירושה, אין נדן — ווילן שוין די ייִדן ניט הערן וואָס דער מיסטער נודיעט.

איז שוין דער מענטש אַרייַן אין זוכן חסרונות, צערעדט ער זיך ברייטער, און פאַר דער גאַנצער שטוב. ניין, ער איז גאָרניט אַזוי טעמפּ אין די ענינים פון דעם אַלטן ייִשוב. משמעות זיך אויך אָנגעלייגט וועגן דעם לעבן בכלל דאָ אין לאַנד. צום ערשטן מאָל איז ער מיט זייַן ווייַב אין ישׂראל, דערציילט ער, און ביַי זייער קורצן באַזוך שוין אַ ביסל אָנגעזען. האָט ער אין צפֿת אַ פרעג געטאָן אין האָטעל:

— ווו קאָן מען דאָ זען די מקובלים?

— שוין ניטאָ אין צפֿת קיין מקובלים — האָט אַ שמייכל געטאָן דער בעל־הבית — מקבלים, אָט זיי קאָן מען דאָ טרעפן בשפע...

אין אָפּשיי פאַרן אורח, און נאָך אַ בעל־שׂימחה און מחותן, איז זיך אויך רב אָשר־זיסל מתגבר מיט צושווייַגן און שמייכלט אַפילו צו אויף דעם באַקאַנטן חכמהלע וועגן די מקובלים. איז אָבער דער אַמעריקאַנער באַלד אַרויף מיט פייַער אויף דער חלוקה, אויף דער אויסהאַלטונג וואָס די כּוללים באַקומען פון דעם געזאַמלטן געלט ביַי ייִדן איבער דער גאַנצער וועלט. צדקה־געלט הייסט ביַי אים די חלוקה, צוגעוואָרפענע נדבות פאַרן אַלטן ארץ־ישׂראלדיקן ייִשוב. פאַרשטיין קען ער ניט, ווי אַ לעבן פון אַן עדה אַ גאַנצער איז שוין פון דורות אַזוי אייַנגעשטעלט...

די אַנדערע ייִדן ווילן גאָרניט אַרייַן אין וויכּוחים מיט דעם אָדון. די עטלעכע טעג וואָס ער איז אין לאַנד, הערט מען, האַלט ער אין איין דרייען מיט דער נאָז. און אַ דאָלער פון אים האָט נאָך קיין מוסד ניט אָנגעזען. מען ווייסן אויך אַז ער איז געוועזן אַרייַן אין שטוב פון אַ גרויסן למדן,

איבערצוגעבן אים אַ גרוס פון אַן אָרעמען קרוב אין שיקאַגאָ. ביי דער געלעגנהייט האָט דער ייִד אַ פרעג געטאָן דעם גאַסט, אויב ער וואָלט אים געקאָנט העלפן מיט צושיקן במתנה דעם גאַנג ספרים „שׂדה חמד", וואָס ווערן געדרוקט אין אַמעריקע און זײַנען אים זייער נייטיק. האָט דער אַמע־ריקאַנער אַ וואָרף געטאָן אויגן אויף דעם מעבל אין שטוב און אויף נאָך זאַכן, און אין טיר געגעבן אַ זאָג אַז ער זעט ניט פאַר זיך קיין ניצרך... היינט גיי דערקלער אַזאַ איינעם, אַז לויטן רמב"ם, אויב אַפילו אַ מלך וואָס איז צו קורץ אין סכומים אויף אײַנצושאַפן זיך אַ מרכבה, אַ מלכותדיקן רײַטוואָגן — רעכנט ער זיך אויך אין דער בחינה פון אַ ניצרך.

אין ניט ענטפערן דעם מחותן זעט רב אָשר־זיסל ווי אַ פגיעה בכבוד פון דעם מענטשן, אים שטעלן פשוט אין ביוש. גורט ער זיך אָן, דער אַלטער, מיט סבלנות און וויל אין זײַנע רייד אויך אויסמײַדן אַ האַרבערן וואָרט... פּאַטערלעך נעמט ער אָן די האַנט פון דעם אַמעריקאַנער און דער שמייכל צו אים איז ממש דערציִעריש. אויסוואָרצלען וויל ער דאָ, דער אַלטער, אַ טעות, אַ טעות אַ טיפן ביי אַ סך־אַ סך, וועגן דער חלוקה. קיין רמז לאָזט ער אָבער דערבײַ ניט פאַלן, אַז פאַר די איבער זעכציק יאָר פון זייער משפחה אין ארץ־ישׂראל, האָט ניט ער און אויך ניט זײַן טאַטע גענומען חלוקה־געלט און נהנה געווען פון אַ כולל.

— די חלוקה איז ניט קיין צדקה. אַזאַ פסק־דין האָבן גאונים אַרויס־געטראָגן שוין מיט יאָרן און יאָרן צוריק. געווען מעשׂיות מיט טענות אין די כוללים קעגן מענטשן וואָס זײַנען געוואָרן פאַרמעגלעך, און אַפילו רײַך, און אַלץ ניט געוואָלט מוותר זײַן אויף דער קיצבה. האָבן די גדולי־הפוסקים אין דער שאלה קובע געווען, אַז די קיצבה פון די חלוקה־געלטער איז ניט בגדר צדקה אָדער תמיכה, נײַערט בגדר שׂכירות, ווי אַ מלך צאָלט זײַנע חיילות. די ייִדן פון גלות שיקן, הייסט עס, סכומים פאַר דער מיש־מרת־הקודש, פאַר די וואָס האַלטן אויף דעם יישוב אין ארץ־הקודש. און דאָס געצאָלט האָט ניט קיין שײַכות מיט פערזענלעכן פאַרמעגן. וויל איינער מוותר זײַן אויף דעם געלט, איז זײַן זאַך, און תבוא עליו ברכה.

בלענדיק באַוועגט זיך דער אָפּשטראַל פון בריליאַנט אין דעם רינג

אויפֿן פֿינגער פֿונעם מחותּן, וואָס טרייסלט בייזלעך אַרונטער דאָס אַש פֿון זײַן גראָבן ציגאַר. ניט געלונגען, הייסט עס, איז אים אין אויסזוכן פּגימות אויף דעם צד החתן מיט דעם גאַנצן אַלטן יישוב... קומט ווידער אַ טיפֿער זויג פֿון ציגאַר און דער אַמעריקאַנער נעמט דערציילן ווי אין אַ חיפֿהער האָטעל האָט מען אים צוגעשטעלט אַ געשוואָלענעם חשבון. און אַרײַן אין אַ געשעפֿט קויפֿן, זײַנען די פּרײַזן פֿעפֿערדיקע, און דער קרעמער האָט אים פֿאַרדרייט אין איבעררעכענען די דאָלאַרן אויף לירות. אין ירושלים, ווידער, האָט מען אים אָט־אָט שוין געהאַט אַרײַנגענאַרט אַ מיגרש גאָר אָן אַ ריכטיקן אייגנטימער...

— און אַלץ האָט נעבעך געטראָפֿן מיט איין טוריסט אין טעג געצײלטע... — שאָקלט צו רב אָשר־זיסל איראָניש מיט זײַן שניי־ווײַסן קאָפּ — דערמאָנט זיך מיר יענע ייִדענע וואָס גיסט אויס איר האַרץ. מײַן מאַן, קלאָגט זי, קען דאָך אונדזער שטאָט ווי אַלע זײַנע צען פֿינגער, און האָט אַ קראַנקייט צו פֿאַרבלאָנדזשען. און יעדן מאָל דווקא אין אַ שענק...

— געלט, געלט... נאָר מיט דער פֿראָבע ווערט עס געלייגט דער חותם אויף ארץ־ישׂראל ; ווּ תּורה, ווּ קדושה !.. — האַלט שוין ניט אויס נאָך איינער פֿון די געסט, אַן עלטער־פֿעטער פֿון חתן — אפֿשר טאַקע ריכטיק, אַז בײַ אַ סך פֿון די טוריסטן איז ניטאָ ארץ און חוץ־לארץ, נאָר כּיס און חוץ־לכּיס ; די קעשענע !..

בײַ זײַן געזאַלצן שווײַגן, פּרוווט דעם אַמעריקאַנער אַרויסצוהעלפֿן זײַן פֿרוי. פֿון דעם ווײַבערשן טיש צעהילכט זיך איר שטים מיט אַן אויסרימעניש פֿון דער כּלה, איר טאָכטער. זי באַלעקט זיך פֿון אירע חכמות אין די קינדער־יאָרן. און אין סקול און אוניווערסיטעט האָט זי באַקומען אויסצייכענונגען. אַן אַרטיקל אירער איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ זשורנאַל, וועגן אַן ענגלישן גרויסן שרײַבער. און זי לייענט אַזוי גוט אין לאַטייִן, און איז בכלל אַ געראָטענע. זי זינגט אויך פֿון נאָטן און שפּילט קלאַוויר. הײַנט איר אויסנייען און איר שטריקן !

מיט לויפֿנדיקע קנייטשן איבערן שטערן באַטראַכט דער אַלטער די התפּעלותדיקע שוויגערײַ צווישן אַנדערע פֿון עולם. אָפּגעוואַרט אַ ביסל,

הייבט ער אָן באַזאָכט זיך אויסצוקוויטירן מיט דער גדלותדיקער מאַדאַם. אויף דער חתן, זײַן אייניקל, שטייט ניט אָפּ אין די מעלות.

— אײַער טאָכטער, זאָגט איר, האָט אָנגעשריבן אַ מאמר וועגן אַן ענגלישן שרײַבער; ווייסט איר וואָס פאַר אַ חיבור ס'האָט שוין דער בחור אויף דעם רמב״ם? באַהאַוונט איז אײַערע אויך אין לאַטײַן; קען אונדזערער תרגום. פון נאָטן זינגט זי; וואָלט איר געהערט זײַן קריאת־התורה, און די נביאים און מגילה, ווי עס לעבט אין זײַן מויל דער טראָפּ פון יעדן באַזונדער ניגון! פּיאַנע שפּילט די מיידל; בלאָזט ער, מײַן אייניקל, שופר. זי נייט אויס און שטריקט; קאָן ער אײַנמאַכן ציצית. און נאָך אַ טאָג, וועט איר זען די סוכּה וואָס ער בויט, און זײַן אויספּוצן! און אָט האַלט איך אין דינגען אַן אתרוג אַ יופי, אַ בחיר, און ווי נאָר איך קום דורך מיטן סוחר דעם יקרותניק, סאַראַ צאַצקע אַ שיידל ער פלעכט מיר אויס פאַר דעם לולב מיט די מינים, אָט דער חברה־מאַן!..

**ליידיס פּוירסט**

— זיי קומען שוין!.. דער חתן, אָט מיט חברים זײַנע, די בעסטע פון דער ישיבה! און מיט זיי דער ראש־ישיבה!

לעבעדיק ווערט אין שטוב. אין וואַרטן אויפן תּנאים גיבן זיך מענטשן אַ וואָרף צו די פענצטער. טיר שוין צעעפנט. באַלד זײַנען אַלע אינעווייניק. פּנימער צעלויכטענע און טריטעלעך אונטערטענצלדיק. דער חתן הויך און ברייטפּלייציק, זײַן אָנטו כּמעט מאָדערן, און קוים זעען זיך אַרויס די ציצית פון אונטערן שפּאָגל־נײַעם פּידזשאַק. אויף די פּיאותן דרייען זיך אַוועק צו דעם שמאָלן ראַנד פון קאַפּעליוש און רינגלען זיך באַהעלטיק אַהינטער די אויערן. ער גלעט זײַן בלאָנד בערדל, און די אויגן פרום פאַרגלאָצט. אין גאַנג שאָקלט זיך מיט יִראת־הכּבוד זײַן לאַנגער גוף איבער דער גע־בויגענער פּלייצע און ברייטן פּליושענעם קאַפּעליוש פון זײַן באַרימטן רבין. דער עולם שטייט אויף די פּיס לכּבוד דעם גרויסן גאון. מאַנצבילן נעמען אים לויפן אַנטקעגן מיט הענט אויסגעשטרעקטע צו אַ שלום־עליכם. די

שיינע ווײַסע באָרד און דער גאָר געהויבענער אָנזען גיבן אויך אַ הייב פון שטול דעם אַמעריקאַנער מחותּן און ער לאָזט זיך דעם אַלטן רבֿ אין פּנים אַרײַן מיט זײַן פאָטאָ־אַפּאַראַט.

— דרך־ארץ! — כאַפּט אים אָן בײַם אַקסל איינער פון די גבאים, און נאָך איינער מיט אַ געבייזער — אַזאַ זילזול, ביזוי־ביזיונות!!

— אַזוי פאָטאָגעניש!.. — קאָן דער מענטש ניט פאַרשטיין וואָס מען לאָזט אים ניט אַראָפּכאַפּן — אַ קאָמפּלעקציע אַ וווּנדערלעכע!..

העלפט אים אַרויס גאָר דער ראש־ישיבה אַליין. אַ מילדער שמייכל צעשטראַלט זיך איבער זײַן פּנים און די ברייטע אַרבל פוןביידע אָרעמס שאָקלען זיך מיט נאָכגיב. ער זעט ניט, זאָגט ער, קיין בפירושן איסור אין מעשׂה פאָטאָגראַפיע. און בײַ זײַן הײַטערער שטימונג גיט ער צו, אַז אין אַ בילד קאָן צו מאָל זײַן אויך אַ תּועלת, אַ נוצן...

און ווײַל עס איז שוין נאָך יום־כּיפּור, האַלט ער זיך ניט אָפּ צו דער־ציילן אויף אַ שׂימחה אַ מין מילתא דבדיחותא, אַ טשיקאַווער צופאַל מיט אַ פאָטאָ, וואָס האָט אים אַליין צוגעשפּילט. פון זײַן זיץ אויבנאָן, צערעדט זיך דער רבֿ בניחותא פון זײַנער אַ נסיעה טאַקע אין דעם לאַנד פון דעם מחותּן, אין אַמעריקע. מיט יאָרן צוריק, אַז ער האָט נאָך געפירט זײַן ישיבה אין פּוילן, אין דער געגנט פון באַראַנאָוויטש, אין דעם שטעטל מיר. האָט זיך איין צײַט דער חומרדיקער מצבֿ אין דעם מוסד זײַנעם ביטער פאַרערגערט. האָט אים די נויט געטריבן אַזש קיין אַמעריקע, געלט זאַמ־לען. אין ניו־יאָרק, ווענדט ער זיך געוויינטלעך אויך צום דזשוינט, אָט דעם באַרימטן הילפס־קאָמיטעט. נעמט אים דאָרט אויף דער דירעקטאָר קאָהן און הערט אויס פּרטים אויף פּרטים פון דער ישיבה, סאַראַ גרויסע און חשובֿע פעסטונג פון תּורה. ער דערציילט אים אויך וועגן די הונדערטער תּלמידים, צווישן זיי אַ סך, אַ סך עילויים, וואָס וואַקסן גאונים און וועלן זײַן, אם־ירצה־השם, די זײַלן פון ייִדישקייט און אַ כּבֿוד פאַר דעם גאַנצן פאָלק. און גלײַך באַלד האָט ער פאַרן דירעקטאָר גענומען אויסלייגן דעם טרויעריקן מצבֿ פון דער ישיבה אין חומר, וואָס איז דערגאַנגען עד כּיכּר לחם. די בני־תּורה הונגערן ממש, און גייען אָפּגעריסן, אַפילו אין די בגדים זייערע פון זאַק־לײַוונט. אַזאַ עלבון התּורה, אַזאַ ביזיון; תּורה, תּורה, חיגרי־

שק, גורט זיך אָן, תּורה, אַ זאַק!.. האַקט אים איבער דער אָדון הגדול און גיט אַ פרעג:

— קאָנט איר מיר, רבי, ווייַזן פּיקטשעס פון אייַער אינסטיטוציע, צו באַקומען אַן אייַנדרוק ווי זעט דאָרטן בייַ אייַך אויס?

איז טאַקע געווען גוט וואָס פאַרן זיך לאָזן דעמאָלט אין מרחקים, האָט ער, דער ראש־ישיבה, זיך צוגעהערט צו די רייד פון יודעי־דבר. מענטשן שוין געפּרוּווטע אין קלייַנע געלט האָבן אים געזאָגט, אַז אָן בילדער גייט עס ניט אין דער גרויסער וועלט. איז דער פאָטאָגראַף פון שטעטל אַרייַן אין דער אַרבעט. אַרונטערגענומען האָט ער דעם בנין פון דער ישיבה און יעדן איינעם פון די תּלמידים און אויך די אָנפירערס, און פון די אַלע בילדער צונויפגעשטעלט איין גרויסע קאַרטע, אַ מאָנטאַזש, ווי מען רופט עס. די אָ קאַרטע איז עס אין ניו־יאָרק געוואָרן אַוועקגעלייגט פאַרן דירעק־טאָר פון דזשוינט... טוט נאָר אַ לויף זיין הויכער בליק, און שוין אַ תּקיפער פּסק־דין:

— רבי, איר באַקומט בייַ מיר ניט קיין איין סענט.

דעם געפּלעפּטן אורח נעמט דער גרויסער שׂררה פאַר דער האַנט און הייבט אָן מיט אים צו גיין אַרום ווענט מיט אויסגעהאַנגענע בילדער. אויף איין פאָטאָ ווייַזט ער אַ לאַנגע ריי ייִדן אין וואַרשע, ווי זיי שטייען האַלב נאַקעטע אין טיפן שניי, אין די אויפגעלאָפענע הענט טעפּ און שיס־לען, וואַרטן אויף אַ ביסל זופּ אין דער דזשוינט־קיך. און אָט אין לובלין אַן אַמבולאַטאָריע פאַר קראַנקע און אַ קינדערהיים פאַר עלנטע יתומים. אין ווילנע, ווידער, בילדער ווי דזשוינט שטיצט הונגעריקע, קראַנקע, קינ־דער עלנטע און פאַרטיילט בגדים פאַר אָרעמע... נאָך אַ גאַנצער הקפה אַרום די ווענט מיט בילדער גיט דער דירעקטאָר אַ נעם פון זייַן טיש די קאַרטע פון ישיבה:

— און דאָ, רבי, האָב איך שוין מיטן ערשטן קוק דערזען בחורים אויס־געפּוצטע...

— שוין מיטן ערשטן קוק... — האָט אָפּגעשמייכלט דער רב — טאָ זייַט מטריח נאָך אַ מאָל אייַער קוק, און טיפער. דער גאַנצער אויספּוץ

פון די אַלע דריי הונדערט בחורים, זעט טאַקע, איז דאָך נאָר פון די זעלבע צוויי פּידזשאַקן, אַ גרעסערער און אַ קלענערער, ווי אויך פון די זעלבע צוויי היט און אייבערהעמדער. ביים פאָטאָגראַף אין שטוב איז דאָס אַלץ געווען צוגעגרייט, און צום אַרונטערנעמען האָט זיך יעדער איינער אויסגעפּוצט, לויט זיין מאָס...

דער פעטער דזשוינט־טשעק מיט יאָרן צוריק אין ניו־יאָרק, שמייכלט דאָ אויפן תנאים אַרויס אַ היתר פון דעם אַלטן ראש־ישיבה. ער האָט ניט אַפילו קיין התנגדות, אַז דער גאַנצער עולם זאָל זיך אויסזעצן און אויס־שטעלן און זאָל זיך מיט אים צוזאַמען פאָטאָגראַפירן...

די געהויבענע שטימונג ביי דעם אַמעריקאַנער מחותן פון דעם לאָזן אים בריית אַרבעטן מיט זיין פאָטאָ־אַפּאַראַט, איז אָבער צעהרגעט דורך זיין פרוי. זי פלאַמט, וואָס אין זיין ברעניקן אויפכאַפּן פּאָזעס, האָט ער זיך גאָרניט אומגעקוקט אויף דער אייגענער ווייב. ביי קיין איין בילד האָט מען דאָך זי ניט צוגעלאָזט זיך שטעלן לעבן חתן און מען האָט זי פון די מאַנצבילן צוריקגעטריבן צו דער זייט פון די פרויען!

נאָך מער אין רוגזה גייט אַריין די אַמעריקאַנער מחותנתטע ביי דעם געזאַנג. מאָדנע און ווילד זעען איר אויס די תנועות פון די בחורים וואָס צעזינגען זיך. פּאַמעלעך, און באַזאַכטער, נעמען נאָכהאַלטן אויך עלטערע. פּרווּוט זי אויך מיטזינגען. דערשפּירט זי פון דער טאָכטערס זייט אַ האַסטיקן צי ביים אַרבל, און פון אַרום אויגן אויסגעשטעלטע: אָסור! צו אַ מאַנצבילש אויער טאָר דאָך ניט דערגיין קיין געזאַנג פון אַן אישה... שרעקן זי שוין ניט אַזוי די צעוואָקסענע בערד און צעפּלאָשעטע פּיאותן פון מאַנצבילן דאָ און דער אָנטו זייערער. אין מיטן דעם ניגון טאַנצט זי אַריין מיט לשון. אין דער גרויסער וועלט, נעמט זי אַרויסברענגען, באַגייט מען זיך מיטן העכסטן כּבוד צו אַ פרוי. „ליידיס פוירסט״ — ווער ווייסט עס ניט אין אַמעריקע? די פרוי אויפן ערשטן אָרט; אויף בעסערס און שענערס האָט זי די בכורה. דאָ איז אָבער אַנדערש, גאָר אַנדערש... גלייבט זיך איר, דער אַמעריקאַנערין, טאַקע מער און מער אין די רייד פון מענטשן;

מען דערציילט זיך דאָך אָן פון דער באַציִונג צו אַ ווײַב בײַ די ירושלימער. טאָ ווי זאָל איר ניט קלעמען דאָס האַרץ וועגן איר טאָכטער ?!..

צײַטן ! אויף אַזוינע פאַרריסענע טענות פון דער אויסלענדישער דאַמע האָבן ניט געפעלט קיין ווײַבעלעך וואָס האָבן אָנגעקוואָלן פון אירע רייד, און צוגעפּאַטשט חנדלדיק מיט די הענט. און עטלעכע פון זייערע מענער, די אַברכים, צוזאַמען מיט די בחורים, זיי שמייכלען הנאהדיק אונטער און וואַרפן חכמות. זיי ענטפערן עס כּלומרשט אָפּ דער פאַרפוצטער ליידי מיט איר אָנגעפּאַרבטן פּנימל. גאָר ווי פאַרגעסן אַז ערשט נעכטן איז געווען יום־כּיפּור, און עס גייט נאָך אַ הושענא־רבה, דער טאָג פון גמר־דין, די לעצטגילטיקע באַשטימונג פאַר יעדן איינעם אויפן נײַעם יאָר. ניין, די מענטשן האַלטן זיך ניט אָפּ אויך פון ליצנות :

— ליידיס פוירסט... אַ כּלל אַ וויכטיקער, מסתּמא אויך אַזאַ בפּירושער דין ; דאַרף מען טאַקע גוט אַ זוך טאָן אין שולחן־ערוך...

**בכבוד אשתּו**

אַ שווערקייט איז געבליבן ליגן אויף די געמיטער פון די מענטשן בײַם תּנאים. די בײַסיקע ווערטער פון דער כּלהס מוטער, וועגן דער באַציִונג צו אַ פרוי בײַ די מענער פון אַלטן יִשוב — זײַנען געפאַלן שטרענג אַרויסרופעריש. און די ענטפערלעך מיט די חכמות און וויצן — האָבן בײַ די אַמעריקאַנער טאַטע־מאַמע נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס געפיל, אַז זייער טאָכטער פאַלט דאָ אַרײַן אין אַ וועלט גאָר־גאָר אַן אַנדערע.

געניט אין פּראַקטישן לעבן, קליגט זיך רב אָשר־זיסל, דער זיידע פון חתן, אַרײַנצוטראָגן דאָ אַ באַרויִקונג. אַן אַלטער בורר צווישן סוחרים, האָט ער שוין זײַן דרך ווי אײַנצוהאַמעווען די צדדים בײַ זייער צעהיצן זיך און בײַם פאַרקריכן העט ווו מיט זײַטיקע טענות. פּרווט ער אויך איצט אײַנצושטילן די געמיטער און דערפירן דאָ צום אָנהייבן שוין פּראַווען דעם תּנאים. אַ כאַפּ גיט ער זיך מיט אַ דערמאָנונג פון זײַנע אַמאָליקע יאָרן.

פון זאַמעט, אַ געגנט אין דער ליטע, נעמט ער באַזאַכט דערציילן, איז ער עס אין זײַן פריִער יוגנט געקומען צוזאַמען מיט די עלטערן קיין ארץ־ישׂראל. פון די דאָרטיקע מקומות שטאַמט עס אויך אַ טייל משפּחה פון זײַן איידעם, דעם חתנס טאַטע. געדענקט ער נאָך, דער אַלטער, גאָר גוט דעם חתנס אַן עלטער־זיידן, רב אַברהם־לייזער, וואָס האָט געשטאַמט פון טשײַקישאָק, אָבער אַ יאָר נאָך זײַן חתונה אין קופּישאָק איז ער אַריבער־געפאָרן קיין איירגאַלע, און ענדלעך זיך באַזעצט אין פּלונגיאַן. ער אַליין, ר׳ אָשר־זיסל, איז געבוירן אין גירטעגאָלע, ווו זײַן טאַטע, עליו־השלום, איז געווען אַן איידעם. די פּרנסה האָט אָבער געבראַכט זײַן טאַטן מיט די בני־בית קיין דאָרביאַן. פלעגט ער אים, דעם זון, אָפט מיטנעמען אין זײַנע נסיעות איבער די מקומות דאָרט אַרום, און האָבן זיך ניט איין מאָל אָפּגע־שטעלט אויך אין פּלונגיאַן, טאַקע אין הויז פון דעם חתנס עלטער־זיידן.

רב אָשר־זיסל פאַרכליניעט זיך מיט דער גדולה פון אָט דעם ייִדן:

— פון די שענסטע בעלי־בתּים אין פּלונגיאַן איז געווען רב אַברהם־לייזער! אַ למדן, אַ גרויסער בעל־צדקה, אַ מוקיר־רבנן. איז געקומען אין שטעטל אַ רב, אַ מגיד, אַ חזן, אַ משולח, איז די שטוב פון דעם אַ ניכבד געווען פאַר אים אָפן. זעלטן האָט ער זיך געזעצט עסן אָן אַן אורח בײַם טיש. דער גרויסער מכניס־אורח!

— די אַמאָליקע ייִדן!.. — שנײַדט דורך פרום אַ קרעכץ פון אַן עלטערער פרוי.

— איז אָט דער עלטער־זיידע פון אונדזער חתן, אויף לאַנגע יאָר — לאָבט זיך ווײַטער דער אַלטער, זײַן קול נאָך פעסטער און דאָס אייגל נעמט לויפן ווינקעריש אויף דער זײַט פון דער כלה מיט איר מאַמען — גאָר באַוווסט איז געווען רב אַברהם־לייזער ווי אַ זהיר בכבוד אשתּו; זײַן אָפּהיטן דעם כּבוד פון דער ווײַב איז געווען אַ דבר־מפורסם.

ניט לײַכט פאַלט די ניט־ליטוואַקעס מיטן אויפכאַפּן דעם זאַמעטן ייִדיש פון דעם אַלטן. איצט מיִען זיך אים צו פאַרשטיין אויך מענטשן וואָס שטאַמען פון זײַן אַמאָליקער געגנט. דאָס רעדט ער דאָך — קוקן זיי זיך איבער — פון זאַמעט מיט צענדליקער־צענדליקער יאָרן צוריק. אַ פּראָווינץ

אַן אָפּגעשטאַנענע. שטעטלעך צעוואָרפֿן אין זומפּן און צווישן וועלדער. און אויף די וועגן ניט אַדורכצוקריכן פֿון די בלאָטעס און ליים און זאַמדן. אַ באַנליניע ערגעץ ווײַט, און זעלטן ווער האָט אויף זײַן לעבן בכלל וועגן געזען די „מאַשין", אַ צוג... הייבט די פּלייצעס אַ ייִד פֿון אַלסיאַד צו זײַן שכן פֿון מאַיסיאַד, און צו זייביידן שמייכלט אונטער איינער פֿון ציטאָוויאַן:

— אין פּלונגיאַן, אַ מאָל אַ ייִד אַ זהיר בכבוד אשתו... באַגריסן פֿלעגט ער מסתּמא די ווײַב מיט אַ קניקסל און די נאָך רעווערענסן, ווי די פּריצים, און אָפּשיטן זי מיט פֿראַנצייזישע קאָמפּלימענטן, ווי מען רופֿט עס אַלץ, און קושן די שפּיצן פֿינגער פֿון אירע אויסגעהאָרעוועטע געשוואָלענע הענט...

— אַ דבר ידוע געווען... — באַמערקט ניט דער אַלטער דעם געשמייכל און צו זײַן אויער דערגייט ניט די ליצנות — געוווּסט האָט מען די התנהגות פֿון דעם עלטער־זיידן בײַם עסן. ווי נאָר די אַלע אַרום טיש האָבן נאָך דער ברכה שוין אײַנגעטונקט די המוציא אין זאַלץ, ווי דער מינהג, פֿלעגט רב אַברהם־לייזער, וואָס איז געזעסן אויבנאָן, אַוועקנעמען דאָס זאַלצ־מעסטל. וואָסי? באַלד וועט מען דאָך צוטראָגן זופּ, פֿלייש, אָדער אַנדערע מאכלים, און ווי געוויינטלעך כאַפּן זיך מענטשן צו דעם זאַלץ, אַרויפֿשיטן בײַ זיך אין טעלער, דערשיטן. קאָן דאָך דאָס הייסן, אַז זײַן ווײַב, די בעל־הביתטע איז שוואַך אין קאָכן, פֿאַרשטייט ניט געַנוי צוצוריכטן אַ מאכל, אײַנשטעלן אַ טעם. איז מען דאָך זי מבייש!..

איבער פּנימער ירושלימער האָט וואַרעם אַ גלעט געטאָן אַ קוויקנ־דיקער שטראַל פֿון אַ פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל אין דער אַמאָליקער ליטע. אַ פֿליעסקערײַ צו רב אָשר־זיסלען פֿון די ווײַבערשע הענט און אַ יישר־כּוח נאָך אַ יישר־כּוח פֿון די מאַנצבילן. איינער אַ ייִנגערער גיט צו:

— זײַט איר דאָך, רב אָשר־זיסל, אַ מאדים ניט נאָר אויף בכיות בײַם עמוד. ווי איר אַרבעט הײַנט מיט אַזאַ פּיקחות; פּערל פֿון מויל!..

אָנקוועליק זײַנען צעעפֿנט די אויגן בײַ דעם אַמעריקאַנער מחותּן. זײַן קוק וואַרפֿט זיך שוין ניט יעדע ווײַלע צום זייגערל. מיט אַ קוש נעמט ער אַרום דעם אַלטן:

— אַזאַ זיידע זאָגט שוין אַ סך וועגן דעם חתן! ניין־ניין, ניט קיין בעד־

לוזער, קיין אַנוועער דאָ ביי מיר, קיין פאַרלוירענע קאָרט; זאָל טאַקע זיין דער שידוך מיט מזל!.. יע, זיידע, איר האָט פריער געהאַט געזאָגט וועגן אַן אויסקוק אייערן אויף עפּעס אַ שיינדל פון אַן אתרוג. מאָרגן פרי לאָזן מיר זיךביידע איבער די ביזנעס פון אתרוגים, און איר האָט פון מיר אַ פּרע־זענט דעם בעסטן אַנטיק! אַן אתרוג דעם בעסטן און טייערסטן וועט איר זיך אויסקלייבן מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז, צו זיין זיכער פון אַוועלכן פלעק אָדער שפּרענקעלע, ווי מען ווייזט ביי אונדז אויף דער טעלעוויזיע, אָט די חסידים פון ברוקלין...

געריירט איז אויך רב אָשר־זיסל, און דאָס משדך זיין זיך מיט דעם אַמעריקאַנער זעט אים שוין ניט אויס אַזוי קרום. אין זיינע אויגן איז דער מענטש בעצם גאָר אַ ווילער ייִד, נאָך אָנגעזאַפּט מיט ייִדישקייט פון זיין אַלטער היים אין ליטע...

בליקן וואָס באַשטראַלן מיט אַכפּער דאָס פּנים פון ראש־ישיבה, פּועלן ער זאָל זאָגן דאָ זיינעם אַ וואָרט. פאַרמאַכט די אויגן, צעשאָקלט ער זיך אויף אַלע זייטן. און ציִענדיק די לאַנגע ווייסע באָרד, איז ער אויפגע־שיינט מיט אַ צוגעפּאַסטן דרוש. אָט דער אתרוג, וואָס דער מחותּן מצד הכּלה האָט גערעדט... ידוע איז דאָך, איז ער מסביר, אַז דאָס ייִדישע פאָלק אין זיין גאַנצן צונויפנעם איז כּולל אין זיך תּכונות פון די פיר מינים אויף סוכּות, מיטן אתרוג בראש. די אָ פּרי — געבענטשט אי מיט אַ גע־שמאַקן טעם און אי מיט אַ גוטן ריח — איז געגליכן צו די ייִדן וואָס זיינען באַחנט מיט תּורה און מיט מעשׂים־טובים. דער לולב, אַ צווייַג פון אַ בוים מיט טייטלען, וואָס האָבן נאָר אַ טעם און ניט קיין ריח, מיינט עס די ייִדן וואָס זיינען נאָר לומדים, אָבער ווייט פון מעשׂים־טובים. דער הדס ווידער, האָט נאָר אַ ריח און ניט קיין טעם, אַזוי אויך די וואָס זיינען בעלי־חסדים אָבער ווייט פון תּורה. און ערבות, די ווערבעס פון טייך, האָבן ניט קיין ריח און ניט קיין טעם, זיי באַצייכענען יענע ייִדן וואָס פאַרמאָגן ניט קיין תּורה און זיינען אויך ניט קיין בעלי־חסדים. אַז די אָ פיר מינים געוויקסן מיט זייערע אייגנשאַפטן זיינען צונויפגענומען און צוזאַמענגעבונדן, באַווירקן זיי איינע די אַנדערע. אַזוי באַקומט זיך אויך אין עם־ישׂראל די גוטע

השפּעה פון אַ צונויפבונד פון די אַלע מינים ייִדן, אַפילו פון פאַרשיידענע וועלטן...

— מזל־טוב! — צעטראָגן זיך וואַרעמע שטימען, וואָס טרײַבן שוין לעבעדיק צו מיטן אָנהייבן דעם תּנאים.

אין די ברכות וואָס גיבן זיך אַ שאָט איבער דער שטוב, ווערט ניט פאַרגעסן דער זיידע פון חתן, רב אָשר־זיסל. פון ווערטער וואָס פאַלן צו אים, הערט דער אַלטער אויך אַרויס אַ קינאה צוליב דעם אתרוג, דעם הדר, וואָס וועט געהאַלטן ווערן אין די הענט זײַנע אין די טעג פון סוכּות, דעם באַלדיקן יום־טוב. העלישע בליקן זעען שוין ווי ער לאָבט זיך מיט דער הידור־מיצווה, די באַשיינטע מיצווה...

צעגליט זיך נאָך מער אין רב אָשר־זיסלען אַ זיכערע האָפערדיקייט. באַשײַמפּערלעך זעט ער ווי מיט יעדן ווײַטערדיקן טאָג אין תּשרי, דעם ערשטן חודש, צעשטראַלט זיך פאַר אים דאָס נײַע אָנקומענדיקע יאָר מיט הצלחות און מיט שׂימחות, און מיט חן בײַ מענטשן — די קלאָרע גוטע סימנים אויף אַ גאַנצן יאָר אַ גליקלעכן, אַ שנת חיים ושלום.

## מיטן סצעפּטער אין האַנט

דורך די זיבן טעג סוכּות איז רב אָשר־זיסלס דירה — די סוכּה. דאָ עסט ער און טרינקט, נעמט אויף מענטשן און פאַרברענגט מיט זיי. דאָ איז ער מעיין אין אַ ספר און שלאָפט בײַ נאַכט. באַהאַנגען איז בײַ אים די סוכּה מיט שיינע בילדער פון די מקומות הקדושים אין ארץ־ישׂראל און פון גרויסע רבנים און צדיקים אין זײַן ירושלים. פון די ווענט שטראַלן באַזונדער אַברהם, יצחק און יעקב, און יוסף הצדיק, משה און אהרן און דוד המלך. זיי זײַנען די אושפּיזין, די הייליקע זיבן געסט, וואָס אין די זיבן טעג פון דעם יום־טוב קומט יעדער איינער אין זײַן טאָג לויטן סדר צו באַזוכן די סוכּה. אויבן בײַ דעם סכך, הענגען אַרונטער פון צווישן די קאָלירטע לעמפּעלעך — די זיבן מינים, די פּירות און תּבואה וואָס ארץ־ישׂראל איז מיט זיי געבענטשט און די תּורה רעכנט זיי אויס אין די באַ־

זונדערע מעלות פון דעם לאַנד. פון אַלע ווינקעלעך בלינצלען טײַערע פּאָרצעלײַ און זילבערוואַרג, און איבער דער דיל אַ הערלעכער טעפּעך. מיט דעם אויספּוץ איז רב אָשר־זיסל מכוון דעם הידור פון סוכּה, דאָס באַשײַנען די מיצווה. ווי אין גמרא ווערן דערקלערט די ווערטער אין פּסוק „זה אלי ואַנוהו" — באַשײַן זיך פאַר גאָט מיט דײַנע מיצוות, אַ שיינע זאָל זײַן דײַן סוכּה, שיינע אויך דײַן לולב און אתרוג.

אין די ערשטע דרײַ וואָכן פון חודש תּשרי זעט רב אָשר־זיסל בכלל צו טאָן וואָס מער מיצוות. דער יום־הדין, ווייס ער, איז מיט די ימים־נוראים, די ערשטע צען טעג פון דעם חודש, נאָך ניט פאַרבײַ. ידוע איז דער סדר פון דעם הימלשן מישפּט. ראש־השנה, דעם ערשטן טאָג תּשרי, ווערן ווי אַ שערענגע שעפּסן פאַרבײַגעפירט פאַר דעם כּסא־הכּבוד די אַלע ברואי־עולם, אַלע לעבעדיקע. און אויף אַ וואָגשאָל ווערן געוווגן זייערע מעשׂים, די גוטע מעשׂים קעגן די שלעכטע. צדיקים גמורים ווערן באַלד פאַרשריבן און געחתמעט צום לעבן. רשעים גמורים ווערן באַלד פאַרשריבן און געחתמעט צום טויט. בינונים, די מיטלמעסיקע, בלײַבן תּלויִם־ועומדים, הענגענדיק־וואַקלדיק, ביז יום־כּיפּור, דעם צענטן תּשרי. באַווײַזן זיי תּשובה צו טאָן, ווערן זיי אין דעם טאָג פאַרשריבן צום לעבן. האָבן זיי ניט באַוויזן, ווערן זיי פאַרשריבן צום טויט. די ענדגילטיקע חתימה אויף דעם פּסק־דין, און דער אָפּשלוס פון דעם גאַנצן מישפּט, דער גמר־דין, קומט פאַר אין דעם זעלבן חודש תּשרי, ענדע סוכּות, אין דעם טאָג פון הושענא־רבּה. און היות ווי קיין איין לעבעדיקער קאָן ניט וויסן ווי דאָרט־אויבן זײַנען געוואָרן אָפּגעשאַצט זײַנע מעשׂים — דאַרף יעדערער אָננע־מען אַז ער געהערט צו די בינונים און איז אויך אַ תּלוי־ועומד. דערפאַר איז נאָך גרויס דער ציטער ביז הושענא־רבּה, דער טאָג וואָס ווערט פאַר־גליכן אַפילו מיט יום־כּיפּור. און ביז דער לעצטער מינוט קאָן נאָך דער מענטש וואָס אויפטאָן!

טעג געציילטע און האַרבע. געפאַלט אָבער אין זיי אויך סוכּות, אַ יום־טוב מיט מיצוות און מיצוות. גאָר גרויס, זאָגן ספרים, איז אין די טעג דער זכות פון געבן צדקה. טיילט רב אָשר־זיסל לויט זײַן מעגלעכקייט מיט דער

ברייטער האַנט. און צווישן די אייגנדיקע מיצוות פון דעם יום־טוב איז נאָך דאָ אַ גאָר באַזונדערע — פריילעך זײַן. „ושמחת בחגך", זאָלסט זיך פרייען אין דײַן יום־טוב, איז וועגן סוכּות אָנגעזאָגט אין דער תּורה. און נאָך מער בפירוש: „והיית אך שׂמח", לויטער פריילעך זײַן... איז רב אָשר־זיסל געוויס ניט מזלזל אויך אין אָט דער מיצווה. שוין אין פרייד איז ער דעם ערשטן אָוונט, אַז ער קומט אַרײַן אין זײַן שײַנענדיקער סוכּה און דערזעט פאַר זיך דעם יומטובדיקן טיש, און זינגט אויס אין קידוש די ווערטער „חג הסוכּות הזה, זמן שׂמחתנו"... און מאָרגן פרי, ווי נאָר טאָג, זײַנען שוין בײַ אים אין האַנט דער מהודרדיקער אתרוג מיטן שטאָלטיקן לולב און די אַנדערע מינים, אויך זאָרגעווידיק צוגעקליבענע. די שבחים וואָס ער הערט נאָר אויס אין בית־מדרש וועגן זײַן אתרוג!

אַ שטראַליקער קערט זיך רב אָשר־זיסל אין די ערשטע חול־המועד־אָוונטן, יעדן מאָל פון אַן אַנדער שׂימחת־בית־השואבה. די אָ שׂימחה אין די סוכּות־טעג, די צײַט וואָס עס הייבן זיך אָן אין ארץ־ישׂראל די רעגנס, און לזכר דעם שעפּן וואַסער פאַרן בית־המיקדש אין די אַמאָליקע יאָרן — ווערן די דערשײַנונגען געפּראַוועט אין ירושלים גאָר גרויס. אין בתּי־מדרשים און אין זאַלן און אויף אָפענע פּלעצער זינגען כאָרן צוזאַמען מיטן עולם די קאַפּיטלעך שיר־המעלות; צום פײַנעם כּיבוד אויך טענץ מיט קלעזמער, טאַקע בתופים־ובמחולות; און פײַערווערק אַרום אַ וואַסער אָדער באַסיין. איז דאָך געזאָגט אין פּסוק: „ושאבתּם מים בששׂון", וואַסער שעפּן מיט פרייד. און ווי בילדעריש ווערן אין גמרא געשילדערט די פּרעכטיקע פײַערונגען אין די צײַטן פון בית־המיקדש!..

אין זײַן זוכן וואָס מער שׂימחה, גייט נאָך רב אָשר־זיסלען אַ משל וואָס ער האָט יינגלווײַז געהערט פון אַ מגיד וועגן די טעג צווישן יום־כּיפּור און הושענא־רבה. אַ מורד במלכות איז געוואָרן פאַרמישפּט צום טויט. וואַרט נאָך אָבער אָפּ דער מלך מיטן לייגן דעם חותם, זײַן שטעמפּל, אויף דעם גזר־דין. ער שיקט דערווײַל אונטער שליחים, זיי זאָלן נאָכקוקן ווי דער פאַרמישפּטער פירט זיך אויף. ערשט זיי זעען, דער מענטש איז אין אַ מונטערער שטימונג, האַלט אין לויבן דעם מלך און איז מיט פלײַס און

פרייד מקיים יעדן וואָרט פון דעם מלכס געזעצן... הערט עס אויס דער מלך. און ער באַשליסט אַז דער מענטש איז שוין ניט דער זעלביקער, ווײַט פון צו זײַן אַווידערשפּעניקער. צערײַסט ער דעם גזר־דין און שרײַבט איבער גאָר אַנדערש.

גליקלעך אײַנגעגעבן האָט זיך רב אָשר־זיסלען אויך אין דעם מקיים זײַן די עליה־לרגל, די מיצווה צו גיין און זען ירושלים מיטן בית־המיקדש אין די טעג פון יום־טוב. תקופות אויף תקופות פון נאָך דעם חורבן פלעגן זיך ייִדן ניט אָפּשטעלן פאַר אַלערליי סכנות, כּדי נאָר צו קאָנען אין די טעג וואַרפן אַ לעכצנדיקן בליק לפּחות פון דער ווײַטן אויף דעם מקום וואָס דער בית־המיקדש איז געשטאַנען. דורות די לעצטע האָבן געהאַט דעם מינהג צו רינגלען אין די יום־טוב־טעג די עיר־הקודש און פון העכערע שטעלן זיך שטרענגען אויפצוכאַפּן כאָטש אַ שטראַל פון דער אדמת־הקודש... און אָט אַז די גאַנצע ירושלים איז שוין אין ייִדישע הענט, זוכט מען אויס וואָס מער אַ נאָענטע און העכערע שטעל, און מען זאַפּט און מען קוויקט זיך מיט דער קדושה. אַ פוס שטעלן אויף דעם הייליקן שטח גופא, איז נאָך האָרב דער איסור, וואָס וועט זײַן בטול ערשט נאָך דער גאולה־שלמה.

חול־המועד אין דער פרי גאָכן דאַוונען האָט רב אָשר־זיסל אין בית־מדרש דערהערט וועגן אַ צוטריטלעכער שטעל ממש לעבן דעם הר־הבית. אַ דאַך אַ גאָר הויכער, און צו זען קלאָר דעם גאַנצן תּחום פון בית־המיקדש!.. איז ער שוין ניט געגאַנגען אַהיים. מיטן אתרוג און לולב זיך באַלד געצויגן צו יענעם פּונקט. און ווי נאָר צוגעקומען — האָבן זיך דורך זײַנע אויגן צעבליצט דורות אויסגעבענקטע בליקן. דער גאַנצער שטח שוועבט. קיין פרעמד־אָנגעבויטע בנינים. עס לויכטיקט דער דביר און דער היכל. מיט דעם איבערגעצויגענעם גאָלד שימערירן די זײַלן און די קנעפּ זייערע. און עס בלענדן די באַלקנס און ברעטער פון צעדער און ציפּרעסן. די טיר־זײַלן זײַנען פאַרפּוצט מיט געשניצן פון כּרובים, און מיט געשניצן פון טייטלביימער און געעפנטע קווייטן. ער זעט די פאָרהויזן און די עזרות, געפלאַסטערטע; און די טרעפּ און די טויערן, פון אַלע זײַטן די אַרײַנגאַנגען... זײַן זכּרון בלעטערט מיט קאַפּיטלעך פון ספר מלכים און פּרקים פון

מסכת מידות — די פּרטים פון ערשטן און צווייטן בית־המיקדש. אַ שײַן גיבן אויך די קאַפּיטלעך פון יחזקאל הנביא וועגן דעם דריטן בית־המיקדש, וואָס וועט זײַן געבויט — און שוין ניט חרוב ווערן קיין מאָל.

מיט צעגאָסענער פרייד איז צוריקוועגס רב אָשר־זיסלס טראַט. שטאָלץ דער גאַנג דורך דעם ענגן געסל מיטן איבערגעפולטן מאַרק. זײַן בליק פּאַלט גלײַכצײַטיק אויף די גויִים וואָס קוקן אַרײַן אין צײַטונגען און שרײַען זיך איבער וועגן אַ גרויסער הצלחה זייערער אין שטרײַט מיט די ייִדן, און ניצחותדיק הילכן אויך די אַראַבישע ראַדיאָס. העכער־העכער הייבט זיך שטראָם דער לולב מיטן אתרוג אין זײַן האַנט, און ער פאַר־טרויט זיך אויף די רייד פון מדרש־רבה. אין חודש תשרי, איז געשריבן, שטעלן זיך פאַרן רבונו־של־עולם צום דין די גויִים מיט די ייִדן, און איינע קעגן די אַנדערע וואַרפן קיטרוגים. נאָכן אַרויסגיין פון מישפּט, איז צו דערקענען דעם צד וואָס האָט מצליח געווען. דער זיגער טראָגט אין זײַן האַנט אַ סצעפּטער — דעם לולב מיטן אתרוג.

## געסט אין סוכּה

מיט אַ פרײלעכן שמייכל איבער דעם פּנים אירן קליגט זיך די פרוי צו פאַרבאָרגן יעדן סימן פון אַ פאַראיבל. אַ וואָרט זאָגט זי ניט איר מאַן, רב אָשר־זיסלען, פאַר זײַן פאַרשפּעטיקן זיך דעם מאָרגן פונעם דאַווענען. גלײַך פון גאַס, מיטן אתרוג און לולב אויפן שוועל פון דער סוכּה, נעמען איבער זײַן פרומען בליק די זיבן בילדער וואָס זײַנען אויסגעהאַנגען איבער דעם אויבנאָן — אברהם, יצחק און יעקב, און יוסף הצדיק, משה און אהרן און דוד המלך. רב אָשר־זיסלס ליפּן צעפּעפּענען זיך מיט קבלה־ווערטער. אין סוכּה אַרײַן פאַרבעט ער אהרן הכּוהן. ווי דער זעקסטער צווישן די זיבן שטאַמזײַלן און טרײַע פאַסטעכער פון דער ייִדישער אומה, איז ער עס הײַנט, דעם זעקסטן טאָג יום־טוב, דער אושפּיז, דער הייליקער גאַסט בײַ יעדן ייִדן אין סוכּה...

אַ וואָרט דערציילט ניט די ווײַב פון די שוועריקייטן וואָס זי האָט גע־

האָט דעם פרימאָרגן מיטן אָרדענעכן איינע אַליין אין דער בעקעריַי. אין די טעג פון יום־טוב זעט זי דעם מאַן אירן נאָר צו דערפרייען. הערט ער פון איר וועגן דעם איַינגעגעבענעם צוגרייט פון די געבעקסן אויף מאָרגן, הושענא־רבה, און אויף איבערמאָרגן, שׂימחת־תּורה. אין ריידן, גיבן זיך אַ טראָג אירע אַלטע פיס צו דער שטוב, און שוין איז זי צוריק אין סוכּה. אירע פריידיקע הענט מיט אַ בלאַנקס.

— ווי עס האָט זיך איַינגעגעבן דיַין קיטל!.. מאָרגן, הושענא־רבה, דאַרפסט דאָך אים ווידער... קיין איין פלעק פון יום־כּיפּור ניט געבליבן. ברילויעט, ווי באַזונט. שיַינען זאָל אויף פאַר אונדז דער צעטל!..

דער צעטל פון הושענא־רבה שטייט שוין ממש פאַר דער טיר. אין אָוונט הייבט זיך דאָך אין הימל אָן דער לעצטגילטיקער מישפּט איבער די אַלע לעבעדיקע. און אין מיטן נאַכט נעמט שוין פון דאָרט קומען דער צעטל פאַר יעדן מענטשן וועגן זיַין גורל אויפן ניַיעם יאָר. און פאַר ניט איינעם גיט ער זיך אויך אַ וויַיז... ווינקט שוין פון היַינט פרי דער אָ הימלישער צעטל אויך פון דעם געבעקס ביַי רב אָשר־זיסלען אין דער בעקעריַי. אויסגעקנאָטן איז יעדע חלה מיט אַ לאַפּקע, אַ הענטל אויפצונעמען דעם צעטל פון הימל.

באַלד איז אָבער די פּרוי שוין געטראָפן פון אַ נאָכקלער. דער קיטל. ניט געדאַרפט האָט זי אים אפשר וויַיזן, אָט שוין־גליַיך... דער וויַיסער אָנטו אין אַ טאָג פון דין, איז דאָך צום וועקן דעם מענטשן צו תּשובה, מיטן דערמאָנען אים תּכריכים, טויט... כאַפּט זי זיך צו דערפרייען איר מאַן מיט אַ ניַי לעבן. אויף אַ רגע איז זי ווידער פאַרשוווּנדן, און קומט אַריַין מיט דעם פרישן אייניקל. אַלט קוים אַ חודש, און צום ערשטן מאָל ביַי זיידע־באָבען!

— אַ גאַסט... אויך אַן אושפּיז אַזאַ ביַי אונדז אין סוכּה; אַזאַ צוגע־שיקטער!..

אין איין דערמאָנען האַלט די אַלטע, ווי דורך רחמי־שמים איז עס צוגעשיקט דאָס קינד. נאָך יאָרן וואַרטעניש איז די שנור מיט זייער זון געוואָרן מזלדיק אויפגעריכט!.. זיַינען עס היַינט די איבערגליקלעכע טאַטע־

מאַמע געקומען צום ערשטן מאָל מיט זייער אוצר און ווילן עס אויך משׂמח זײַן די אַלטע פּאָר לכּבוד יום־טוב... בײַ זייער קומען איז אָבער רב אָשר־זיסל נאָך ניט געווען צוריק פון דאַוונען, און דער קליינער איז גאָר אײַנגעשלאָפן. האָבן זיך די יונגע טאַטע־מאַמע אויף אַ ווײַלע ווו צוגעכאַפּט. אָבער אָט איז דאָס קינד שוין אויף!..

באַקאַנטשאַפט נעמט מאַכן דער זיידע מיטן אייניקל. ער באַטראַכט דאָס מײַלכל און די ליפּעלעך ווי זיי ציִען זיך און קרימען זיך. ער טוט צום קינד אַ שמייכל, אַ חנדל זיך, קנאַקט בײַ זײַן פּנימל מיט די פינגער. אין אַ שפּאָר גייט ער אַרײַן מיט דער ווײַב, אין ווּעמען פון זײַן טאַטע־מאַמען איז דאָס קינד מער ענלעך... קוקט טיפער אַרײַן דער אַלטער אין די אייגעלעך וואָס נעמען זיך מער ברייטערן.

— גוט יום־טוב, חברה־מאַן, בכור!.. — פרייט זיך אָן רב אָשר־זיסל.

— דאָס זעקעלע עפנט זיך... — גיט צו די אַלטע אַ האָפענונג, אַז מיט דעם עפענען זיך פון דער טראַכט בײַ דער שנור, וועלן שוין גיין געבורטן נאָך און נאָך; און אירע בעטנדיקע אויגן ווי זיי זוכן דעם הייליקן אושפּיז, וואָס וועט געוויס פאַרברענגען דאָרט־אויבן איר האַרץ...

מיט אַ פאַרשיכּורט אויסגעבענקטן אַרײַנפאַל צעהילכט זיך באַלד די סוכּה. טאַטע־מאַמע זײַנען דאָ. געמיינט האָבן זיי אַז דאָס קינד שלאָפט נאָך און אים געזוכט אין שטוב.

— העי־העי, געפונען!..

ווי בגילופין זײַנען די פּאָר יונגע. ביידע שטאַלטיקע, שײַנענדיקע און אויסגעפּוצטע. די פרישע מאַמע גיט גיריק אַ כאַפּ דאָס קינד און צעטאַנצט זיך מיט אים. יעקב, דער טאַטע, גייט גאָר אַרײַן מיטן זון אין למדנות:

— יצחק־משה, צוציק, דו שוין אויך אַ לישב־בסוכּהניק... ע, ווייסט אָפּנים ניט דעם דין, אַז אַ קטן איז נאָך פּטור פון דער מיצוות־סוכּה. ע, איטשעלע, יצחק־משה!..

„יצחק־משה!..“ — איז שוין רב אָשר־זיסל פאַרגנבעט מיט עגמת־נפש. ווייטאָגדיק צענאָגט זיך אין אים דער סיכסוך זײַנער וועגן דעם נאָמען

פאַרן קינד. אין דעם טאָג פון ברית, ווי ווילד האָבן זיך פאַרעקשנט די קרובים פון דער שנור! געהאַלטן האָבן זיי זיך ביַי דער טענה, אַז דער נאָמען פאַר דעם ערשטן קינד געהערט צו דער משפּחה פון דער אֵם־הילד. ניט געהאָלפן האָבן די תּחנונים, אַז אָנגערופן זאָל ווערן דער נאָמען פון זיַין, רב אָשר־זיסלס, ברודער, וואָס איז ניפטר געוואָרן אַ חשוך־בנים, רחמנא־ליצלן, קינדערלאָז, אָן אַן אָנדענק. אוי, ווי האַרטהאַרציק די מענטשן זיַינען געווען, און האָבן אויסגעפירט!..

מיט זיַין זאָגן יצחק־משה, האָט דער זון גורם געווען אַ צער דעם אַלטן טאַטן. און צוליב נאָך זיַינעם אַ וואָרט — איז גאָר בייז דאָס וויַיבל. און קולות שפּרינגען אַרויס צווישן די ביידע, וואָס מאַכן היַיטער די אַלטע פּאָר.

— צוציק, קטן... — איז מלא רוגז די פרישע מאַמע פאַר דעם אָנרופן אַזוי איר קינד — אַ מין רייד!!

אֵש־להבה איז זי. ווער־ווער, אָבער אויך ער, איר מאַן; אויך ביַי אים איז דאָס קינד נאָך ניט קיין גאַנצער מענטש. און אַפילו זיַין נאָמען איז ביַי אים אויך פאַרקלענערט; יצחק־משה — גאָר איטשעלע!.. אַ גרויסער און אַ פּולקומער איז ביַי איר דער זון. קוים אים דערוואַרט, נאָך אַזוי פיל האָפענונג און ייִאוש, ייִאוש און האָפענונג.

יעקב, דער יונגער טאַטע, טענהט אָבער אַנטקעגן. דאָס חושד זיַין אים אין אונטערשאַצן דאָס קינד, צעשריַיט ער זיך, איז ניט מער ווי אַ בילבול. פאַר אַן עדות שטעלט ער אַרויס דעם בעל־דבר אַליין:

— איטשעלע, אָט נעכטן האָט דיך די מאַמע דווקא געוואָלט מיט־נעמען צום כּותל, אַזש צום כּותל־מערבי. געזאָגט האָט זי, אַז ביַי דעם אַ מקום־קדוש קאָן זי ניט צום ערשטן מאָל נאָך איר געבורט, טאָר זיך ניט וויַיזן אָן דיר. און דאַרפסט דאָך, האַלט דיַין מאַמע, אין די יום־טוב־טעג עולה־רגל זיַין, וויַיל אין דער תּורה איז געשריבן „כּל זכורך", די מאַנצבילן... האָב איך, דער טאַטע, זיך געווענדט, צו דיר זיך געווענדט. טאַקע דיר אַליין דערציילט פון דעם גאַנצן שפּאָר, און געפרעגט דיַין מיינונג... און מיט אַ קרים, מיט איין קרום מינעלע וואָס דו האָסט געגעבן

אַ ווײַז אויף דײַן פנימל, ביסטו געבליבן אין שטוב. און שלום געמאַכט צווישן דײַן טאַטע־מאַמע...

וואַרעמען זיך פון נחת די אַלטע הערצער פון רב אָשר־זיסלען און זײַן ווײַב. דאָס פאַרגלײַכן זיך אָבער פון זייער זון אין דער ליבע צום פיצל, אַז געהויבן איז דאָס קינד אין זײַנע אויגן ניט וויניקער ווי בײַ דער ווײַב — אין דעם איז די אַלטע פּאָר שטאַרק מסופּקדיק. אַז דאָס קינד איז נאָך געווען אין בויך, פלעגט דאָך די שנור שוין ריידן צו אים, און מעשׂיות דערציילן. מיט די אייגענע אויערן האָבן זיי אַליין געהערט, ווי בײַ אַ טאָרקע פון אינעווייניק, אָדער ווייטאָגדיקן שטויס, האָט זי זיך צע־שריִען: אומרו, שטיפער, ווילדער, מזיק!.. גערעדט האָט זי צו דעם עובר, און געוואָרפן אָנרופעגישן — ווי צו אַ יינגל. אַז אפשר טראָגט זי אין בויך גאָר אַ מיידל, איז אין איר מוח אַפילו ניט געווען קיין ווינקעלע פאַר אַזאַ מין מחשבה...

אָבער אָט כאַפּט זי זיך, די שנור, און נעמט דאָ אין סוֹפה דערציילן אַ גאָר נײַע חכמה פון איר זון, אַ סצענע וואָס איר מאַן האָט ניט געזען און אויך ער ווייס נאָך ניט. געשטאַנען איז זי הײַנט פרי אין קיך און פון ווײַטן געוואָרפן בליקן אויפן קינד וואָס איז געשלאָפן. מיט אַ מאָל — גלייבן זיך ניט אירע אויגן:

— יצחק־משה איז אויף, ליגט אויפן בויך, און זײַן קאָפּ אויפגעהויבן געווויס אויף אַ האַלבן מעטער; אַזאַ קונצנמאַכער!..

יעקב, דער מאַן, מערקט קלאָר דאָס שפּאָטישע איבערקוקן זיך פון די ביידע עלטערן און זייער ביטולדיקן שמייכל. דערוועגט ער זיך שוין אַרויס־צוגיין מיט אַ וואָרט קעגן זײַן ווײַב:

— אַ מענטש גייט אַרונטער פון זינען!.. אין פיר טעג אַרום איז דעם יינגל אַ חודש; האָט ער שוין געהויבן דאָס קעפּל אויף אַ גאַנצן האַלבן מעטער, בפירוש... זײַן וועגעלע ברענג איך אָט אַרײַן, וועט מען דאָך קאָנען זען!..

קוים באַמערקן רב אָשר־זיסל און זײַן ווײַב די צוויי יידן וואָס קומען אַרײַן אין סוכּה מיט אַ ברייטן גוט־יום־טוב. די געסט ווערן מיט אַ צוווּנק

געבעטן זיך זעצן, און זײַנען שוין אויך מיט אויגן און אויערן אין דער שפּילעוודיקער האַמפּערניש צווישן די יונגע טאַטע־מאַמע. דאָס עופּעלע, זעען זיי, איז אַוועקגעלייגט אויפן בײַכל, און בײַ די אַלע בעטענישן טראַכט עס אַפילו ניט צו הייבן זײַן קעפּל. האַלט אָבער די מאַמע אין איין ווײַזן אויף אַ פּונקט אין דעם אייבערשטן ראַנד פון דעם וועגל. געטוי אָט ביז דאַנעט איז אין דער פּרי געווען געהויבן דער קאָפּ !.. לויפט אָן דער טאַטע מיט אַ מאָס. און נאָך אַ שטרײַט אויך אין דער מעסטעניש, מוז די מאַמע מודה זײַן, אַז ביז איר פאַרעקשנטן פּונקט דערגרייכט די הייך ניט פופציק סענטימעטער, נאָר קוים־קוים דרײַסיק... זײַן חלק באַקומט אָבער דער מאַן:

— וואָס אַ מענטש האָט אָנגעגעבן !.. געלאָפן ברענגען דעם וואָגן, גע־צווונגען דעם ייִנגל צו ליגן דווקא אויפן בויך, און געמושטירט אים צו הייבן דעם קאָפּ; און ניט אַנדערש געבראַכט אַ מאָס... אַבי, אַבי פון אַן אייגענעם קינד אַרונטעררײַסן עטלעכע סענטימעטער. אַ טאַטע !..

אין געזעגענען, צעלייגט די באָבע אַרום קינד אין וועגל די מתנות צו זײַן ערשטן באַזוך. ווי אַ ירושלימער פון דורות, האַלט זי זיך בײַ אַ מינהג פון מיזרח־ייִדן און האָט דאָס קינד בײַ זײַן אַרײַנקומען אין שטוב איבערגענומען מיט רײַז און מיט אַן איי און מיט צוקער. איצט איז זי מפרש דעם באַטײַט פון יעדער מתנה באַזונדער:

— געבענטשט זאָלסטו זײַן, קינד, מיט כּוח, און זײַן פרוכפּעריק, און האָבן אַ זיס לעבן!

אַ וואָרט פאַלט וועגן דעם עופּעלע, בײַ זײַן פאַרלאָזן די סוכּה, אויך פון די צוויי פרעמדע געסט:

— מיר האָבן קיין עין־הרע ניט געגעבן...

— מיר נעמען ניט קיין עין־הרע, מיר נעמען דרשה־געשאַנק... — דאַנקט אָפּ אויפן אַלטן שטייגער די צעשטראַלטע באָבע, און אירע אויגן גייען בעטעוודיק איבער די בילדער אויבנאָן אין דער סוכּה; זײַן ברכה זאָל געבן אויך דער הייליקער אושפּיז, אַז זי מיט איר מאַן זאָלן נאָך דערלעבן דעם קינדס חתונה און הערן זײַן דרשה...

## חתן-תורה

די צוויי ייִדן וואָס זײַנען געווען אַרײַנגעקומען אין סוכּה, קאָנען שוין נעמען ריידן. ווי נאָר דער בעל־הבית, רב אָשר־זיסל, איז צוריק פון זײַן אַרויסבאַגלייטן די פריִערדיקע געסט, רעדט שוין צו אים דער הויכער און אָנזעעוודיקער ייִד. אַ מזכּיר איז דער מענטש פון אַ בית־דין אין ירושלים. ער גיט זיך אַ שטעל מיט זײַן גאַנצן וווּקס און פעטלײַביקייט. די פינגער פון איין האַנט פאַרקריכן אין זײַן צעפּאַטלטער רויט־גרויען באָרד און מיט דער צווייטער האַנט דריקט ער און שאָקלט וואַרעם אַרײַן זײַן שלום־עליכם מיט יומטובדיקע ברכות, און נאָך ברכות, אין דער האַנט פון דעם אַלטן. און ער גייט גאָר מיט אַ מין תּרעומות:

— רב אָשר־זיסל, אײַער אתרוג!.. ירושלים הערט דאָך ניט אויף צו ריידן פון דעם מובחר־שבמובחר, אַזאַ מהודר!.. און די מוספים אײַערע בײַם עמוד!.. מען דערציילט אויך פון דעם זעלטענעם תּנאים בײַ אײַער אייניקל, און אַ רײַכער שידוך; איז נאָר צו ווינטשן פיל נחת אײַך און אײַער ווײַב, דער צידקנית!..

ווייס שוין רב אָשר־זיסל וואָס צו ריידן צו דעם ייִדן:

— רב גרשון, גלײַך נאָך יום־טוב, אם־ירצה־השם, קום איך מיט מײַן פּלוניתטע צו אײַך אין שטוב, אָפּצוגעבן דעם מזל־טוב וואָס קומט אײַך נאָך פון פאַר די יום־טובים, און אונדזער מתּנה איז שוין לאַנג גרייט... צו דער חופּה פון אײַער טאָכטער ניט געקאָנט קומען. געווען אַקוראַט פאַר ראש־השנה, וואַרפן אָן די קאַלטע אָוונטן פון אונדזער ירושלים אַ שרעק אויף אַ מענטשן ווי איך, וואָס דאַרף שטיין בײַם עמוד; מען מוז היטן די שטים, די „קעקע", ווי דער עולם חכמהט זיך... געהערט, געווען אַ פײַנע חתונה. און דער עיקר, איר האָט מיט מזל אויסגעגעבן ווידער אַ טאָכטער; נאָך אַ יאָך אַרונטער פון קאָפּ...

— אָבער אַרויף אויף די פּלייצעס, אַ משכּנתּא... — קרעכצט אונטער דער ייִד וועגן דער דירה פאַר דער אויסגעגעבענער טאָכטער, וואָס איז געקויפט אויף אַ היפּאָטעק און ער האָט עס גענומען אויף זיך צו צאָלן.

פאַרשטייט די פּרוי פון רב אָשר־זיסל, אַז דעם ייִדנס ווערטער זײַנען

מער געווענדט צו איר, וואָס איז באַקאַנט ווי אַן עסקנית אין צדקה־זאַכן. קומט צו דעם מענטשן אויך איר ענטפער, מיטן שטעלן אויפן טיש דעם יומטובדיקן כּיבוד:

— אײַער יאָך, רב גרשון... געווײנטלעך לאָזט מען ניט פאַלן, און בפרט אַ תּלמיד־חכם...

דאָס שפּילעוודיקע בלינצל אין די אויגן פון דעם ייִדן פּינקלט אָבער ווײַזט ניט מיט אַ געפאַלנקייט. הײַנט איז ער ניט נאָר אַ מקבל. אויך ער האָט מיט וואָס צו דערפרייען. צוזאַמען מיט דעם צווייטן ייִדן האָט ער דאָ וויכטיקס צו מודיע זײַן. געהויבן איז זײַן לשון:

— רב אָשר־זיסל, שׂימחת־תּורה זײַט איר אין אײַער בית־מדרש דער חתן־תּורה!.. אין נאָמען פון די גבאים; זיי האָבן עס אונדז פאַרטרויט די שליחות, אײַך איבערצוגעבן... חזק, חזק, רב אָשר־זיסל!..

— דער גאַנצער עולם מתפּללים איז אײַך מכבד, רב אָשר־זיסל — גיט צו דער צווייטער גאַסט, אַן אײַנגעדאַרט מענטשל מיט אַ שיטער בערדל, וואָס איז דער שמש אין דעם בית־מדרש און אַ שמש אויך בײַ דעם בית־דין — שׂימחת־תּורה, איבערמאָרגן, באַקומט איר בײַ אונדז די אָ עלייה; איר וועט עס ווערן אויפגערופן צו חתן־תּורה, רב אָשר־זיסל!..

דעם איבערראַשנדיקן אָנזאָג נעמט אויף דער אַלטער ווי מיט אַ גלײַכגילט. געגאַנגען זײַנען שוין קלאַנגען, אַז די גבאים און מתפּללים פון בית־מדרש זאָלן האָבן שטאַרק חרטה פאַר זייער ניט וועלן אים צולאָזן צום עמוד אין די יום־טוב־טעג, און נאָך דערפירט צו אַ דין־תּורה בײַ בית־דין. זוכן זיי, הייסט עס, אַ וועג אים איבערצובעטן... און מאָרגן איז דאָך הושענא־רבה, וואָס רעכנט זיך אויך ווי אַ יום־כּיפּור; זײַנען געקומען מיט דער שליחות די צוויי. מפייס זײַן וויל אים דער עולם פאַר דעם אָנטאָן אַזוי פיל עגמת־נפש; און ער, פון זײַן זײַט, זאָל די אַלע מענטשן מוחל זײַן — ערב דעם גמר־דין.

מתינותדיק גייט רב אָשר־זיסלס האַנט איבער זײַן שיינער ווײַסער באָרד.

— חתן־תּורה... אַז שוין יאָרן ווי שׂימחת־תּורה קויף איך מיר גאָר די עליִה פון חתן־בראשית...

— אַ פאַרגלײַך !.. — איז פאַרחידושט דער מזכיר, אָבער צוליבן כּבוד פון בעל־הבית גיט ער זיך אַ קער צו דעם שמש וואָס זיצט בײַ זײַן זײַט, און גאָר צו אים נעמען גיין זײַנע הסברה־ווערטער — אַז דו פאַרשטייסט, מענדל, חתן־בראשית איז דאָך גאָר ניט צו פאַרגלײַכן מיט חתן־תּורה... שׂימחת־תּורה, אַז שוין געענדיקט לייענען די לעצטע פּרשה פון דער תּורה, הייבט מען באַלד אָן די גאַנצע תּורה צוריק פון אָנהייב, פון בראשית. ווערט דער מענטש פון דער עליִה אויפגערופן מיט דעם טיטל חתן־בראשית. ער פאַרקנסט זיך, הייסט עס, מיט די פּרשיות און סדרות וואָס וועלן ערשט ווערן געלייענט דורך דעם קומענדיקן יאָר. אַ מין תּנאים. קאָן דאָך אָט דער חתן בײַ זײַן ווערן אויפגערופן, קאָן ער גאָר זײַן אַן עם־הארץ, אַ בור־דאוריתא, און דערווײַל נאָך אַ קנאַפּער מחותּן מיט דער תּורה... אַ חתן־תּורה אָבער קאָן זײַן נאָר אַ ייִד וואָס איז באמת פאַרבונדן מיט דער תּורה, און טאַקע דעם גאַנצן פאַרגאַנגענעם יאָר געווען אָן עוסק־בתּורה, בלב־ונפש איבערגעבן. דערפאַר איז מען מיט דער אָ עליִה מכבד אַ רב אָדער אַ חשובן ניכבד וואָס איז אויך אַ תּלמיד־חכם. ער ווערט עס אויפגערופן צו דעם לייענען די לעצטע פּסוקים פון דער תּורה. און מיט זײַן ברכה צום סיום־התּורה איז ער, ווי אונטער אַ חופּה, מקדש די תּורה, מקדש מיט זײַן איבערגעבנקייט, מיט זײַן אהבת־התּורה. און דער גאַנצער עולם אין בית־מדרש רופט עס אויס מיט כּבוד אויך צו אים: חזק, חזק!..

— חתן־תּורה, איין קלייניקייט, אַזאַ כּבוד!.. — האַלט אונטער דער שמש, וואָס איז געוואָרן צונויפגעפּאָרט מיט דעם מזכּיר אין דער שליחות צו רב אָשר־זיסלען — מיט דער עליִה, געדענק איך, פלעגט מען אין ירושלים מכבד זײַן רב שמואל סאַלאַנטן, און דעם אדר״ת; און רב יוסף־חיים זאָנענפעלד פלעגט דאָך לערנען דורך דער גאַנצער נאַכט פון שׂימחת־תּורה, בדחילו־ורחימו איז ער געווען, אין שפּאַנונג קעגן זײַן ווערן אויפגערופן חתן־תּורה!..

אין גאַנצן גרייט איז שוין איצט דער מזכּיר אַרויסצוגיין מיט דער צווייטער שליחות וואָס ער צוזאַמען מיטן שמש האָבן איבערצוגעבן. זײַן גאַנצער אָנבליק ווערט געלאָדן מיט אַ געהיימקייט. אַ סודותדיקייט נעמט שטראָמען פון דעם ברעקל שטערן אונטער דער פליושענער שוואַרצקייט פון דעם ברייטן ראַנד קאַפּעליוש, און שטראָמט ביז אין די פּיִער־רויטע שפּיצן פון דער באָרד. ווי אין אַ געבישטער גייען אַרום דעם יידנס אויגן. נײַן, אין סופה זעט זיך ניט קיין פרעמדער, ווער אַ זײַטיקער. איז ער מיט זײַן שטול גאָר נאָענט לעבן אַלטן. שטיל נעמט ער ריידן וועגן עפּעס אַ באַראָטונג. אַ פאַרטרוילעכער צונויפקום מיט באַרימטע רבנים און מיט חסידישע רביים און מיט גרויסע עסקנים... און שוין אויפן קול, פּיִערלעך:

— רב אָשר־זיסל, אין נאָמען פון די אַלע גדולים וחשובים, איר קומט אויך צו דער באַראָטונג, הײַנט אָוונט!

— אַ גאָר־גאָר וויכטיקע אסיפה!.. — צעשמאָצקעט זיך דער שמש — און איר, רב אָשר־זיסל, זײַט טאַקע בפירוש פאַרבעטן, למען־השם!..

— עס גייט וועגן אַ פאַרבעסערונג, אָדער אַ מין אויסטײַטש פון אַ האַרבער תקנה; בקיצור, דברים העומדים ברומו של עולם!.. — צעבלאָזט דער מזכּיר נאָך שטאַרקער דעם ברעניקן נײַגער בײַ דער אַלטער פּאָר.

חתן־תּורה, און אָט ווידער אַזאַ גרויסער כּבוד!.. שווײַגעוודיק גע־רירט איז רב אָשר־זיסל. איבער דעם פּנים אָבער פון דער אַלטער — שווימט ממש די צופרידנקייט. פילט זיך שוין דער שמש זיכער מיט אַ פּרוּוו צו טאָן וועגן זײַנעם אַן אייגענעם ענין. באַזאַכט נעמט ער אַוועק זײַנע צוויי פינגער וואָס טרייסלען זיך מיט אָפּוואַרט איבער די ביידע מוילווינקלען. פרײַ זײַנען שוין די אויסגעוואַרעמטע ווערטער, וואָס קליינ־גען פּאָרט אומבאַהאָלפן:

— די בני־בית בײַ מיר, זיי האָבן גענומען אַלץ מער ריידן וועגן אַן אײַזקאַסטן אויף עלעקטריע. זיי טענהן אַז אַ פרידזשידער... אַז מיט די שטיקלעך אײַז ווערט אַלץ שווערער. די אײַזפירערס ווײַזן זיך כּמעט ניט. אַז שוין גאָר ווייניק קויפערס. אומעטום שוין די פרידזשידערס. און אָן אַ קילונג ווערן מאַכלים מכולה... טאַקע כּדאי צו הערן אַן עצה פון אַ

מענטשן, אַ מבין־דבר, אָט רב אָשר־זיסל... און ווי מיינט וועגן אַ פרידזשי־דער די באַלעבאָסטע, זאָל געזונט זײַן, אַזאַ גרויסע עסקנית?..

רב אָשר־זיסלען און זײַן ווײַב איז גוט באַקאַנט אויך אָט דער דרך פון בעטן הילף. דער ניצרך, בײַ זײַן ווענדן זיך, הייבט אָן גאָר מיט אַ יִשוב־הדעת; געקומען איז ער, הייסט עס, נאָר אָן עצה פרעגן, ניט מער... שוין אָבער די ערשטע ווערטער הײַנט פון דעם ייִדן צעברייטערן בײַ דער אַלטער דאָס האַרץ. מן־השמים איז עס, וואָס ערב הושענא־רבה איז איר געוואָרן צוגעשיקט אַ זכות אַרײַנצוברענגען שׂימחה אין אַן אָרעמער היים.

— רב מענדל, אין שכונה רחביה האָב איך אַ פרוי אַ גאַנץ פאַרמעג־לעכע און אַ מענטש אַ ברילּיאַנט. האַלט זי איצט בײַ דער עלטער אַריבער־צוגיין אין אַ פּענסיאָן. וועל איך שוין זען אַז איר פרידזשידער זאָל זײַן פאַר אײַך; זייער אַ גוטער און כּמעט נײַער!

ווי נאָר די צוויי ייִדן זײַנען אַרויס, נעמט זיך רב אָשר־זיסל באַטראַכטן, אַז בעצם ווייס ער דאָך גאָרניט אויף וואָס פאַר אַ באַראָטונג איז ער עס גע־רופן. און דער עיקר, לשם וואָס רופט מען אים, און דרינגלעך. משמעות, דער כּבוד אַליין פון דעם ווערן פאַרבעטן מיט גאָר גרויסע מענטשן — וואָס איז אויך אַ גוטער סימן בײַם אָנקום פון הושענא־רבה — האָט אים אַרויסגעשלאָגן פון זינען דאָס פרעגן פּרטים בײַ די צוויי שליחים... ברענגט אַרײַן די פרוי אין סוכּה אַ קישן און אַ דעקע. דורך און דורך קענען זיך די אַלטע פּאַרפאַלק, און יעדערן פון זיי איז ניט שווער אָנצו־שטויסן זיך אויף דעם צווייטנס מחשבות. טאָ זאָל ער זיך צושפּאָרן, דער מאַן. מיט אַ קלערערן קאָפּ וועט ער שוין אויפכאַפּן אַלץ אויף דער באַראָטונג גופא...

פאַר זײַן אײַנדרעמלען הערט נאָך רב אָשר־זיסל פון דער ווײַב וועגן איר הײַנטיקן פרימאָרגן. רעדט זי, ווי איז עס איר געגאַנגען בײַם אָרדע־נען איינע אַליין אין דער בעקערײַ, און פון אירע קניות אין גאַס לכּבוד יום־טוב, און פון אַלע זײַטן די ברכות וואָס זײַנען איר געפאַלן צו דעם נײַעם יאָר און קעגן הושענא־רבה... זי דערציילט אָבער ניט, אַז די אַרבע־טער אין דער בעקערײַ זײַנען ווידער ניט צופרידן מיט דעם לוין און

ריידן שוין פון אַ נײַעם שטרײַק. זי דערמאָנט אויך ניט, אַז צו די מעל־שיטערינס איז זי אַפילו ניט געווען אַרײַן. נאָך פאַר דער טיר האָט איר אויער געהאַט אויפגעכאַפּט אַ קולכל:

— זי איז שוין דאָ, די גרויסע בעל־מיצוההטניצע, אַ שמעק טאָן בײַ אירע שקלאַפן... זאָל איך איר אויך ווינטשן אַ גוט יאָר? האָט זי שוין גע־האַט דעם פאַבריקן...

די שׂימחה פון יום־טוב בײַ איר מאַן וויל די פרוי אויך ניט פאַרדאַרבן מיט נאָך איינעם אַ ווונטשעלע. וואַכן נאָר ווי אויפן פישמאַרק איז איינע צו איר צוגעשטאַנען, זי זאָל ווערן אירער אַ קונד. אַן עולה־חדשה איז זי, האָט זיך די ייִדענע געבעטן, פון ווילנע שטאַמט זי, און פון דורות בײַ פיש... הײַנט זײַנען שוין אַרום איר געווען אַן עולם קונים. און איר לשון גאָר אַן אַנדער. ניט געלאָזן האָט זי קלײַבן די סחורה. אָבער גאָר שטאַרק איז זי געוואָרן בייז, וואָס זי, די אַלטע, האָט געוואָרפן אַ וואָרט וועגן די פיש פון פאַבריקן מאָל, אַז מען האָט געמוזט אַרויסוואַרפן... דאָ האָט זיך די ווילנערקע שטאָלציק קעגן איר אַ שטעל געטאָן, מיט די הענט אין די היפּטן זיך צעוויגט אין דער גאַנצער ברייט, און דאָס פּנים פאַרפרומט מיט אַ ברכה:

— שלעכטע פיש געווען? קיין ערגערע ניט אויף אײַער מאַנס חתונה...

האַלב פאַרמאַכט זײַנען שוין די אויגן בײַ רב אָשר־זיסלען. פאַר זײַן אײַנשלאָפן כאַפּט זיך נאָך די פרוי אויסצורעכענען פאַר אים די אויסנעמ־לעכע מאכלים און משקאות, דעם כּיבוד וואָס זי וועט זיך נעמען באַלד צוצוגרייטן לכּבוד זײַן געהויבענער עלייה. ווי דער מינהג, שטעלט דאָך דער חתן־תּורה פאַרן גאַנצן עולם אין בית־מדרש אַ גרויסן קידוש!..

זי שפּיגלט זיך נאָך אין דעם מאַנס יומטובדיקן פּנים, און בענטשט די ליכטיקע רגעס פון דעם נײַעם יאָר, וואָס פאַרנעמט זיך פאַר זיי ביידן אַזוי מזלדיק... זי זעט שוין איר מאַן אײַנגעוויקלט אין זײַן שיינעם טלית, די זילבערנע עטרה איבערן קאָפּ. שטראַליק די טריט זײַנע צו דער בימה. אין דעם באַרימטן בית־מדרש איז ער אויפגערופן צו דער בכּבודיקסטער עלִייה — חתן־תּורה. איר חתן!..

## פרעמדע לשונות

ווייניק, כמעט גאָרניט ווייס רב אָשר־זיסל לשם וואָס ער איז גערופן צו דער באַראַטונג. זײַנע אַלטע פיס פירן אים אין דער אָוונט־שעה דורך די ירושלימער שכונות גאולה און בית־ישׂראל, און זײַן פּנים איז צו די געסלעך פון מאה־שערים. באַלויכטן איז דער וועג בעיקר מיט דעם אַרויס־שײַן פון די סוכּות, די הערלעך פאַרפּוצטע, און באַלעבט פון דעם יומטוב־דיקן עולם. אַחוץ מיט דעם גוט־יום־טוב, ווערט רב אָשר־זיסל אויף יעדן טריט באַגריסט אויך מיט דער ברכה פון אַ גמר־דין טוב, צום אָנקום פון הושענא־רבה. נענטערע ידידים ווילן שוין אויך וויסן, וווהין טראָגט עס אים, דעם זקן, אין דער ניט־פריִער שעה. ער קאָן זיי אָבער ניט דערציילן פון די שליחים וואָס זײַנען צו אים געקומען און איבערגעגעבן אַזוי שטיל, און מער מיט רמזים, וועגן אַ מין סודותדיקער באַראַטונג, אַ גאָר־גאָר וויכ־טיקע, מיטן אָנטייל פון גדולים און חשובים; און טאַקע אין זייער נאָמען עס אים פאַרבעטן, דרינגלעך...

די גאָס שווימלט מיט געסט פון חוץ־לארץ, טוריסטן ווי מען רופט זיי. ניט ווייניק פון די מענטשן לאָזן זיך עס אַהער, אין די פרומע שכונות, דער עיקר פון טשיקאַוועס וועגן. שטייען זיי אויך אין גרופּעס און בליצלען מיט פאָטאָ־אַפּאַראַטן ניט נאָר איבער די פאַרבײַגייערס, נאָר אויך איבער די פאַרשיידענע קול־קוראס, די אויפרופן, וואָס זײַנען אויסגעקלעפּט איבער די ווענט. אַן אויסבראָך פון אַ געלעכטער צעהילכט זיך בײַ אַ גרויסן שילד וואָס ווענדט זיך צו פרויען. ווײַזן זיך קאָנען דאָ נשים, ווערט שטאַרק געבעטן, נאָר אין אַ צניעותדיקן אָנטו, וואָס מער און כּמעט פול פאַרדעקט, און ניט ווי די הײַנטיקע מאָדערנע הפקרות, השם ישמרנו!.. אַ צעהײַטער־טער טוריסט פּרוּווט אָנציִען מענטשן פון דער שכונה און לצנותדיק פאַר־פירן מיט זיי אַ שמועס. עצהט אים באַלד אַ יונג בחורל, ניט צו פאַרגעסן אַז אָט איז שוין די נאַכט פון הושענא־רבה; אין דער פאַרכטיקער נאַכט ווערט דאָך אין הימל אָפּגעשלאָסן דער מישפּט איבער דער וועלט, און לעצטגילטיק ווערט געלייגט די חתימה וועגן דעם גורל פון יעדן איינעם אויף דעם נײַעם יאָר...

אַרײַנגעקומען אין זאַל פון בית־ספר, אין דעם אָרט פון דער באַראָ־טונג, דערזעט רב אָשר־זיסל אַ גאַנץ נישקשהדיקן עולם, יומטובדיק אָנגע־טאָן. פון די פאַרשוויצטע פּנימער און הייזעריקייט אין די שטימען פאַר־שטייט ער, אַז די מענטשן זיצן שוין דאָ אַ רעכטע ווײַלע, און קאָכן זיך אין אַן ענין וואָס ער כאַפּט ניט אויף. באַלד מערקט ער ווי אויגן קערן זיך אויף זײַן זײַט, און ער הערט:

— אָט וועט מען אויך ריכטיק וויסן וועגן חרם...

נעמט זיך אַפילו דוכטן רב אָשר־זיסלען, אַז ער איז דאָ פאַרבלאָנדזשעט, אָדער גערופן בטעות. הערן וויל מען פון אים גאָר עפּעס וועגן אַ חרם... דער אויבנאָן פון דער אסיפה, זעט ער, איז באַזעצט מיט ירושלימער רבנים און עסקנים; קאָן דאַכט ניט איינער פון זיי אָנדערציילן אַ סך־אַ סך פון די חרמות וואָס ווערן אָפּט אויסגערופן אין שטאָט... אָבער אָט קומט צו אַ שמש און נעמט אים אַוועק פון דער באַנק לעבן דער טיר. העכער־העכער ווערט ער געפירט; און ער זיצט שוין אויף אַ שטול אין דער פאָדערשטער שורה, ממש קעגן דעם טיש פון דער נשיאות. פון דעם אָ טיש, פון סאַמע מיטן, הייבט זיך שווער פון אַ ברייטן שטול אַ בײַכיקער גוף, מיט אַ קלוג פּנים און שאַרפע בליקן אַדורך אַ געפלעכט פון פּיאות און באָרד. דער ממונה איז ער פון אַ גרויסן כולל, און בכלל אַן עסקן מפורסם. נאָך אַ באַזאָכטן קאָפּשאָקל איז ער מודיע, דער יושב־ראש:

— גייען מיר אַריבער צו אַ באַלײַכטן פון דעם חרם אויף לשונות זרות, פרעמדע שפּראַכן, און מיר וועלן שוין אויך מברר זײַן אַן ענין וועגן אַ תיקון אין חינוך הבנות.

הייבט שוין אָן רב אָשר־זיסל צו פאַרשטיין וואָס עס זעען זיך אין דעם זאַל מערערע עסקנים פון פרומען חינוך, און מלמדים און לערערס, און אין אַ באַזונדערן ווינקל אַפילו רביצינס פון די מיידל־חדרים בית־יעקב. וועגן דעם ענין גופא וואָס דער פאָרזיצער האָט געזאָגט, שטעלט זיך אַוועק ריידן אַ יונגערמאַן אַ בעל־לשון, אַ בריה, אַ מזכיר פון אַ ישיבה. לעבעדיק דער־ציילט ער די מעשה מיט דעם דאָקטאָר פראַנקעל, וואָס האָט זיך אין יאָר תרט״ז, 1856, באַוויזן אין ירושלים. אַ נײַער מענטש, און מיט אַ מאָדער־

נעם טיטל, האָט אים דער ייִדישער עולם געגומען באַזונדער נאָכקוקן. איבער זײַן שרײַבטיש, האָט מען געזען, איז אויסגעהאַנגען דער פּסוק: „שויתי ה׳ לנגדי תּמיד״, גאָט איז תּמיד פֿאַר מײַנע אויגן. תּפֿילין טראָגט ער צוויי פּאָר; נאָך די תּפֿילין פֿון רש״י טוט ער אָן פֿון רבינו תּם. און גייט ער איבער אַ שוועל, אָדער עפֿנט אַ טיר, איז אַ קוש די מזוזה... זײַנען אָבער אַ לויף געטאָן ידיעות, אַז אין זײַן שטאָט ווין איז אָט דער כּשרער ייִד אַ גאַנצער מחותּן גאָר מיט די רעפֿאָרמערס, מיט די וואָס ווילן עס די תּורת־משה „אויסבעסערן און מאָדערניזירן״... מיטגעבראַכט האָט ער פֿון ווין אַ גוואַלדיקן סכום געלט, וואָס דאָרט האָט אים איבערגעגעבן אַ גרויסע ייִדישע גבירטע. גרינדן אין ירושלים וויל זי אַ שול, אַ בית־ספר אויף דעם נאָמען פֿון איר פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער, דעם באַראָן לעמעל. האָט זיך דער דאָקטאָר דערטראַכט, אַז אַחוץ די לימודי־קודש זאָלן אין דער שול זײַן אויך וואַרשטאַטן, אויף צו לערנען די קינדער אַ מלאָכה, און געלערנט זאָלן גאָר ווערן אויך וועלטלעכע לימודים, און אַפֿילו פֿרעמדע לשונות...

מיט אַ לוסטיקן חוזק האָט זיך דער יונגערמאַן ממש צעכיקעט:

— אַ שקאָלע אין דער עיר־הקודש!.. אין די יאָרן וואָס אין ירושלים האָט נאָך געלעבט רב זונדל סאַלאַנטער; און אַ ייִשוב דורכויס על־טהרת־הקודש. געוווּסט האָבן די דורות נאָר פֿון חדרים מיט לימודי־קודש און מלמדים יראי־שמים... אומזיסט האָט זיך דער צבוע באַמיט אויפֿצווײַזן פֿאַר די רבנים און פּני־העיר, אַז דער בית־ספר וואָס ער גייט גרינדן איז לויט דער שיטה פֿון חז״ל וואָס פֿאַרבינדן תּורה מיט דרך־ארץ. און געשאָטן האָט ער מיט פּסוקים און מיט מאמרים פֿון גמרא און מדרשים; אַלץ האָט ער געטאָן צו כּשרן זײַן צלם־בהיכל!..

מיט זײַן גאַנצן שפּיל האָט זיך דעם פּיפּיקן דאָקטאָר פֿאָרט ניט אײַנגעגעבן אַרויסצובאַקומען אַ הסכּמה פֿון די רבנים און גדולים. אַ חרם אַ פֿײַערדיקער איז אין ירושלים געוואָרן אויסגערופֿן אויף יעדן איש מישׂראל וואָס וועט זיך דערוועגן צו שיקן זײַנעם אַ זון אָדער טאָכטער אין אַ שול פֿון גויישן שטייגער און נאָך מיט אַ לימוד פֿון פֿרעמדע לשונות. מיט

אַ האַרבער גזרה, און קללות, איז דער חרם מזהיר, וואָרנט בכל תוקף אָט די וואָס וועלן עובר זײַן אויף דעם איסור גמור, און דורך דעם דערבערענגען זייערע קינדער צו הפקרות און אַפּיקורסות, און אַפילו שמד, רחמנא ליצלן...

אַ שטאָמל איז שוין אַרײַנגעכאַפּט אין דעם דרייסטן קול פון דעם רעדנער. אָפּגעטאָן איז שוין אַפּנים פון אים דאָס הײַטערע געמיט. יעדע ווײַלע פאַרהאַקט זיך זײַן געטאָקטער דיבור, אין זוכן משמעות אַ פּאַסיק וואָרט. פון דער נאָענט מערקט עס אויך רב אָשר־זיסל, און ער נעמט שוין דאָ אַרויסהאָבן דעם יונגנמאַן אין זײַנע ווײַטערדיקע ווערטער:

— דער דאָקטאָר, דער קונצן־מאַכער, האָט מיט זײַנע גענגעלעך פּאָרט פאַרלייגט אַ שול, אין דער עיר־הקודש. אַזאַ מיכשול, בעוונותינו הרבים... ירבעם בן נבט, האָט מען אים גענומען רופן, ווי יענער מלך וואָס האָט אַליין געזינדיקט און געמאַכט דאָס פאָלק זינדיקן... און נאָך אָט דעם פּורץ־גדר, דעם גרענעץ־ברעכער, האָבן שוין גענומען זיך אַרײַנרײַסן נאָך און נאָך ווינטן מאָדערנע, און שטורמיש זיך צעבושעוועט אויף דעם אַלטן חינוך... באַוויזן האָט זיך אַ בן־יהודה מיט זײַנע בלעטער, די טרייפענע, און מיט זײַן מאַכן פון לשון־קודש אַ לשון חול... און עס זײַנען אָנגעשוווּמען די ציונים און חלוצים, און כופרים משׂכּילים, און סתם מופקרים... ביי אַזעלכע סכּנות פלעגן זיך די רבנים כאַפּן צו באַנײַען דעם חרם, און נאָך מחזק זײַן... אָבער בנוגע לשונות זרות, פרעמדע שפּראַכן, איז מיט דער צײַט געפונען געוואָרן, יע, געפונען געוואָרן אַ היתּר...

— נאָר פאַר יינגלעך!.. — רײַסט זיך אַרײַן אַ הייזעריקע שטים, און שוין איז דער שרײַער בײַם טיש פון נשׂיאות — געקומען איז דער היתּר, ווײַל דאָס לערנען אַ פרעמד לשון אַ ביסל, אין אַ קליינער מאָס, נאָר תּכליתדיק, טראָגט עס ניט אין זיך די סכּנה פון מקלקל זײַן דעם מאַנצביל. אַ יינגל, איז ער דאָך שוין פון חדר אָנגעזאָפּט מיט תּורה, און איז ממשיך אין אַ ישיבה. און ווען ער איז שוין אַ דערוואַקסענער און נעמט זיך צו מיסחר אָדער אַ מלאָכה, לעבט ער דאָך אַלץ מיטן בית־מדרש, און מיט אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק מישניות, אגדתא, אַ דבר־הלכה... זײַנען דערפאַר די גדולי־התּורה געגאַנגען מיטן כּלל „האור דוחה את החושך״, ליכט פאַר־

טרײַבט פינצטערניש; די סך תּורה בײַ דעם מאַנצביל איז בכּוח מבטל צו זײַן יעדע שעדלעכע השפּעה. איז שוין ממילא ניטאָ דאָ די סכּנה פון דעם פרעמדן לשון. און מהאי טעמא איז געקומען דער היתּר...

— טאַקע בפירוש נאָר פאַר ייִנגלעך! — פאַרשטאַרקט פלאַמיק די רייד נאָך אַ ייִד, רײַך געקליידט און דער אַרויסזאָג מיט תּקיפער חשיבות — פאַר טעכטער, תּלמידות, איז דער איסור שריר וקיים, האַרב זוי געוועזן; לשונות זרות פאַר זיי, אַפילו ניט ביז דעם גוייִשן „אַ״!.. אַז תּורה לערנען מיידלעך זייער ווייניק, טאָ וואָס קאָן זיי שיצן קעגן די מאָדערנע השפּעות? און דאָך אַ גמרא: „נשים דעתן קלות״, לײַכטזיניק נעבעך. זײַנען אַוודאי און אַוודאי גרויס די סכּנות וואָס לויערן אויף זיי... פאַר אַ מאַן, שרײַט מען, איז גוואַלדאָוונע די תּועלת פון אַ פרעמד לשון; איז דאָך ניט שייך, פּיקוח־נפש... אַ מיידל אָבער, ווי זי האָט חתונה, איז דאָך „כּל כּבודה בת מלך פּנימה״, דער כּבוד פון אַ פרוי איז צו זיצן אינדערהיים. און באמת, אויף צו פירן אַ שטוב און האָדעווען קינדער, איז אין ירושלים שוין אויך נייטיק ענגליש?..

— רב קלמן, און ביז די מיידל האָט חתונה? — שפּרינגט אַרויס אַ צעקאָכט קול — איר אַליין, אדון רובין, איר האָט ניט געוואָלט אָננעמען מײַן טאָכטער צו אײַך אין באַנק, ווײַל זי קען ניט קיין ענגליש!..

— כּל כּבודה, כּבוד דער פרוי אַז זי איז נאָר אין איר היים... — איז בײַסיק נאָך איינער — און אַז די היים הונגערט, און זי, די מאַמע, מוז אַרבעטן אויף חיונה?.. וואָס ווייניקער אַרויסגיין פון שטוב, איז געוויס אַ גרויסער כּבוד פאַר אַ פרוי וואָס האָט אויך אַ באַזונדער מזל צו האָבן אַ טאַטן אַן עושר...

לאָזט זיך שוין רב אָשר־זיסלען תּופס זײַן די שטימונג אויף דער אסיפה — די געמיטער, די געמיטער. ניט איין מאָל טאַקע איז אים לעצטנס אויסגעקומען צו הערן וועגן דעם ענגליש. אַ סך האַלטן אַז פון תּכלית וועגן מוז די שפּראַך ווערן אײַנגעפירט ווי אַ לימוד אויך פאַר מיידלעך. אַ הכרח־הזמן, דערקלערן זיי, דאָס לעבן צווינגט אויף. אָן דעם לימוד, טענהן אַ סך עלטערן, איז הײַנט דער מענטש ווי בלינד און שטום. אָט וועגן דעם פלאַ־

קערט עס דער וויכּוח... אָבער קלאָר אין גאַנצן איז אים נאָך אַלץ ניט, רב אָשר־זיסלען. ער אַליין איז דאָך ניט קיין עסקן פון חינוך און ניט קיין לערער, און זײַנע זין און טעכטער זײַנען שוין העט־העט נאָכן שולעלטער. טאָ לשם וואָס האָט מען עס אים אין די יום־טוב־טעג אָוועקגערופן פון שטוב, און ער זיצט דאָ סתּם אויף דער אסיפה, צוליב וואָס? — ווייס ער ניט.

## היתּר קאַטאַמאָן

— אויף אַ וועג אַ זײַטיקן איז די אסיפה אַוועק... אַ פּונקט גאָר אַן אַנדערער שטייט צום מברר מאַכן, זײַנען אָבער אַוועק רייד שלא ממין הטענה, ניט אויף דעם שטח...

זײַן באַמערקונג באַקרעפטיקט דער יושב־ראש מיטן אַרויסציִען פון וועסטל־קעשענע דאָס זייגערל. באַזאַכט הייבט ער אויס די פּאָדערזײַט און פירט היין און צוריק די ווײַזערס קעגן די אויגן פון דעם ברויזנדיקן עולם. אַן אָנווונק אַז די שעה איז שוין שפּעטלעך און די נאַכט איז פון הושענא־רבה; און בײַ דעם כּותל און אין די בתּי־מדרשים הייבט זיך שוין באַלד אָן דער תּיקון ליל הושענא־רבה... בניחותא דערמאָנט אויך דער פּאָרזיצער, אַז לויט חז״ל רעכנט זיך כּעס ווי עבודה־זרה, און זילזולים, מבטל זײַן אַ מענטשן, איז בכלל מידה מגונה. אַפּשיטא שוין ווי אַ ייִד דאַרף זײַן דערפון ביזהר אין דער נאַכט פון הושענא־רבה, וואָס אין די אָ שעהן נעמט שוין גיין אין הימל דער גמר־דין...

איז טאַקע געוואָרן אויסגערופן זײַן נאָמען? מענטשן טיאָכקען אים, רב אָשר־זיסלען, ציִען בײַ די אַרבל, שושקען אַרײַן, ער זאָל צוגיין צום טיש... פאַרשטייט ער שוין ניט, וואָס מען שטעלט אים אַוועק פּונקט אַקעגן די רבנים, גאָר מעשׂה עדות... בזה הרגע הייבט אָן אַ דיין פון מאה־שערים ווי פאָרשטעלן אים פאַרן עולם און לויבט אים אַרײַן פאַר אַן איש ניכבד, און גרויסער בעל־צדקה. באַזונדער צייכנט זיך אויס דער טײַערער זקן — גיט ער צו — מיט זײַן וווּנדערלעכן זכרון!.. און פון די שבחים, מיט איין מאָל שוין פאַרשעריש:

— רב אָשר־זיסל, אויך איר האָט דאָ געהערט אַז דער חרם אין ירו־שלים אויף לשונות זרות, פרעמדע שפּראַכן, איז אין דער שטאָט געוואָרן צו מאָל באַנײַט. געדענקט איר אפשר ריכטיק דאָס יאָר פון דער לעצטער באַנײַונג, וואָס נאָך דעם איז דער חרם שוין מער ניט געוואָרן אויסגערופן ?.. און קאַטאַמאָן, געדענקט איר דעם מקום פון אַמאָליקע יאָרן ?

אַ הייב גיבן זיך די שמאָלע פּלייצעס פון דעם אַלטן, און זײַנע הענט טוען פלינק אַרויף די ברילן אויף זײַנע אויגן וואָס ברייטערן זיך, ווילן קלערער אויפכאַפּן דעם אויסדרוק אויף די פּנימער פון די רבנים. באַזונ־דער מוקשהדיק קלינגט אים דער צונויפפּאָר פון דעם חרם מיט דער שכונה קאַטאַמאָן... די השתוממות רײַסט זיך אויך פון זײַן צונג :

— דער לעצטער חרם, אַ מעשׂה פון שנת תּרע״ד. יע, אין דעם יאָר האָט זיך עס אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, 1914. און גאָר קאַטאַמאָן... אַוודאי געדענק איך דעם מקום נאָך פון אַמאָל. מיט מײַן טאַטן, עליו־השלום, פלעג איך גיין אַהין, זיך חשבונען מיט אַ יווני, אַ גריך, וואָס איז געווען אַ גרויסער סוחר פון תּבואה און מעל און מיר פלעגן בײַ אים קויפן פאַר אונדזער בעקערײַ... קאַטאַמאָן, הײַנט פון די פרומע שכונות אין אונדזער ירושלים, און הייסט גונן. אָבער אין יענע יאָרן האָבן דאָך ניט געלעבט דאָרט קיין ייִדן, קיין איינער אויך ניט...

— אָט־אָט !.. — רופט אויס אויפגעשײַנט נאָך איינער פון די רבנים בײַם טיש, און זיי אַלע פאַלן אַרײַן צווישן זיך אין אַ לעבעדיקער שושקערײַ. האַפּערדיק כוואַליען זיך איינע איבער די אַנדערע די ברייטע קאַפּעליושן און שטרײַמלעך. אַן אײַליקער ייִשוב־הדעת.

— רבותי, אַן ענין אַ האַרבער. שוין וואָכן ווי אַ באַזונדער בית־דין האָט וועגן דעם אַ שקלא־וטריא... — רעדט ווידער דער דיין, און שוין צו דעם גאַנצן עולם — רבותי, דער חרם מיטן איסור אויף לשונות זרות, וואָס קדושי־עליון, די רבנים פון ירושלים אין די פריִערדיקע יאָרן, האָבן בשעתם אויסגערופן אויף דער שטאָט ייִדן, אָט דער איסור חמור איז אַוודאי שריר וקיים, לית מאן דפליג !.. אין מעיין זײַן אָבער טיפער אין דעם ענין, איז אונדזער בית־דין אַרויס פון דער הנחה אַז אַ רב, אַפילו אַ גדול שבגדו־

לים, איז זײַן חרם חל נאָר אויף דעם מקום פון זײַן רבנות, אין דעם תּחום וואָס ער איז דער מרא־דאַתרא. שוין אַזוי אָנגענומען מקדמת־דנא... ניט שווער איז אונדז אויך געווען מיטן פעסטשטעלן דאָס יאָר וואָס דער חרם איז געווען דעם לעצטן מאָל אויסגערופן. טאַקע אין שנת תּרע״ד, ווי מיר האָבן דאָ אויף זיכער ווידער געהערט. לאַנגע בירורים זײַנען אָבער צווישן אונדז געגאַנגען בנוגע עטלעכע שכונות פון דער הײַנטיקער ירושלים. בית־דין האָט זיך געהאַט צו דערגרונטעווען, צי אין די מקומות האָבן אויך אין תּרע״ד, 1914, אין יאָר פון דעם לעצטן חרם, צי האָבן דאָרט נאָך באמת ניט געלעבט קיין ייִדן. סוף־סוף האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף קאַטאַמאָן. וועגן דעם מקום האָט קיין איינער ניט פון די עלטערע רבנים זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, אַז ביז דער ערשטער וועלט־מילחמה איז מען פון דאָרט געקומען מיט אַ שאלה, אָדער חמץ פאַרקויפן. די עירובים פון שבת זײַנען דעמאָלט אַפילו צו דער גאַנצער געגנט דאָרט־אַרום ניט געווען דערגאַנגען. אויך אין די פּינקסים פון די חברות־קדישא איז ניט צו געפינען דאָס וואָרט קאַטאַמאָן אין שייכות מיט אַ ניפטר... מיטן אָננעמען אָבער אַ החלטה, האָבן מיר נאָך אָפּגעוואַרט. געוואָלט האָבן מיר אויסהערן אויך אַ מענטשן פון עלטערן דור, וואָס האָט אין שטאָט דאָ געהאַט צו טאָן ניט נאָר אין דער סביבה פון ייִדן. און אָט האָבן מיר אַלע וועגן קאַטאַמאָן געהערט דײַטלעכע ווערטער, און טאַקע פון אַ ייִדן פון דעם עולם־המעשׂה, אַן איש־נאמן און מקובל על הבריות...

דער דיין זעצט זיך און נעמט ווישן דעם שווייס פון פּנים מיטן שטערן, ביז טיף אונטערן קאַפּעליוש. פון די מיטזיצערס אין נשׂיאות ציִען זיך צו אים יישר־כּוחן מיט אַ לויב פאַר זײַנע דורכגעטראַכטע רייד. אויך פון די שכנותדיקע שטולן שטרעקן זיך אָרעמס מיט האַנטדרוק און הויכן אָפּשאַץ... ווי אויף אַ מײַסטעריש צוגעגרייטן וועג, אָפּגעראַמט פון שטרויכלונגען, שטעלט זיך צום ריידן אַ חסידישער רבי, דער ראש פון דעם בית־דין. צו ערשט לויפט פון אים אַ ווונק צו רב אשר־זיסלען, ער זאָל זיך זעצן אויף זײַן אָרט, צוזאַמען מיט אַ בליק אָנגעלאָדן מיט אַ התנצלות פאַר דעם אָפּ־האַלטן אים, דעם זקן, אויף די פיס. מיטן אַלטן הייבן זיך אויך אָן דעם

רביס ערשטע ווערטער וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַן אַנטשיידנקייט, ווי אַ פסק־דין:

— געמערקט האָבן מיר אין דעם ריידן פון דעם עד־נאמן רב אָשר־זיסל, ווי עפּעס אַ תמיהה אויף דער סמיכות־הפרשה פון דעם חרם אויף פרעמדע לשונות און גאָר מיט אַ שכונה קאַטאַמאָן... איז אָבער יע דאָ אַ שייכות, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אונדזער מברר מאַכן דעם ענין פון אַלע זײַטן, און וואָס האָט אונדז געבראַכט צו אַ כּלל־דעה און דעת־תורה... בכן, איז בײַ אונדזער בית־דין נימנו וגמרו, היות אַז אין שנת תרע״ד האָט נאָך אויך ניט געלעבט קיין איש־מישׂראל אין קאַטאַמאָן, דער מקום בײַ ירושלים, וואָס איז דעמאָלט בכלל ניט געווען אין תחום פון דער רבנות אין דער עיר־הקודש; און היות אַז אין דעם זעלבן יאָר תרע״ד איז דער חרם אויף לשונות נכריות אין ירושלים געוואָרן אויסגערופן דעם לעצטן מאָל און שוין מער ניט געוואָרן באַנײַט — נימצא אַז דער חרם מיטן איסור זײַנען לכתחילה און מעיקרא גאָר ניט געווען חל אויף דעם דער־מאָנטן שטח. לכן, איז שוין ממילא ברור כּשמש, אַז דער לימוד פון ענגליש אין דער שכונה קאַטאַמאָן איז הײַנט לחלוטין מותר, אָן שום חשש און פּגם.

די צעגלאָצטע אויגן בײַ אַ סך פון עולם און דער אויפשפּרונג פון מײַלער צעעפנטע, שטויסן זיך אָבער אָן אויף דעם שטרענג־קאַלטן קוק פונעם פאָרזיצער. געלאַסן און פּיקחיש איז אויך זײַן וואָרט:

— לא זה הדרך ולא זה העיר... אַז גאָר אויף אַן אַנדער שטח איז די אסיפה געווען אַרויף, אָט די חילוקי־דעות און פאַרשאַפטע טענות... און באמת, ניט מיט גוואַלדן איז דער דרך פון יראים ושלמים. און דער עיקר, לאָ זה העיר, אַז דער ענין איז גאָרניט בנוגע ירושלים. עס גייט וועגן אַ תחום וואָס האָט קיין שייכות ניט געהאַט מיט דער קהילה אין דער שטאָט... וועלן בעזרת־השם די תלמידות פון אונדזערע מיידלשולן קאָנען קומען קיין קאַטאַמאָן אויף עטלעכע שעה דורך דער וואָך און דאָרט לערנען ענגליש בהיתר.

— און דער מרחק? — רײַסט זיך אָפּ אַ פאַרביסן קול — קינדער וועלן דאַרפן שפּאַנען אַזש קיין קאַטאַמאָן!..

— אַ הלכה וואָס לאָזט זיך אײַנזעצן... — איז דער ענטפער גרייט בײַם פּאָרזיצער, וואָס האָט שוין משמעות געוואָרט אויף אַזאַ פראַגע — ווילן מיר טאַקע מודיע זײַן. ערב ראש־חודש חשוון ווערט אם־ירצה־השם אײַנגעאָרדנט אַן עצרת־עם, מיט אַ באַזונדער מחיצה פאַר נשים, אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, אויף מחזק זײַן אונדזער חינוך; ווען מיר דאָרטן ברוב־עם מפרסם זײַן וועגן דעם היתר אויף ענגליש... און אָט האָבן מיר אין דעם הײַנטיקן אָוונט געהאַט דעם כבוד צו הערן די וויכטיקע רייד פון אַ יידן אַ יקר און אַ חכם ונבון, רב אָשר־זיסל, זאָל מאריך ימים זײַן. האָפן מיר אויך צו זען אים אויף דער גרויסער פאַרזאַמלונג, און זײַן אָרט וועט זײַן אין נשיאות. געוויס וועט ער זיך ניט אָפּזאָגן צו דערציילן פאַרן פיל־צאָליקן עולם, אין דעם גרויסן זאַל, וועגן קאַטאַמאַן פון יענע יאָרן... רב אָשר־זיסלען קומט דאָך אַ מזל־טוב, צו דעם תנאים פון זײַנעם אַן אייניקל, אַ בחור אַ מצוין, מיט אַ טאָכטער פון אַ יידן אין אַמעריקע. און ווי מען רעדט, אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער... לייגט זיך גראָד אויפן שׂכל אַ מין סברה, אַז אונדזער רב אָשר־זיסל וואָלט געקאָנט אַ סך מיטהעלפן אין פאַרענטפערן די קשיה מכּוח דעם מרחק קאַטאַמאַן. פשוט, ער שרײַבט אַן אַ בריוו קיין אַמע־ריקע, צו דעם גליקלעכן מחותן, אָדער טאַקע אַ רייד מיט אים טעלעפאָניש; וועט שוין קומען געשענקט אַן אויטאָ אויף צו פירן די קינדער היין און צוריק... בכן, דריקן מיר אויס שוין דאָ, פּה־אחד דריקט אויס די אסיפה דעם שטאַרקן ווונטש, אַז רב אָשר־זיסל זאָל זײַן דער מסייע במיצווה. און בעזרת־השם קאָנען מיר זײַן זיכער, אַז אויף דער עצרת וועט דער גע־פאַקטער זאָל שוין הערן די בשׂורה וועגן דעם אויטאָ!..

געענדיקט די אסיפה, גיבן זיך צו רב אָשר־זיסלען אַ צי וואַרעמע הענט פון רבנים און עסקנים. אַרײַנגעשאָקלט ווערן אין אים ברכות און שבחים פאַר די מעשׂים־טובים פון אים און זײַן פרוי. וועגן דער פלונית הערט ער די געהויבענע ווערטער — צדקנית, ייִדישע נשמה, מלאך־המושיע.

מיט כּבוד אויף כּבוד איז אָנגעלאָדן דער טראָט פון רב אָשר־זיסלען צו זיך אַהיים.

**מיט אָפענע אויגן**

אַרויס פון דעם בנין, שטויסט זיך אָן רב אָשר־זיסל אין דעם באַלויכ־טענעם הויף גאָר אויף אַ נײַעם עולם. שוין בײַ דער טיר ווערן מיט קולות איבערגענומען מענטשן וואָס ווײַזן זיך פון דער אסיפה. יִנגלעך מיט פלאַ־קערדיקע אויגן און פלאַטערדיקע פּיאותן פּאָכן מיט שרײַיִקע פלאַקאַטן:

„דו יו ספּיק אינגליש, מיסטער, סער?"

„לאָרד אָף מערת־פּריצים"

„הכזונה יעשׂה את אחותנו?!!"

חוזק ווערט עס געמאַכט פון דער החלטה וועגן ענגליש, און די גאַנצע אסיפה ווערט פאַרגליכן צו אַ מערת־פּריצים, אַ גנבישער צונויפקום פון אַ כאָפּטע הולטײַעס; און אַפילו מיט אַ פּסוק פון דער תּורה ווערט גע־וואָרנט פון דערפירן יִדישע טעכטער צו אויסגעלאַסנקייט. צעקנייטשט זײַנען טייל פלאַקאַטן, און די יאָרן שטויב אויף זיי דערמאָנען רב אָשר־זיסלען פון אַ שטורעם אַן אַמאָליקן קעגן דעם חברן זיך פון יִדישע פרויען מיט די בריטישע זעלנער...

יִדן האָבן שוין דערשמעקט. רב אָשר־זיסל זעט ווי ניט געהאָלפן האָט די גאַנצע סודותדיקייט פון דער אסיפה. געוואָלט האָבן אַפּנים די עסקנים אַז דער יום־טוב זאָל דורכגיין אָן אַ טומל און אַז די ידיעה וועגן דעם לימוד ענגליש זאָל ניט ווערן באַקאַנט שוין־גלײַך... די יִדן אָבער אין דרויסן ווייסן שוין וואָס אין זאָל איז געווען גערעדט, און ווער זײַנען עס געווען די גרויסע ריידערס, און אַפילו ווער האָט אין גאַנצן געשוויגן. מיט אַ גוואַלד איז גע־וואָרן איבערגענומען אַן עלטערער מלמד. שוין אַ רעדל אַרום אים:

— „אויף מסירת־נפש וועל איך גיין קעגן דעם ענגליש, די נײַע עבודה־זרה!", האָט איר אַלץ געשריִען; שטורעמען וועט איר אויף דער אסיפה, דאָך מבטיח געווען... און גאָר אַ מויל מיט וואַסער... אײַער וואָרט, רב שלמה?!

— אַ קשיא דווקא אַ קנאַפּע — האַלט אונטער מיט גיפט אַ תּמימותדיק פּנימל מיט אַ רויט־פײַערדיק בערדל — צוגעזאָגט, אַ וואָרט געגעבן... זײַ־נען אויף אַזעלכע אָ טענות שוין באַקאַנט כּמה וכמה תּשובות. איינער אַז

מען פרעגט אים, פאַר וואָס ער איז ניט מקיים זײַן וואָרט, ענטפערט ער באַלד צוריק: טאָ וואָס האָט מען מיר געגלייבט? און אַן אַנדערער גייט גאָר אַרויס מיט אַ טענה: וואָס בין איך, דער רמב״ם?..

— אַל תדון את חברך... — דערהערט זיך אַ לשון שוין מיט אַ טאָן פון אַ סניגור — מישפט ניט אַ מענטשן ביז דו אַליין ביסט ניט אין זײַן הויט. חכם, איין קוק פון רב יוסף־לייבן, דעם יושב־ראש, איין בייזער פינטל, איז שוין אַ כפרה דײַן גאַנצע הבטחה. די שעה זאָל ניט זײַן, ביסטו כהרף־עין אַ נישׂרף; פאַרגעס שוין פון אַוועלכן מעמד אָדער תמיכה; אויס דירה אין כולל, מאַרש־אַרויס דעם טאַטן דײַנעם פון מושב־זקנים... הושע־נות קלאַפּט מען ערשט מאָרגן פרי, אָבער דורך דעם ענגלישן קול־מבשׂר גייט דאָ איצט אַרויס פון זאָל ניט איין אָפּגעשלאָגענע הושענא...

הושענא־רבה!.. שטעלט שוין רב אָשר־זיסל טריט צום גיין. ווילן דאָ אָבער מענטשן אַ רייד טאָן אויך מיט אים. מען שרײַט אָבער ניט. מיט רמזים און אויפקלער שטייט קעגן אים אַן אַברך פון אַ ישיבה. שלאַנק און בלאָנד איז דער יונגערמאַן, די אויגן גרוי צעצונדן און בײַסיק דאָס לשון:

— רב אָשר־זיסל, אַ מסייע במיצווה זאָלט איר זײַן, האָבן אײַך די צבויאַקעס געזאָגט; העלפן זיי קריגן אַן אויטאָ... זײַן וועט איר אָבער אַ מסייע בעבירה, אַ שותף צו די חוטאים־בעגל. דער עגל־הזהב; ענגליש העלפט מאַכן געלט, איז דאָך זייער גירסה... און די לשון־זרהניקעס וואַרפן שוין אַן אייגל אויף נאָך אַן עגל־הזהב, אויף דער גאָלדענער אמעריקע. און איר, רב אָשר־זיסל, אַ ייִד אַ ירא־שמים, זאָלט עס פון דעם עגל אויס־מעלקן אַן אויטאָ. דורך אַזאַ מעשׂה־מרכּבה, דעם רײַטוואָגן, וועט איר עס אַרונטערברענגען דעם גרויסן נס פון קפיצת־הדרך. מיט איין שפרונג וועלן קאָנען ייִדישע קינדערלעך, די צאן־קדשים, געבראַכט ווערן צו דעם מיזבח פון דער לשון־זרה...

אין הויף אַרײַן לויפן אָן ייִנגלעך און נעמען טיילן פריש־געדרוקטע בלעטלעך, פול מיט דערוויַיזן און אַזהרות קעגן דעם היתר אויף פרעמדע לשונות. אין דעם רויט־שרײַיִקן איבערקאָפּ „פיקוח־נפש!!" — שטעקט שוין אַפּנים אויך די כוונה פון די ענגליש־קעגנערס צו פאַרענטפערן זיך

פאַר דעם שרײַבן און דרוקן די בלעטלעך אום חול־המועד, אין די טעג פון יום־טוב...

אויפן קול צעלייענען זיך ייִדן. מען לאָבט זיך מיט די בלעטלעך. אויסגעחוזקט ווערן די גרויסע חכמים וואָס מיינען אַז אַ פרעמד לשון איז מסוגל מיטצוהעלפן אין פרנסה. אַ שטייגער ווי פון הימל איז גאָר פאַר יעדן מענטשן שוין ניט באַשטימט זײַן אויסקום אויף דעם גאַנצן יאָר, פאַרויס. אויף די אָ קטני־אמונה, די שוואַכגלייביקע, איז געגעבן אַ משל מיט איינעם אַ טיפּש. אַרײַנגעקומען איז אָט דער צו אַ קרעמער און גענומען אים געבן אַן עצה ווי צו ווערן גיך רײַך. אָט שטייסטו בײַ אַ פאַס, האָט ער געזאָגט, און דו פאַרקויפסט בוימל פון אַ קראַן. פראַוווע צו אין דער פאַס נאָך אַ קראַן, וועסטו האָבן פרנסה טאָפּלט...

אין דעם ווײַטערדיקן לייענען פון די בלעטלעך, בײַ די ווערטער וועגן דער סכּנהדיקער השפּעה פון פרעמדע לשונות אויף מיידלעך, ווײַל נשים זײַנען דאָך פּטור פון לערנען תּורה — לאָזט שוין הערן זײַנעם אַ וואָרט רב אָשר־זיסל. דער אַלטער בורר, וואָס איז אַ מומחה אַ גוואַלדיקער אין פונאַנדערקלײַבן סיכסוכים צווישן סוחרים און אויסגעפינען פשרות — נעמט ער אַרויסברענגען זײַנע אַ סברה:

— אַן אישה איז טאַקע ניט מחויב צו לערנען תּורה. אָבער עס פעלן דאָך ניט קיין פרומע ספרים וואָס זײַנען אַפילו באַזונדער געשריבן פאַר פרויען. טאָ זאָל מען מיט די מיידלעך אין די שולן לערנען מער פון די חיבורים, וועט אויך זײַן אָפּגעפּאַלן די השפּעה פון דעם פרעמדן לשון.

דאָ איצט אויפן הויף גילט אָבער גאָר שוואַך די לעבנס־חכמה פון דעם אַלטן. אָפּגעפרעגט ווערט ער באַלד דורך דעם ישיבה־אַברך וואָס נעמט דערציילן אַ מעשׂה־שהיה. באַזעצט האָט זיך אין ירושלים אַ מישפּחה פון חוץ־לאָרץ. הערט מען איין טאָג אַז אַ טאָכטער פון דעם הויז איז אַוועק לערנען אין אַ מאָדערנעם בית־ספר. וועגדן זיך מענטשן צו דעם טאַטן, וואָס איז דאָרט אין זײַן לאַנד געווען פון די גאָר פרומע עסקנים. האָט דער ייִד מצדיק געווען זײַן פירעכץ דערמיט, וואָס יעדן טאָג לערנט ער

אַלײן מיט דער טאָכטער אַ פּרק מוסר פון דעם ספר „חובות הלבבות״; איז זי שוין געװאָרנט פון יעדער בײזער השפּעה... ויהי היום, קײן צײַט ניט אַװעק, און עס איז געװאָרן געפּראַװעט די חתונה פון אָט דער מײדל. זעט מען װי נאָך דער חופּה ציִען זיך געסט צום באַגריסן די יונגע פּאָר. און די כּלה, שוין אַן אשת־איש — גיט די האַנט אױך צו די מאַנצבילן. אױפהײבן די אױגן האָט שוין דער קלוגער טאַטע ניט געקאָנט. דערמאָנט האָט מען אים דעם מינהג װאָס װערט געבראַכט אױך אין גמרא: „הכּלה הופכת את פניה״; צוליב צניעות און שעמעװדיקײט האַלט אַ כּלה אומגעדרײט דאָס פּנים, מען זאָל זי ניט אָנקוקן!..

פון די תּורה־װערטלעך און לומדישע רמזים באַלעקט זיך אױך אַ יונגערמאַן װאָס האָט יאָרן געלערנט אין ישיבות און מיט חדשים צוריק געװאָרן אַ שותּף אין געשעפט פון זײַן שװער װאָס איז עפּעס אין געלט־סיכסוכים מיטן פאָרזיצער פון דער אסיפה. האַלט ער, דער פרישער סוחר, אַז צו רב אָשר־זיסלען דאַרף װערן גערעדט זאַכלעך, פּשוט און קלאָר. נעמט ער זיך עס מיטן דערקלערן:

— אַז דער גאַנצער היתּר איז אַדורכגעגנבעט. נאָך פאַר דער אסיפה איז װעגן דעם ענגליש שוין געװען אָפּגעמאַכט בײַ זײ, די שטריקל־ציִערס. ניט געװאָלט האָבן זײ הערן פון אַ באמת גרינטלעכן אַרײַנטראַכט און פון אַ געהײמער אָפּשטימונג. מיט מאַרעװיכערישע גענגלעך האָבן זײ אָנגעדרײט מיט אַ בית־דין; און די קאָמעדיע נאָך אױסגעפּילט מיט אַ גבית־עדות דװקא פון רב אָשר־זיסלען... דאָס אַרײַנשמוגלען אין אונדזערע שולן אַזאַ מסוכּנדיקן לימוד איז נאָר צו פאַרגלײַכן מיט יענעם מאַן װאָס האָט זיך פלוצלינג אַרומגעזען אַז זײַן װײַב האָרעװעט נעבעך שװער אין שטוב. האָט ער איר צו הילף אַרײַנגעבראַכט אַ יונגע שײנע פרוי. אַ װײַב מיט אָפענע אױגן איז אָבער באַלד מוחל די טובה... דערמאָנט זיך דאָ אױך אַ װערטל פון אַ משׂכּיל װעגן דעם דרך־הלימוד אין די פאַרשײדענע שולן. אין די אַלגעמײנע שולן, האָט ער געזאָגט, װערט בײַ דיקדוק דערקלערט, אַז אני גנבתּי איז זמן עבר; אני גונב, זמן הווה; אני אגנב, זמן עתיד. אָבער אין די פרומע שולן, האָט ער זיך צעחכמהט, גײט עס מיט אַן אַנדער

שיטה. דאָרט ווערט געלערנט: אני גנבתי, ברוך־השם; אני גונב, בעזרת־השם; אני אגנב, אם־ירצה־השם...

דעם מענטשן לאָזט מען שוין ניט ענדיקן. אַזאַ ליצנות, מיט די פּראָסטע רייד, און נאָך אין דער נאַכט פון הושענא־רבא!.. דער אַברך פאַרקוועטשט מיט רוגזה די אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף דעם קל, קוועטשט שטאַרקער און שטאַרקער. און די ביידע האַנטפלאַכן זײַנע דריקן און קלאַפּן אין די אויערן, אַרויסצוטרייסלען דאָס אָנגעהערטע. פון דעם אַ יונגנמאַן נעמט ער אַרויסלערנען אַ מוסר־השׂכל. זײַנע ליפּן ציטערן:

— געלערנט און געלערנט תּורה... פאַרנעמט מען זיך אָבער צו געשעפטן און מען פאַרקויפט זיך צום חומר, ווערט שוין אויך דער גאַנצער דיבור חולין שבחולין...

רב אָשר־זיסל שמייכלט און שאָקלט קלוג אונטער מיט זײַן שניי־ווײַסן קאָפּ. אין האַנדל קומט אים באמת אויס צו הערן ניט ווייניק ליצנותן און גראָבע רייד. און אויף דער אסיפה וואָס איז פאָרגעקומען, און די רייד דאָרט מיט אים און וועגן אים — איז אים אַליין שוין גוט קלאָר... זאָגט ער נאָר צו דעם בעל־הלצה:

— האָט מען דעם חכם אײַערן, דעם משׂכּיל, שוין ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן? אָט שוין פון זײַן געקליגלטן דיקדוק לאָזט זיך דרינגען, אַז בײַ זײַנע מענטשן איז דער עבר און הווה און אי דער עתיד פאַרבונדן מיט גנבה. בײַ אַ מאמין אָבער, זאָל שוין זײַן מיט דעם צוגעטראַכטן נוסח, איז דאָך דער אָ חטא על־כּל־פּנים באַגלייט מיט ווערטער וואָס דערמאָנען באַלד אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, און אַ תּורה מיט אַ לא תּגנוב...

— דער היתּר אָבער אויף ענגליש, רב אָשר־זיסל?! — שרײַען צו אים ייִדן וואָס וואַרטן נאָך אויף זײַנעם אַ בפירושן וואָרט — מען זעט דאָך טאַקע מיט אָפֿענע אויגן ווי אַ פינצטערניש כאַפּט אַלץ מער אַרום... וועגן דעם היתּר וועט מען זיך נאָך הרגענען אין די גאַסן!..

— פינצטערניש ווערט אָבער פאַרטריבן ניט מיט שטעקנס, נאָר דורך ליכט... — דרייט זיך אום דער אַלטער און איז אין גאַנג אַהיים.

אין גאַס טרעפט שוין רב אָשר־זיסל די ערשטע גייערס צום תּיקון פון הושענא־רבא, וואָס ווערט געזאָגט דורך דער גאַנצער נאַכט. ניט איינער באַגעגנט אים מיט אַ האַרציקן יישר־כּוח פאַר זײַן טיכטיקן אָנטייל אין דער אסיפה. אַנדערע ווינטשן אים שוין אויך הצלחה אין זײַן רעדע אויף דער גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג וואָס דאַרף נאָך פאָרקומען. אַן אַלטער ידיד איז אים אַפילו מזכּה מיט אַ רעיון און אַ גוט וואָרט, וואָס וועלן זיך לאָזן, מיינט ער, פײַן אײַנפּאַסן אין די רייד אויף יענעם אָוונט. ברייט זײַנען צעטראָגן, זעט רב אָשר־זיסל, די ידיעות פון דער אסיפה, דער געהיימער...

אין זײַן ווײַטערדיקן גאַנג גיט אים דער ערשטער חודש פון יאָר אַ שטראַל שוין אויך מיט דער חשיבות וואָס דערוואַרט אים בשעת דעם גרויסן צונויפקום. אַ גאַר פריידיקער רמז שפּילט אים אָן, וואָס דער אָ כּבוד איז עס אים געוואָרן צוגעטיילט — מיטן אָנקום פון הושענא־רבה, טאַקע אין די שעהן וואָס אין הימל גייט עס אויפן גאַנצן יאָר דער גמר־דין!.. שטײַגט בײַ אים האָפערדיק מיט יעדן טראָט זײַן זיסער חשבון פון תּשרי, די הצלחות זײַנע וואָס דערגייען שוין ביזן סאַמע סוף פון דעם חודש, צו דעם טאָג וואָס ער וועט זיצן אין אַ געהויבענער נשׂיאות און פאַר אַ ריזיקן עולם זאָגן זײַן וואָרט. אַזאַ גוטער תּשרי, אַ חודש מיט ליכטיקע אָנזאָגן אויף דעם גאַנצן נײַעם יאָר!

**בענטשליכט**

גרייט וואַרט שוין דער טיש אין סוכּה אויף רב אָשר־זיסלען. צוריק־געקומען אין דער שפּעטנאַכטיקער שעה, זעט ער אַז זײַן ווײַב האַלט אויך אין גרייטן פאַר אים אַלץ צום מיטנעמען ביז מאָרגן פרי. באַלד נאָכן עסן גייט ער דאָך צום תּיקון, צום וואַך זײַן מיט תּורה און תּפילה דורך דער נאַכט, די נאַכט פון הושענא־רבה. און מיטן נץ־החמה, מיטן זונשפּראָץ, וועט ער זיך שטעלן מיטן עולם דאַוונען... בײַ דער זײַט פון קיטל, וואָס ער וועט אָנטאָן בײַם דאַוונען, ליגט שוין דער נײַ־איבערגעבונדענער „תּיקון ליל הושענא רבה" מיט די תּפילות און תּורה אויף דער נאַכט, אַ ספר וואָס

איז בײַ אים, רב אָשר־זיסלען, אַ ירושה פון דורות. דערבײַ די רעשטלעך פון די יום־כּיפּור־ליכט, צום אָנצינדן בײַם דאַוונען מאָרגן פרי, אין דעם יום החותם הגדול, דער טאָג פון גרויסן זיגל, וואָס איז פאַרגליכן צו יום־כּיפּור. די ווײַב פאַרגעסט ניט דעם אתרוג מיטן לולב, וואָס מאָרגן איז זייער לעצטער טאָג צום בענטשן. פון אַ כּלי מיט וואַסער נעמט זי אויך פאַרן מאַן אַרויס די הושענות און וויקלט זיי אין אַ פײַכטן טוך, זיי זאָלן נאָך בלײַבן פריש ביזן סוף דאַוונען, ביז דעם קלאַפּן זיי פינף מאָל אָן דער ערד...

אין זײַן עסן הערט אויס רב אשר־זיסל פון זײַן ווײַבס מיצוות פאַר דעם אָוונט. זי האָט שוין אָנגעהויבן טאָן וועגן דער הילף פאַר די צוויי ייִדן וואָס זײַנען אין דער פרי געווען דאָ אין סוכּה. גלײַך נאָך יום־טוב באַקומט דער שמש דעם פרידזשידער. און שוין דאָ פעסטע צוזאָגן וועגן פאַר־לײַכטערן דעם מזכּיר מיט זײַנע צאָלונגען פאַר דער משכּנתּא. און ניט אָפּגעשראָקן האָט זי זיך אויך פאַר טרעפּ הויכע און שלעכטע און אין דער פינצטער זיך דערדראַפּעט צו אַ דירה פון אַ נײַעם ניצרך; געבראַכט אַהין געבעקס און געלט אויף יום־טוב...

פון דעם אימפּעוודיקן דערציילן פאַרשטייט רב אָשר־זיסל, אַז דאָס איז בײַ זײַן ווײַב נאָר אַ הקדמה צו ווײַטערדיקע רייד. הערט ער טאַקע, און שוין באַזאָכט:

— גייסט, זיסל, באַלד אין בית־מדרש... דורך נאַכט זײַנען דאָך אַזוי פיל ייִדן בײַם כּותל. איך ווייס אַז אויך פון בית־מדרש כאַפּט מען זיך צו אַהין. וועט עס ניט געפאַלן שווערלעך אויך דיר אָט צו גיין אַ ביסל צו אַזאַ מקום־קדוש?.. נאָך קינדווײַז האָב איך געהערט, ווי בײַם כּותל קאָן מען באַזונדער זוכה זײַן צו זען ווי עס פאַלן אין דער נאַכט פון הימל די צעטלעך; און אַ סך כאַפּן זיי אויף אַפילו מיט די אייגענע הענט, יעדער איינער זײַן צעטל. קאָנען מענטשן לייענען זייער געחתמעטן גורל... אוי, ווי אויף דעם נײַעם יאָר ווילט זיך וויסן!..

האָט שוין רב אָשר־זיסל יע וואָס אַרויס. זײַן ווײַב, הייסט עס, האָט פון איר זײַט געטאָן אַלץ צום באַקומען דעם גוטן צעטל; ביז די לעצטע

שעהן האָט זי נאָך געזען אַרײַנצוכאַפּן מיצוות. איז אַ יושר, מיינט זי, אַז אויך ער זאָל זיך מער באַמיִען... אירע אויגן וואָס וואַרטן אויף אַ תשובה שפּילן אים אָבער אויך אָן מיט אַ קלוגן אַרויספּינקל. טוט ער נאָר אַ זאָג:

— דו האָסט דאָך אָבער נאָך וואָס צו דערציילן...

— אַ מזל־טוב גייט; שושנה... — שמייכלט אָפּ די פרוי — זאָל זײַן נאָר אַ גרינג טראָגן; די לעצטע טראַגעדישן אירע און די קימפּעטן!..

— הער נאָר!.. טאַקע שושנה אַליין האָט דיר דערציילט? — איז שוין פאַרכאַפּט רב אָשר־זיסל.

— ניין, איר קאָרב...

הייבט אָן די אַלטע פון איר ענדיקן דעם טאָג אין דער בעקערײַ, און שוין געהאַלטן בײַם גיין. קומט אָבער אַרײַן שושנה, די דריטע שנור זייערע, און נעמט געבעקס. באַלד אָבער האָט זיך די שנור דערמאָנט צו דערקויפן אין גאַס נאָך וואָס אויף יום־טוב. שטעלט זי אַוועק איר קאָרב און לויפט איידער די קראָמען פאַרמאַכן זיך. האָט זי, די שוויגער, דערווײַל שוין געוואָרפן אַ קוק אין קאָרב אַרײַן. ערשט ליכט — גאָר עלף.

פאַרחידושט קוקט אָן די אַלטע איר מאַן. אַ מענטש האָט געהערט אָט בפירוש די צאָל ליכט — און נאָך ניט באַנומען!

— זיסל, ביסט עפּעס ניט בײַ זיך... האַלטסט דאָך זיך פאַר אַ בעל־חשבון!.. אָט די ערשטע שבתים נאָך איר חתונה האָט שושנה געבענטשט אויף צוויי ליכט, און מיטן פאַרגיין אין טראָגן האָט זי צוגעגעבן נאָך איין ליכט. און בײַ דעם מינהג שוין כּסדר זיך געהאַלטן יעדן מאָל בײַם ווערן מעוברת. בענטשט זי דערפאַר די לעצטע דרײַ יאָר אויף צען ליכט, וואָס שטימט געענוי מיט די אַכט קינדער, זאָלן געזונט זײַן... הײַנט, איך גיב אַ צייל אין קאָרב, עלף; צייל איך איבער נאָך אַ מאָל; יע, בפירוש עלף ליכט, עלף!.. איז דאָך דער חשבון אַ פּשוטער. און אומזיסט געווען דער פּחד, אַז שוין אויפגעהערט בײַ איר מיטן געבוירן. און הלוואי, אם־ירצה־השם, אַ ברית!..

— טאַקע נאָר אַ בן־זכר, וועט זײַן אַ משה־חיים!..

צעקײַט איז שוין בײַ רב אָשר־זיסלען די בשׂורה־טובה, און פאַרטיק

בײַ אים פאַרן קינד אויף דער נאָמען. דער ייִנגל וועט ווערן אָנגערופן משה־חיים, ווי עס האָט געהייסן זײַן, רב אָשר־זיסלס, ברודער וואָס האָט אויף דער וועלט ניט איבערגעלאָזט קיין קינד. שוין אַכט חדשים ווי ער איז אַוועק, און שוין באַלד דער ערשטער יאָרצײַט — און נאָך ניטאָ נאָך אים קיין נאָמען !.. וועט דער ניפטר בײַם ברית באַקומען אַן אָנדענק צווישן די לעבעדיקע, און גאָר גרויס ווערט זײַן זכות אויף יענער וועלט...

— אסתּרן מוז מען גלײַך מאָרגן דערציילן — כאַפּט זיך די פרוי — צו יִזכּור וועט זי שוין קאָנען צוואַרפן משה־חיימען אַ טרייסט !

ווידער איז די אַלטע אויף דער וואַך. אין דעם דאַוונען פון דעם לעצטן טאָג יום־טוב ווערט דאָך געזאָגט הזכרת־נשמות, אַ תּפילה און אַ דערמאָנונג פון די נאָענטע ניפטרים, און די נשמות זייערע קומען זיך צוזאַמען אין בית־מדרש. וועט אסתּר, די שוועגערין, בײַם יזכּור אָנזאָגן איר פאַרשטאָר־בענעם מאַן, אַז אין געציילטע חדשים קאָן שוין זײַן נאָך אים אַ נאָמען...

## אין געוואַרט

מיט די ערשטע טריט זײַנע אין גאַס איז זיך רב אָשר־זיסל שוין טובל אין דער ירושלים־נאַכט פון הושענא־רבה. תּורה־ניגונים און תּפילות פון תּיקון טראָגן זיך אין פולן הילך פון די בתּי־מדרשים און שטיבלעך. צום תּיקון פון דער הייליקער פאָרכטיקער נאַכט שטראָמען גאַסן און געסלעך אין פרומען שײַן פון דעם טיף אויסגעשטערנטן הימל און פון דער היימיש־פאַרטרוילעכער לבנה. די אַ נאַכט־הערשערין ווערט דאָך פון דעם פאָלק ישׂראל אַזוי געטרײַ איבערגענומען יעדן אָנהייב חודש, מיט ברכות און מיט לויב און טאַנץ. ייִדן פון די שכונות און חצרות אַרום, אַלע אין יום־טובדיקן גאַנג. פאַר די אויגן שפּילן די בונטע און ווײַסע מלבושים פון די מיזרח־עדות, און אַ סך זײַנען געהילט אין לײַלעכער. די קאָלירן גיסן זיך צונויף מיט די בלאַנק־ווײַסע קיטלען, וואָס אַנדערע אַשכּנזים זײַנען שוין אין זיי אָנגעטאָן, ווי יום־כּיפּור. אין די הענט בײַ די מענטשן און אונטער

די אָרעמס טליתים און ספרים, דער אתרוג מיטן לולב, און די פרישׂ געריסענע הושענות. אַלץ אויף דער הײַנטיקער נאַכט און ביז אין דער פרי.

מיט תפילות און תורה זײַנען ייִדן וואַך די גאַנצע נאַכט, די לעצטע נאַכט פון די ימי־הדין, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ראש־השנה, און פון יום־כיפור איז שוין אין הימל דאָ דער פסק־דין אויפן נײַעם יאָר. אָפּגעשלאָסן ווערט אָבער דער מישפט אין דער נאַכט. געלייגט ווערט די גאָר לעצטע חתימה און צוגעגרייט פאַר יעדן איינעם זײַן צעטל. און אויב געשריבן איז חס־ושלום אויף ניט־גוט, לאָזט זיך אין די לעצטע שעהן נאָך אויסבעטן אַן ענדערונג. מענטשן ריידן אויך, אַז דורך דער נאַכט גיט זיך דער הימל אַ שפּאַלט, און ניט איינער איז זוכה צו דערזען זײַן צעטל... וואַך איז ירושלים אין דער נאַכט. ייִדן אין געוואַרט. גרויסע־גרויסע שעהן, שעהן הכרעהדיקע גייען אין הימל!

אין בית־מדרש באַשליסט זיך רב אָשר־זיסל צו זײַן די נאַכט טאַקע אויך בײַם כותל. פול איז אים דאָס האַרץ מיט פרייד; דער אָנהייב יאָר איז דאָך אים אַוועק מיט הצלחות, מיט סימנים אַזוינע גוטע אויף דעם גאַנצן יאָר, טאָ ווי זאָלן זיך אין די גורלדיקע שעהן ניט אויסגיסן זײַן שבח־והודיה טאַקע בײַ דעם יסודותדיקן מקום־קדוש, בײַ דעם שער־השמים?..

רב אָשר־זיסלען האַלט ניט אָפּ דער מרחק. טריט זיכערע און וואָרצל־דיקע שטעלן די אַלטע פיס אין דעם וועג צום כותל. קיין טראָפּן פּחד פאַר דער טונקלקייט אין דער ניט־ייִדישער סביבה. ווי פּרוכתן טונקלען אַרויס דורכן טוי די טויערן פון הר־הבית, די אַרײַנגאַנגען צום מקום פון דעם בית־המיקדש. אַ בוק גיט ער זיך בײַ יעדער זעונג. אין די אויערן זײַנע דרינגט ניט אַרײַן קיין שאָרך פון די צעקלונגענע קלויסטערס און פון דעם געזאַנג איבער אַ מעטשעט. ירושלים זײַן ייִדישע, די־אָט־די ריזלט אין אים און דורכגעדרונגען איז ער מיט איר קדושה; קיין חוש זײַנער איז ניט אויפנעמיק פאַר פרעמדגאָטעניש.

אָפּגעהאַקט איז זײַן טראָט בײַם אויפפלאַם פון די אבנים. אַ מיזבח אַ פײַערדיקער אין זײַנע אויגן יעדער שטיין פון כותל. אָבער אויך דורך דעם פאַרשטראַל פון שטאַרקן ליכט אין דער נאַכט, קוקט אַרויס צו רב

אָשר־זיסלען אַ וויסטע גרויקייט. צעאָבלט איז דער חורבן איבער דעם כּותל און שפּאַרט מיט בידנע געוויקסן...

צווישן דעם גרויסן עולם שאַרט זיך אַדורך רב אָשר־זיסל און שטעלט זיך מיט זײַנע תּפילות בײַם כּותל. און שוין איז ער באַנומען מיטן צער פון דעם יונגן מאַן וואָס איז אײַנגעפּרעסט מיטן שטערן אין שטיין און זײַן ביינערדיקער גוף אָן באַוועג. טאָג־טעגלעך זעט מען אים אַזוי אויף דער זעלבער שטעל. שעהן שטייט ער אָפּ אין אויסבעט אויף אַ רפואה־שלמה פאַר זײַנעם אַ קינד וואָס איז געטראָפן פון אַ פּאַראַליז... אַ האַסטיקן צי דערפילט רב אָשר־זיסל בײַ דער פּלייצע. יִראת־שמיִמדיק ווערט ער געוואָרנט:

— ניט געשלאָפן!.. מיט אימפּעט, פּאַרע!.. דער סאַמע גמר־דין, תּיקון ליל־החותם, החותם הגדול!..

אַלע קענען אים דאָ, דעם אַלטן מוכיח און חטאים־זוכער. בעת מען דאַוונט, לויפט ער אַרום צווישן די מענטשן מיט אַ געבייזער, וואָס מען קוקט ניט אין סידור. פון דעם זען מיט די אויגן די אותיות, שרײַט ער, באַקומען די ווערטער מער־מער כּוונה. און מערקט ער אַז די תּפילין אויפן קאָפּ זײַנען בײַ וועמען ניט אָנגעטאָן פּינקטלעך אויף דעם אָרט ווו „דער מוח בײַ אַ קינד אזי נאָך ווייכלעך" — פּאַרריכט ער באַלד, און וואָרנט דעם מענטשן מיט דער האַרבקייט פון דין. אָן אויג וואַרפט ער אויך אויף די רצועות פון די תּפילין, צי האָבן זיי די ברייט פון אַ גערשט, וואָס איז בײַ אים גרייט אין קעשענע צום מעסטן. ער לאָזט ניט דורך בײַ מענטשן אויך די ציצית און גיט זיי אַ בודק, צי זײַנען ניט פּסולע, אָדער ניט ווי דער שיעור אײַנגעמאַכט. ביז גאָר איז ער מקפּיד אויף דברים בטלים בײַ דעם מקום־קדוש, און חלילה־וחס ליצנות!

אין זײַן געזאָג און תּפילות זעט זיך דאָ רב אָשר־זיסל ווי בטל אַקעגן אַ חבורה פון אַ מוסר־כּולל. אָן אַוועלכן ספר אין האַנט, האַלט יעדער איינער נאָר אין איבערחזרן זײַנעם אַ באַזונדערן פּסוק. חרטה און תּשובה און אַ לעכצונג צום בורא־עולם רײַסן דעם הימל — מיט געוויין און קולות און האַרצאויסגאָס, עד כּלות־הנפש:

— לב נשבר ונדכה, אלוקים לא תבזה; אַ צעבראָכן און דערשלאָגן האַרץ, גאָט, פאַראַכטסטו ניט!..

— שלח אורך ואמתך, המה ינחוני; שיק דײַן ליכט און דײַן אמת, זיי זאָלן מיך פירן!..

— לבי ובשרי ירננו לאל חי; מײַן האַרץ און מײַן לײַב זינגען צום לעבעדיקן גאָט...

דער ווינט וואָס קומט פון ים־זײַט וואַרפט זיך איבער די קאַפּאָטעס און טראָגט זיי אין דער לופטן. צעווייעט זײַנען אויך די בערד, שפּאַלטן זיך און זייערע לאַנגע עקן באַמבלען זיך אַוועק אין די האָטשקענדיקע פּיאותן אונטער ברייטע ראַנדן פון שוואַרצע פּליושענע קאַפּעליושן... ווי זיי שאָקלען זיך, ווי זיי פלאַטערן, די ייִדן! נאָך זײַן יעדן שפּרונג צעטופּעט זיך איינער מיט די פיס און דער גאַנצער גוף אין צאַפּל. ווי פאַרשטאַרט און ווײַט איינע פון דער צווייטער זײַנען בײַ נאָך אַ ייִדן די ביידע פיס, און מיט אויסגעשפּרייטע תחנונים־הענט דרייט זיך זײַן קערפּער פאַרחושט אין אַ פיבערדיקן וואָקל. די פיס בײַ נאָך איינעם זײַנען צונויפגעפּרעסט ווי אַ געגאָסענער סלופּ, און דער אייבערשטער גוף אין שלײַדער אויף אַלע זײַטן, ווי אַ יונגביימל אין שטורעם. דבקותדיק פאַרקוועטשט זײַנען בײַ די מענטשן זייערע אויגן; צעעפענען זיך אָבער יעדע ווײַלע מיט אַ פאַררײַס אויף אויבן, צום הימל. אין אַזעלכע שעהן!..

אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט נעמט זיך רב אָשר־זיסל קערן צו זײַן בית־מדרש. ער ווערט אָבער אָפּגעהאַלטן דורך אַ געבראָכענעם בליק. האַרץ־רײַסיק שטייט קעגן אים אַ ידיד וואָס די טאָכטער זײַנע גייט שוין דעם דריטן טאָג צו קינד מיט אַ שפּעטיקן ערשטלינג, און זי איז אויך אין אַ גרויסער לעבנס־סכּנה. לאָזט ער שוין ניט אָפּ דעם ווייטאָגדיקן טאַטן און צוזאַמען מיטן מוסרניק און מיט נאָך פרײַנד נעענטערן זיך די אַלע צום כּותל און שטעלן זיך אין אַ תּפילה פאַר דער מקשה־לילד. העלפט ער דאָ צו, דער אַלטער, אויך בײַם מאַכן אַ שינוי־השם, בײַם געבן אַ נײַעם נאָמען דער קימפּעטאָרין. אַז דער מענטש ווערט אָנגערופן אַנדערש, וועט אים שוין ניט קאָנען געפינען דער מלאך־המוות, בעת זײַן קומען נעמען די נשמה

לויטן אַלטן נאָמען... אין זוכן דאָ איצט פאַר דער יולדת אַ פּאַסיקן און געבענטשטן נאָמען, איז רב אָשר־זיסלען איַינגעפאַלן — חנה. די כּוונה איז אויף דער חנה פון תּנך, וואָס איר נאָמען באַטיַיט חן, און נאָך יאָרן אַן עקרה איז זי געוואָרן די מאַמע פון אַ נביא!

אַז דער נאָמען איז טאַקע געווען מזלדיק, איז געוואָרן באַוווּסט נאָך איידער די תּפילה האָט זיך געענדיקט. אָנגעלאָפן איז אַ קרוב פון אַ דער־בייַיקן טעלעפאָן — צוויי יינגלעך!

— עד עקרה ילדה שבעה!.. — רופט אויס אַ פעטער פון דער יולדת מיט די ווערטער פון דער חנה אין תּנך, אַז אַן עקרה קאָן ווערן אַ מאַמע אויך פון זיבן קינדער...

—קולי אֶל השם אקרא, ויענני מהר קדשו! — פאַרשטייט דאָ ניט דער מוסרניק דעם גאַנצן איבערראַש פון דער גיכער ישועה; דאָך אַ פּסוק אַ בפירושער, אַז אויף אַ תּפילה רופט זיך אָפּ גאָט אָט פון דעם מקום, פון זיַין הר־הקודש...

איז שוין רב אָשר־זיסלס געדאַנק פאַרשוווּמען מיט דעם מאמר וועגן אַ מבקש רחמים על חברו. געזאָגט ווערט אין גמרא, אַז ווער עס איז מתפּלל פאַר אַ צווייטן, און אויך ער אַליין האָט ענלעכס אויסצובעטן, איז ער דער ערשטער אויף געענטפערט ווערן. שיקט זיך טאַקע אַז פאַר זיַין שנור איז שוין אָנגעחתמעט אַ לייַכט האָבן, און אַ בן־זכר!..

טיפער און טיפער בייגט זיך דער קאָפּ פון רב אָשר־זיסלען מיטן גאַנצן גוף, אין זיַין פאַרבוק קעגן כּותל פאַרן אָפּגיין. צעגאָסן איז אים דאָס האַרץ פאַר די חסדים אויף חסדים וואָס זיַינען מיט אים געטאָן געוואָרן פאַר זיַין גאַנצן לעבן. און אָט האָט זיך ביַי אים דאָס ניַיע יאָר פאַרנומען אַזוי פיַין!.. זיַינע אויגן הייבן זיך מיט די הייליקע שטיינער, וואָס דער מאָרגנשטערן באַגריסט זיי שוין מיט אַ פּורפּור, און דער גאַנצער הימל שימערירט מיט אַזוינע וווּנדערלעכע קאָלירן. זיכער איז רב אָשר־זיסל, גוט איז אַרויס זיַין גמר־דין!

1973

# שער השמים

## דאָרטן

צוריק פון זײַן לאַנגער נסיעה, און נאָר אַרײַן אין שטוב, ווײל זיך רב משה־דוד אַפילו ניט צוזעצן. שוין טראָגט אים צום כּותל, צום כּותל־מערבי, וואָס יאָרן אַהין ניט געקאָנט צוקומען. זײַן גאַנצער ברען מיטן אײַלן צוריק, דאָס פאַרקירצן זײַן זיצן בײַם רבין אין ניו־יאָרק, איז דאָך געווען — דער כּותל!.. שווער־שווער אים צו באַנעמען דאָס בעטעניש פון די בני־בית, זייער ווילן אים אָפּצוהאַלטן. פאַררוען זאָל ער זיך אַ ביסל, און אויך הערן פון אים אַ וואָרט. צוליב זײַן עלטער איז דאָך בײַ זיי בכלל געהאַט געווען אַ התנגדות צו דעם עצם לאָזן זיך זײַנעם פון ירושלים אַזש קיין אַמעריקע. און נאָך וואָכן אויף וואָכן האָבן זיי אים קוים דערזען... ווי געצווונגען גייט ער אײַן אויף אַ גלעזל וואַרעמס, און שמייכלט פאָטערלעך צו דעם נײַגער וואָס צילט אין אים מיט אַזאַ ליבשאַפט.

ווייסן שוין שכנים אַז ער איז דאָ, און עס ווייס די גאַנצע שכונה. נאָך עטלעכע זופּן פון דעם מחייהדיקן טיי, קומט אַרײַן רב ראובן, אַ כּוללשער יונגערמאַן. ברייט אין זײַן שלום־עליכם, באַלד אָבער אויך רייד וואָס קלינגען אַזוי גדלותדיק:

— נו, האָט מען דאָרטן כאָטש עפּעס געוווּסט, געהאַט אַ השגה, וואָס דאָ אין ארץ־ישׂראל האָט זיך געטאָן?

די גלאָז טרייסלט זיך אין רב משה־דודס האַנט. צעשפּרונגען איז ער. „דאָרטן"!.. דער רבי מיט די חסידים אין ניו־יאָרק, הייסט עס. צי האָט

מען דאָרטן געהאַט אַ השגה פון דעם וואָס פרעה און די אַנדערע עמלקים האָבן זיך צוזאַמענגענומען אויף אַ מלחמת־השמד קעגן דער מדינת ישראל; און פון די דריַי מאוימדיקע וואָכן וואָס די ייִדן האָבן איבערגעלעבט; און פון דעם גרויסן נס מיטן נצחון איבער די צוררים; און ווי אַזוי די ייִדן זיַינען געקומען צו דעם כּותל־מערבי... אַזעלכע רייד הערט ער עס פון אַן אַברך וואָס איז באַרופן פאַר אַ תלמיד־חכם און ירא־שמים. זיַין פראַגעלע: צי האָט מען דאָרטן כאָטש עפּעס געוווּסט? צי האָט מען געהאַט אַ השגה דאָרטן!

דאָ אָבער וויסן אַלע. אין ניו־יאָרק האָט ער שוין געלייענט וואָס די גענעראַלן און שׂרים פון ישׂראל דערציילן. און יעדער איינער מיט זיַינע דערקלערונגען און מיטן אַרויסהייבן זיַין אָנפיר און זיַינע אויפטוען, וואָס האָבן געבראַכט צום נצחון. פון שיף אין חיפה, הערן באַלד די פּאַסאַזשירן פון אַלע זיַיטן פּרטים אויף פּרטים פון דעם מהלך המלחמה. אויפן וועג מיט דער באַן קיין ירושלים האָט אויך ניט איינער זיך צערעדט פון זיך גופא, ווי ער ממש מיט זיַינע מעשׂי־גבורה איז געגאַנגען פון נצחון צו נצחון. כּוחי ועוצם ידי, מיַין אויפטו, אַלץ איך־איך; ישמרנו השם, צו וואָס מענטשן זיַינען עלול!

און אָט דער אַברך. און צו אים שוין נאָך אַריַינגעקומענע מיט אַ שלום־עליכם. חזרט זיך איבער ווידער דאָס בלינדע פראַגעלע — דאָרטן!

רב משה־דוד טראַגט צו נאָענט צו די אויגן דעם זייגער. וויסן וויל ער וויפל ציַיט האָט ער נאָך אויף באַוויַיזן צום כּותל־מערבי, צו זיַין ערשטער מינחה ווידער אין דעם מקום־קדוש. בעט ער די אַלע זיך זעצן און איז זיך ווי מתנצל:

— בפּרוטרוט איבערצוגעבן פון דער נסיעה, קאָנען אויך טעג אפשר ניט קלעקן; און בכלל, די התנהגות פון רבין — מי ימלל. אַ חוב קדוש איז אָבער בזה הרגע, פאַרט צו דערציילן דאָ וואָס, טאַקע נאָר אַ מיקצת מן המיקצת, לויט מיַין מיזערנער יכולת.

ישראל קאַפּלאַן

## ספירה-טעג

ירושלים!

יאָרן ווי ער, רב משה־דוד, איז ניט געווען אַרויס פון דער עיר־הקודש, ווו ער איז אויך געבוירן. און קיין חוץ־לארץ אייז ער בכלל ניט געווען געפאָרן. איז גרויס זײַן צער וואָס ער איז ניט ביכולת איבערצוגעבן בדיוק די ערשטע הרגשות פון זײַן אָפּפאָר. דער נשמה־ציטער בשעת דער צוג האָט זיך אַ ריס געטאָן פון ירושלים; און נאָך געציילטע שעהן האָט זיך גענומען דערווײַטערן דער כּרמל, און דאָס לאַנד. די שיף שנײַדט אַלץ ווײַטער, און דאָס האַרץ!

בײַ דעם לאַנגן און שווערן וועג האָט זיך אָבער זײַן נשמה געמונטערט — ער פאָרט צום רבין! אַ השתוקקות פון יאָרן, פּרוטה צו פּרוטה געשפּאָרט. ער וועט אים זען, אים אַליין, מיט זײַן גאַנצן הדרת־מלכים; מלך ביפיו תחזינה עיניך!

און אַז די שעה איז געקומען, און ער האָט זוכה געווען אַרײַנגיין לפני־ולפנים צום נעמען שלום, און די ווערטער פון דעם פּה־הקודש זײַנען אַרויס טאַקע נאָר צו אים, במיוחד — איז ער געווען ממש אין דער בחינה פון נפשי יצאה בדברו. אָן אָטעם.

אָטעם נעמט פעלן רב משה־דודן אויך איצט, אין זײַן דערקומען צו דעם עצם הדבר. אין אַ סודותדיקן ציטער איז ער ווי מגלה, אַז בשלימות תּופס צו זײַן דעם רבינס רייד, מוז אַ מענטש זוכה זײַן צו אַ גאָר באַזונ־דערער מדרגה. אָט בדידיה הווה עובדא, וואָס מיט אים אַליין איז געווען. בײַ זײַן נעמען שלום, האָט דער רבי ווי געלאָזט פאַלן:

— ירושלים, דער עיקר קדושה, „וזה שער השמים״, השמים.

אין לשער די יִראת־הכּבוד וואָס האָט אים דורכגענומען יענע רגע. גלוי וידוע איז דעם צדיק זײַן טיפע בענקעניש, די כּיסופים וואָס האָבן זיך אונטערגעוועגס אין אים צעגליט צו דער עיר־הקודש!

חסידים וואָס האָבן אים אָפּגעוואַרט הינטער דער טיר, זיי האָבן זיך אָבער שטאַרק צעבייזערט אויף זײַן התפעלות. נשתומם זײַנען זיי געווען

אויף אַ מוח וואָס קען זיך פֿאַרוואַלגערן מיט אַ מין מחשבה — אַז פֿון רבין איז פֿאַרהילט. פֿון דער חבורה האָבן עטלעכע זיך גאָר שאַרף אַ נעם געטאָן צו דעם רבינס איבערחזרן אין די ווערטער. געזאָגט האָט ער וועגן ירושלים: וזה שער השמים, השמים. צוויי מאָל דאָס וואָרט השמים; איז דאָך געוויס דאָ אַ גרונד!..

טעג און וואָכן האָט ער זיך געקוויקט, רב משה־דוד, אין דער סביבה פֿון צדיק. די התרוממות־הרוח איז געשטיגן לעילא־ולעילא. ניט פֿאַרבײַ אָבער אַ חודש, איז דעם רבינס איבערחזרן דאָס וואָרט געוואָרן קלאָר, שײַך קלאָר. צוררים פֿון מדינת ישׂראל האָבן זיך מיט רעש צוזאַמענגענומען און גייען עוקר זײַן מן השורש די ייִדן. יעדן טאָג מערן זיך זייערע כּוחות, און ציִען זיך שוין מיט די כּלי־משחית. און אויפֿן ערשטן פֿײַער איז ירושלים. רחמי־שמים, השמים!

אין יענע טעג האָט זיך רב משה־דוד דערמאָנט, קלאָר דערמאָנט, אַז בײַם צווייטן זאָג „השמים”, האָט דער רבי פֿאַרריסן די אויגן צום הימל, און בפירוש טרויעריק...

באַלד ווי די בשׂורות רעות האָבן גענומען קומען, האָט ער, דער אַלטער ירושלימער, געוואָלט לויפֿן צוריק אַהיים. ווי אָבער האָט ער געקאָנט זיך רירן, אַז פֿון דעם רבין — ניט אַ וואָרט. און דער עיקר גייען אויס די חסידים צו וויסן דעם רבינס דעה אין דעם צעפּלאָקערטן וויכּוח צווישן די ייִדן איבער דער גאַנצער וועלט. טייל וואָרענען און האַלטן אַז ישׂראל מוז זיך גורטן מיט געדולד און נאָר אויסמײַדן אַ מלחמה. אַ סך אָבער שטורעמען, אַז מיט יעדער פֿאַרשפּעטיקטער מינוט קאָן זײַן אַלץ פֿאַרלוירן, חס־ושלום, חורבן!.. דער רבי רעדט אָבער בכלל ניט וועגן דעם מצב. פּרוּווט מען פֿרעגן, וואַרפֿט איינער אַרײַן אַ וואָרט — שווײַגט ער. מרגיש זײַנען די מקורבים, אַז ער איז ניט סובל אויף די שטומע בליקן פֿון זייערע צעשראָקענע אויגן... זײַנען מענטשן אַרומגעגאַנגען ווי אין עולם־התוהו, און געקרעכצט. ניט לײַכט איז אַרײַנצודרינגען אין אַן אַרויסגעזאָגטן וואָרט פֿונעם רבין, אַפֿשי־טא שוין אין זײַן שווײַגן.

די בהלה און דער בילבול־הדעות זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן דווקא אין

ספירה, אין די זיבן וואָכן, אָדער ניַין און פערציק טעג, וואָס ווערן געציילט פון פּסח ביז שבועות. און די ספירה־טעג ביַי די מקובלים, און באַזונדער ביַים רבין! יעדער טאָג מיט זיַינע טיפע סודות, און יעדע פון די זיבן וואָכן האָט איר רועה נאמן, איר טריַיען שיצער, וואָס שטעלט זיך איַין פאַר די ייִדן אין זיַין וואַכציַיט. פון אברהם אָבינו ביז דוד המלך זיַינען זיי, די שבעה רועים, און יעדער איינער מיט זיַינע תכונות און באַזונדערע מידות — די זיבן זיַילן פון דער וועלט. און יעדערער פון זיי, מיט זיַין באַזונדערן זכות, עפנט אין זיַין ספירה־וואָך אַ שער צום הימל פאַר די ייִדישע באַגערן. וואָכן פון ייִחודים און צירופים און רמזים; רזין־דרזין!

האָט פלוצלינג איין אָוונט אַ יונגער חסיד מבחין געווען, אַז אין דעם לשם־ייִחוד וואָס ווערט געזאָגט פאַר דער ברכה פון ספירה, זיַינען פון דעם רבינס מויל אַרויס מיט אַ באַזונדער אָנדריק די ווערטער „עומר התנופה". אויפגעשפרונגען איז דער מענטש, און באַלד צו אים נאָך יונגע הבורה, און ביַי זיי איז פון דעם דערהער אַרויס אַ קאָכיקער אויסטיַיטש. עוֹמר, האָבן זיי געגומען דערקלערן, איז דאָך פון זעלבן לשון ווי והתעמר, איזדיעקעווען אָדער אָנטאָן נגישות. איז אָט דעם רבינס כּוונה: עוֹמר, אַז מען טוט דיר אָן נגישות, און אַפּשיטא שוין אַז מען גייט פאַרטיליקן דיַין פאָלק, איז — התנופה, הייב אַ האַנט, שטעל זיך באַלד צום פאַרמעסט!

דער אויפכאַפּ און דער גאַנצער פּירוש האָט זיך אָבער קשהדיק געלייגט אויפן מוח פון די וותיקין, די עלטערע מקורבים אין הויף. און זיי האָבן געהאַט אַ גרונד. אַז געשטאַנען איז מען אין דעם אָוונט אין דער פינפטער וואָך פון ספירה, אין דער וואָך פון אהרן הכהן, וואָס זיַין גרויסע מידה איז אוהב־שלום און רודף־שלום; טאָ ווי שיקט זיך עס אַז ביַי אָט דעם רועה זאָל דער רבי גאָר מכוון זיַין — מלחמה!

**אַלע אַלע ווייסן**

— זונטיק איז דער טאָג געווען, יום א׳ פּרשה נשא.

יונג און פריש צעקלינגט זיך רב משה־דודס קול, און ווי ניט אָקערשט

פון וועג. פילן אַרויס די מענטשן וואָס הערן אים, אַז זייַן דערציילן דער־קומט אַפּנים צום סאַמע עיקר.

דער אַלטער לאָזט שוין ניט אָפּ דעם זונטיק. דרייַ וואָכן זייַנען אין דעם טאָג געוואָרן ווי דער גרויסער שונא האָט אָנגעזאָגט מלחמה די ייִדן, און צוזאַמען מיט די אַנדערע צוררים האָבן זיי אַלץ געריגלט די מדינת ישׂראל, זיך צעלאַגערט אַרום און אַרום, און מיט קולי־קולות — לכו ונכחידם מגוי ולא יזכר שם ישׂראל עוד, לאָמיר זיי פאַרטיליקן פון זייַן אַ פאָלק, אַז מער זאָל ניט געדאַכט ווערן דער נאָמען ישׂראל!

פון ארבע פינות העולם פליִען צום רבין טעלעגראַמעס, טעלעפאָנען אָן אויפהער. מענטשן ציִען זיך צום הויף. די גאַנצע סביבה בכיליון־עינים — אַ וואָרט פון אים, אַ וואָרט! ווער וועט אָבער זיך נענטערן און מעיז זייַן? דערצו ווייס מען פון דעם רבינס מינהגים אין די ספירה־טעג, זייַן אָפּטע התבודדות. אין דעם זונטיק האָבן טייל מקורבים אַפילו געהאַלטן, אַז ער איז אין אַ תענית־דיבור; רעדט ער דאָך בכלל ניט. זייַנען די מענטשן ווי שאָטנס, יושבי חושך וצלמוות!

אָפּגעדאַוונט מינחה אין דעם טאָג, זעען אויך אַלע ווי דער רבי טוט אויס דעם גאַרטל. אָבער איידער ער פאַרנעמט זיך ווי געוויינלעך צו זייַן חדר־מיוחד, פאַלט דאָס מאָל פון אים אַ ווונק צו ראובן־לייבן, דעם שאַפער — די מאַשין. אויגן שטעלן זיך אויס, איבערראַשט איז דער עולם. גאָר ניט פּשוט!.. פון דעם ווענד וואָס דער אויטאָ האָט זיך געלאָזן, איז ניט געווען צו דרינגען וווהין דער רבי פאָרט. געכאַפּט האָט מען זיך נאָר, אַז אין דער שעה, פּונקט מיט די דרייַ וואָכן צוריק, האָבן די חיילות פון גרויסן שונא אַרויסגעמאַרשירט ביד רמה איבער גאַסן און פלעצער, און זיך עס געלאָזן אין וועג צו פאַרטיליקן די ייִדן.

לאַנג ניט געדויערט, און חברה וואָס טרעטן ניט אָפּ פון די גאַס־פענצטער, זיי הילכן — דער רבי צוריק, פאַרנעמט זיך צו זייַן חדר־מיוחד.

ראובן־לייבן לאָזן ניט די חסידים אַפילו ריכטיק אַוועקשטעלן די מאַשין. צום בית־עלמין געהייסן אים פאָרן, דערציילט ער. זיך אָפּגעשטעלט נאָענט בייַם אוהל פון פריִערדיקן רבין, נשמתו בגינזי מרומים, און דער

רבי, זאָל לעבן, איז אַרײַן אינעווייניק. פון אַ ספרל האָט ער געזאָגט, און האָט געשריבן אויף אַ פּאַפּירל, און פאַרן אַרויסגיין דעם צעטל אַוועקגעלייגט. פון דער ווײַטן, אָבער גוט געזען. און בזה הרגע, דערציילט ער, האָט דער זייגער געוויזן פיר.

— יענער זונטיק פיר אַ זייגער, פיר !.. — רופט אויס מיט נצחון רב משה־דוד, און זײַן בליק שטרענג מיט אָנזאָג, ניט נאָר דער טאָג, הייסט עס, נײַערט אויך די שעה דאַרף בלײַבן לזכרון אויף דור־דורות.

זאָל זיך יעדער איינער נאָר מאַכן דעם חשבון פון זייגער, זאָגט דער אַלטער צו די מענטשן אין שטוב. פיר נאָך מיטאָג אין ניו־יאָרק איז, כידוע, צען אָוונט אין ישראל. און וואָס פאַרלאָפן ווײַטער — קען שוין זײַן יעדן איינעם קלאָר. מאָנטיק צען פרי, איין האַלבער מעת־לעת אַריבער ווי דער רבי איז אַרויס פון אוהל, איז אויף דעם גרויסן שונא שוין געקומען די מפלה ; און דרײַ מעת־לעת פון יענעם זונטיק איז גאַנץ ירושלים מיטן הר־הבית געווען בײַ די ייִדישע חיילות, און אַ שופר של גבורה האָט גע־שאַלט בײַם כותל־מערבי ; און צו דער וואָך — איז די מלחמה געווען פאַר־ענדיקט מיט פולן נצחון !

שטאָלצע אַכפּערונג שפּאַרט בײַם אַלטן פון די צעלויכטענע אויגן און פון די שימערירנדיקע קנייטשן אין פּנים. ער גלעט זיך מיט אַ שטראַליקער האַנט איבער דער לאַנגער שיינער באָרד. אין התלהבותדיקן פלאַטער איז ער :

— ווי דער רבי האָט אויסגעמאַרקירט !

אַז עס איז געקומען די בשורה פון ירושלים, זײַנען דאָך בײַ דער גרויסער שימחה ניט ווייניק חסידים אַרײַנגעפאַלן אויך אין טיפן ביוש. ווי קורץ די השגה איז נאָך נעכטן בײַ זיי געווען ! און באמת, אין דעם טאָג פון ירושלים איז ממש דער ענין געוואָרן אַזוי גלוי, פשוט בתכלית הפשטות. די דרײַ און פערציקסטע ספירה איז געווען דער טאָג, מ״ג לעומר, דער ערשטער פון די לעצטע זיבן ספירה־טעג. הייבט זיך דאָך אין דעם טאָג אָן די וואָך פון דוד המלך, וואָס זײַן עיקר מידה איז מלכות, און אויך די מידות

פון גבורה און נצח, אייביקייט. איז אַט מיט גבורה פאַרנומען געוואָרן די עיר־דוד, די עיר־מלוכה און עיר־הנצח!

ווי ווײַט געשטיגן איז ער אַליין, רב משה־דוד, געהאַט אַ פּעולה אין זײַן נסיעה, באַנוגנט ער זיך אַרײַנצוואַרפן נאָר אַ רמז פון דער געזעגענונג מיטן רבין, בײַ זײַן אָפּפאָר צוריק קיין ירושלים. ווידער האָט ער פון אים געהערט וועגן דער שטאָט:

— ירושלים, דער עיקר קדושה פון דעם מקום, דער עיקר וזה שער השמים.

דער עיקר, דער עיקר — צוויי מאָל אַרויסגעזאָגט די ווערטער.

און דאָס מאָל האָט ער, בעזרת־השם, תּופס געווען אויף דער שטעל. אַז די כּוונה איז ריכטיק אויפגעכאַפּט, זײַנען באַלד געווען מסכּים די חסידים וואָס האָבן אים אָפּגעוואַרט הינטער דער טיר. דער עיקר, דער עיקר — מיט זײַן איבערחזרן די ווערטער, איז דעם רבינס אָנזאָג: געדענקען זאָל אויך אַ ירושלימער ייִד, אַז בעצם איז די קדושה פון דער שטאָט, דער עיקר־העיקרים פון קדושת־המקום, איז וזה שער השמים — אין דעם דרך צו דינען דעם אָבינו שבשמים!

אין דער געהויבענער צופרידנקייט וואָס ער האָט זוכה געווען צו באַקומען אַזאַ התקרבות פון רבין, און ער טוט טאַקע אויף צו גיין אין זײַנע דרכים — גיט זיך רב משה־דוד אַ שטעל, גרייט צום כּותל־מערבי. מיט קפּדנות ווערט אָבער אָנגעפּילט זײַן בליק צו די מענטשן וואָס אַרום אים; שטעכיק איז זײַן טאָן, און אויך מיט אַ רחמנות, ווי צו פאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלעך:

— האָט מען דאָרטן אין ניו־יאָרק יע געוווּסט וואָס דאָ האָט זיך געטאָן פאַר דער מלחמה, און אין דער מלחמה? דער רבי האָט שוין יע געהאַט אַ השגה, און געטאָן, שייך אויפגעטאָן!.. דאָ אָבער ווייסן דאָך אַלע, און געננוי וואָס אין דער אמתן איז געווען. די שׂרים ווייסן, און אַפּשיטא שוין די גענעראַלן. און ווער ניט? אַלע אַלע, אַלע ווייסן!

1967

# אַ בייט

זי האָט ווען איר „ניַיעם" אַפילו מיט אַ וואָרט נאָך ניט געגעבן אָנצוהערן בראָנוקן, דעם פאַרברוינטן שלאָסער. וואָלטן זיַינע דאַר־געמאָס־טענע פלייצעס ניט טראָגן אויף זיך קיין פויעריש פאַרהאָנערטן קאָפּ — איז עס געווען פון וואָס זיך אָנשטויסן.

איז בראָנוק געבליבן איַינגענאַדזשעט ווי געווען.

וואָרט ער נאָך אַלץ אָפּ אין די פאַרנאַכטן אַראָפּ־טאָל ביַים האַלב אויס־געטריקנטן ברונעמל. ער ליגט אויפן בויך און פּיַיפט מיט אומגעדולד. מיט אַ מאָל אויך אַ דריי און אַ קיַיקל הין און צוריק, און אַ צי אויס געררייצט:

— גנעשקאַ ניעמאַ; טשאָרט!..

עס האָט שוין יע ווען פּאַסירט, אַז בראָנוק האָט גנעשקען ניט דער־וואַרט. איז אים אָבער יעמאָלט אויך ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן — צוליב וואָס. געגאַנגען איז ער יעמאָלט צו איר אין שטיבל, אָבער אָן טענות, נאָר געלט איבערגעבן.

— עס נעמט זיך יע אַ דאָקטער אונטער? אָ, גנעשינקאַ, ס'וועט זיַין גוט!

— אַזאַ מזל אויף דיר, חזיר איינער!

אין די טעג איז בראָנוק זיכער ביַי זיך אַז דאָ איז ניטאָ אַ צוליב־וואָס, ער זאָל דאַרפן גיין צו גנעשקען אַהיים. שפּאַרט זיך אויך פון אים אַ בורטשע מיט אַ בייזן זאָג:

— זי אַליין דאַרף קומען; האָט שוין געדאַרפט זײַן!..

וואַרט ער, פּײַפט, דרייט זיך אויפן בויך, שילט, ביז — ער דערהערט אַ שטים. פונעם דערבײַיִק געסל האָט אַ מיידל מיט אַן עמער אין האַנט אַהער פאַרבלאָנדזשעט. ציט זי לײַכט צוריק פון ברונעמל די ליידיקע כלי. אירע אויגן צעבלאַנקען זיך אין שקיעה־שײַן מיט ניט־דערקוקטע בליקן און טרעפן ווי צופעליק אַן דעם יונגס נאַקן.

— בראָנוק, שפּילסט אויף יענעמס קאָרטן...

זייער אָפּט פּלאָנטערט זיך אַרויס אין געסל אַ שמועס וועגן גנעשען.

— ניט קיין גלאַט נפש...

— מען זאָגט, אויך אַ געשמדטע.

— זי דערציילט דאָך פון אַ טאַטן גאָר אַ חזן־שוחט...

— אַ געשמדטע? קען אויך זײַן; געלעבט מיט אַן אויפזעער פון פּאָלאָצקער טורמע, וואָס האָט איר געהאָלפן זיך אַרויסגנבענען, און צוזאַמען אַנטלאָפן אין אַ ווײַטן דאָרף.

— און דאָס וואָס זי דרייט אַ קאַפּטור, געהאַט אַ מאַן, געפאַלן אין דער וועלט־מילחמה?..

— כאַ־כאַ! גנעשקע שוין אויך אַן אלמנה...

הײַנט איז גנעשקע אַ שנײַדערקע אין געסל, נייט און זינגט לידער „פון קאָפּ". שוין צו אָפּט צעקלינגט זיך לעצטנס איבערן געסל פון איר פענצטער:

שפּײַ אין פּנים,
שפּײַ און שפּײַ —
און ווידער שפּײַ!

באַנעמט עס געסל מיט אַרײַנטראַכט, און עס טורקעט זיך אַרויס אַ שמועס וועגן „אים" — סאַלאָמאָן.

אים קענען אַ סך. געוויזן פּאָקוסן אויף מערק, און אַפילו אין טעאַטערס.

געסל ווייס נאָך פּרטים אַרײַנצוציילן:

— ניט צו דערגיין פון וועלכע מקומות ער שטאַמט...

— זײַן שפּילן קאָרטן, מיט אַ האַלב אָפּן אייגל...

— געווען טורמעס פּול.

די לעצטע טעג גריבלט זיך געסל ווידער.

— צו וואָס דאַרף ער זי, די גנעשען? אַ מאַגנאַט!

— זי איז טאַקע ניט אַזאַ יונגעטשקע, אָבער אויגן ווי זיי פלאַקערן, און די באַקנגריבעלעך מיט אירע שמייכעלעך, און מײַלכל; און אַ קאָפּ! מיט אירע שטיק קאָן זי נאָך אַפילו אַדורכגנבענען אַ גלח דורך אַ קוימען...

איז מען נײַגעריק.

די אויפגעבלאָזענע באַלעבאָסטע כאַפּט זיך שוין אָפּגעווווינען פון אירע גיכע טריט פאַרבײַ די פאַרדונגענע ווינקעלעך אין איר הויף. איר געמושטירט פאַרריסענער קוק לאָזט שוין פאַלן בליקעלעך צו דעם נידעריקן פענצטערל מיט דער ניימאַשין וואָס רעדלט אונטער אַ באַגלייט פון אַ זינגענדיק שטימעלע.

איז די לעצטע טעג אויסגעקומען דעם באַלעבאָס צו הערן פון זײַן ווײַב אויך אַזאַ טשיקאַוועס:

— די נייטאָרין בײַ אונדז אין הויף, ווייטיקט איר אַ פינגער, וויינט זי; וויינט מיט אויך דער נײַער חתן. ער טרייסט זי: גנעשעלע, מיר דײַן ווייטיק!..

האָט זיך די באַלעבאָסטע יע אַ פרײַנדל געטאָן מיט דער גנעשען, איז שוין צווישן זיי אין אַ טאָג אַרום געגאַנגען אַזאַ מין רייד:

— דאָס קלייטל אויפן בוידעם, טײַערינקע מאַדאַם, אַזאַ ווינקעלע וואָלט געווען גאָר גוט פאַר מיר מיט סאַלאַמאָנען; געלט קריגט איר פאָרויס... און וואָס פּאָליציי, פאַרלאָזט זיך אויף מיר; איך בין אויך ניט קיין נעכטיקע... אויף אײַער בוידעם לייגט מען דאָך אָפּ די אַלערליי סחורה, קריכן זיי אויך ניט אַהין, די קנעפּלעך... איר זאָגט, טײַערינקע, אַז אָן אַ שטיקל אויוון, קאַלט וועט אין קלייטל זײַן; אַ געלעכטער! אונדז וועט זײַן וואַרעם...

פאַרן געסל אַ רעטעניש. און אפשר ניט.

אַ נאָכהאַלבן טאָג. סאַלאָמאָן אין אַ יוסטן גאַנג. בײַ דער זײַט — שוין אַ נײַע. פעסט אונטערגעאָרעמט איז ער פון איר אָנגעפּוילטער האַנט. ברייטערן זיך אויגן:

— שפּאַצירן?..

פּאָרויס — די מאַמע פון דער „זי". קאָפּ און נאַקן לויפן איר אויך פּאָרויס דעם אונטערשטן טייל גוף. אַ האַסטיק שפּרײַזן מיט די הויכע כאַליאַוועס, ווי אַ מענטש יאָגט זיך אין אַ וואַסער.

אויך אין די גאַסן אַרום מאַרק איז די מאַמע באַקאַנט. די ערגסטע סחורה אין אירע קאָשיקעס, אָבער איר קולכל אין די פּרײַטיקס:

— ווײַבער, אַז איך דאַרף מאַכן שבת, פאַרגעסט איר אַפּנים?!..

אין זייער גאַנג לאָזן זיך די דרײַ אַרײַן אין אַ טאַנדעט־געשעפטל. די אַלטע ציילט באַלד געלט פאַר אַ מענער־מאַנטל. און זי שווערט סאַלאָ־מאָנען בנאמנות:

— מאָרגן, שוין נאָך דער חופה אין אַ מזלדיקער שעה, וועט זײַן די קאַטערינקע... ליזאַ וועט דרייען און שפּילן, און דו מיט דײַנע קונצן; גייט אירביידע אין גאָלד!

אין גאַס ווינקט זי צו אים מיט אַ שושק:

— די כּתיבה דײַנע, אַן אײַזערנע; אײַנגעהאַנדלט בײַ אַ ראַיעלן מאַכער; מיט זײַנעם אַ פעסל פאַלט מען ניט דורך...

די פורמאַנעס און גאַסטמענטשן אַרום מאַרק לאָזן שוין ניט אָפּ פון אויג אָט די דרײַ און זעען ווי זיי גייען אויך אַרײַן אין אַ גאָלדגעשעפט. איז באַלד אויפגערוימט אַ צעברוינטער טרעגער וואָס איז אויסגעצויגן אין זון אויפן דערבײַיִקן טראָטואַר:

— אַ קידושין־רינגעלע פאַסט מען דער מויד; וועט שוין זײַן געפונ־דעוועט ניט איין כּוסע!..

הייבט אויס אַ ברייטביינעקער טרעגער צוויי שווערע שוואַרצע הענט וואָס כאַפּן זיך שטײַף בײַ זײַנע ביידע שלייפן. פאַרגאַנגען איז ער אין אַ חקירה:

— אַז שוין יע אַ בײַט!.. קוק נאָר אָן אָט די בריאה, איר פּאַטרעטל...

האָט אַזאַ אויסגעפּײַפטע נאַכטפויגל געקאָנט אַרויסבײַסן גנעשקען !..

— מיט קאָקאַיִן האָט מען עס אים גענומען, דעם חתן — ווייס אַ פורמאַן אײַנצוזעצן די קשיה — אָן די פולווערלעך קאָן דאָך די אַלטע אויך ניט לעבן...

— אַ מאַגנאַט, אַ העלד פון אַ יונג ! — קאָנען זיך די מענטשן ניט באַרויִקן.

און די גאַנצע עדה קומט דאָ וועגן דעם סאַלאָמאָן צו אַ מסקנה :

— געהאַנדלט ווי אַ יאָלד און פרײַער צוזאַמען.

— גנעשע איז נאָך ניט פאַרפאַלן... — איז געסל פעסט בײַ דער מיינונג.

צוריק גייט די רייד וועגן בראָנוקן. ער האָט זיך ווידער באַוויזן און דרייט זיך פעסט אַרום זײַן געוועזענער. האַלטן מענטשן אַז בײַ דיביידע וועט שוין קומען צו אַ ברעג. גאָר אַ סך זײַנען זיכער אַז די נייטאָרין איז טאַקע אַ געשמדטע. הערט מען ווערטער :

— בראָנוק, אפשר טאַקע איר אמתער באַשערטער...

— בײַ אַזאַ, גייט ניט מיט אַ ייִדישן, פאַרפאָרט זי צו דעם דרײַעקיגן גאָט אויף שבת...

און גנעשע אַליין — ווי זי ווייס פון גאָרניט.

די ניימאַשין צעקנײַלט זיך בײַ איר יעדע ווײַלע מיט אַ ווילדער שנעלקייט, האָט אַפּנים שווער אויסצושטיין :

— טיק־טיק־טיקקק !.. רייס, רייס, רייסס...

און פּלוצלינג — אַזוי לאַנגזאַם :

— טיק, טיק, טאַאַק... ררר...

און ווידער אַ רויש — און גנעשע איז מיטן קאָפּ און אויגן אין איינגע־ווייד פון מאַשין. זי זוכט דעם פאָדעם פון דער צעשמעטערטער נאָדל און וווּנדערט זיך דאָ ווי אויף וועמען :

— אַז אין קרעמענטשוג איז בײַם וואַסערטרעגערס טאָכטער חתונה, טאַנצן אין פּאָלטאַווע די עמערס...

געריִרט איז אויך קאַטקע, אַ גיבור אַ יונג. נעכטן ערשט אַרויס פון אַ לענגערער טורמע, און ער ווייס שוין דאָ אַלץ. איַילט ער זיך אויסצודריקן זיַינע דויערנדיקע געפילן:

— גנעשינקע, קלעם זיך ניט! איינס־צוויי מאַך איך פאַר דיר דעם חשבון...

— דעם חשבון, קאַטקע, וועל איך שוין אַליין מאַכן — ענטפערט גנעשע קאַלטבלוטיק און גיט אַ וויַיז אַ פלעשל מיט אַ געלבלעכער פליסיקייט — אַ בלינדער סאַלאָמאָן, פאַר וואָס ניט? ביַי מיר אַליין קריגט ער די ערשטע און שענסטע נדבה...

און ווידער צעטיקעוועט זיך די מאַשין, און אַ באַגלייט אַ צעזונגענער:

לאַך אין פּנים,
לאַך און לאַך —
און ווידער לאַך!

1926

# אויגן - לייעניש

א

אויגן אַז זיי לאָזן זיך אין דיר אַרײַן מיט אויטאָריטעט און מיט תּקיפֿות — ווי ער פֿאַרטראָגט עס ניט!

די אָ שפּיזיקע בליקן וואָס גראָבן און גריבלען זיך אין דיר, נעמען דורך, און צענעמען דיך — ניין, ניט פֿאַר יאָסילאָוון.

דיסציפּלין — ווי שפּל איז די מענטשהייט, וואָס אַזאַ מושׂג פֿון צוואַנג און אונטערטעניקייט הערשט אויך אין די לערנשולן, אין תּחום אַפֿילו פֿון דער גײַסטיקער וועלט.

מיאוס שרעקלעך איז דאָס פֿאָלגן, זײַן נאָכגיביק אַ מענטשן וואָס באַשטימט דײַן גורל, און דער תּקיף אַליין ווײַזט זיך אַרויס ווי אַ גאָלע נישטיקייט.

גוטע פֿרײַנד עצהנען דיך אָפּט, דערקלערן האַרציק, אַז אַ קורצדויערנדיקע הכנעה קאָן ווייניק וואָס שאַדן דעם מענטשן אין זײַן גײַסטיקן אײַנשטעל.

— אַ טעות! — שפּרינגט אויף יאָסילאָוו — די „נויטווענדיקע פֿאַלן" וואָס דו שלינגסט אַרונטער „צו דער מינוט", זעצן זיך דיר שוין אָפּ אויף דעם גאַנצן לעבן.

הויך איז ער און צעוואַקסן. די פּלייצע קרומלעך פֿון דעם שטענדיקן בייגן זיך מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן, וואָס נענטער אַרײַנקוקן.

שוין קלײנערהייט איז ער געגאַנגען פֿון חדר צו חדר; ניט געקאָנט

צו רעכט קומען מיט די רביים. צרות גרויסע זײַנען געווען אין ישיבה. און אַז ער איז אַוועק אַלס עקסטערן צו די עקזאַמענס אויף באַקומען אַ גימנאַזיע־אַטעסטאַט, איז ניט איינער געווען איבערראַשט:

— יאָסילאָוו, ער וועט שטיין פאַר די עקזאַמינאַטאָרס?..

געווען איז ער גרונטיק צוגעגרייט. אָבער אָט ווערט אים געשטעלט אַ פראַגע:

— אַ פּאַראַדאָקס? אָנגעבן אַ זאַץ מיט אַ בײַשפּיל פון אַ פּאַראַדאָקס.

שטרענג און בייז קלינגט יאָסילאָוון די שטים פון דעם לערער. אַן אייגעלע זײַנס, ווי עס פינטלט מיט אויסלאַך, און לויערט... האָט שוין יאָסילאָוו אין זיך מער ניט געקאָנט שטיקן דעם איך זײַנעם, און באַלד געלאָזט פאַלן:

— אַ פּאַראַדאָקס? צום בײַשפּיל: דער הער עקזאַמינירט מיך.

אַזאַ חוצפּה איז נאָך אין דעם בילדונגס־אַנשטאַלט ניט געהערט געוואָרן. געבליבן איז ער שוין אָן אַן אַטעסטאַט, יאָסילאָוו. ווי האָט ער זיך אָבער געקענט האַלטן אַנדערש, אַז קליינקעפּיקע פאַרמעסטן זיך באַנאַל אויף דײַן אינדיווידואַליטעט, אויף דײַן נשמה?

ב

יאָסילאָוו איז פון זײַן ליטע אַוועק קיין דײַטשלאַנד און זיך דערוואַלגערט אַזש קיין היידעלבערג. געוואָרן איז ער אַ פרײַער צוהערער פון פילאָסאָפיע.

— אַ פרײַער, פרײַ!.. — פלעגט ער באַטאָנען — פרײַ אויך פון אויסטראָגן אויף זיך די דערדריקנדיקע קוקעלעך פון עקזאַמינאַטאָרן וואָס מאַכן דיך לערקעפּיק און נישטיק...

באַלד איז ער שוין געווען אין שווייצאַריע. חברן האָט ער זיך גענומען מיט טאָלסטאָיאַנער און טאַגאָריאַנער, געוואָרן אַ מחותן מיט אַנאַרכיסטן, און זיך אַ וואָרף געטאָן צו קבלה, און לאָבט זיך מיט די מעשׂיות פון בראַצלאַווער.

הײַנט איז זײַן באַגער — אַנטדעקן גאונים. ניט קיין גאָר לײַכטער ענין, דערקלערט ער:

— דער אמתער גאון, דער אויסנאַם, איז דאָך זײַן נשמה פאַרלייגט און אָנגעוואַקסן מיט דעם שימל און זשאַווער פון דער צײַט... און באַוווּסט איז, גאַנץ אָפּט ביז דאָס פייגעלע פּיקט דורך מיטן שנעבעלע די שאָלעכץ פון איי, איז עס שוין פאַרצערט, און זעט שוין ניט אָן די ליכטיקע שײַן...

די אויגן פון אַ מענטשן, אין זיי און דורך זיי האָט יאָסילאָוו געגומען זוכן גאונים.

די אויגן, זאָגט ער, זײַנען דער אויסדרוק פון דער נשמה. אַ ראיה — די אויגן פון דאָסטאָיעווסקין, פון בעטהאָווען, און פון גרויסע רבנים.

באַהאַנגען זײַנען די ווענט אין זײַן צימערל מיט זאַמלונגען בילדער. מיט זייערע אויגן קוקן זיך איבער פּאָעטן, פילאָסאָפן, רעוואָלוציאָנערן, טיראַנען, וווּנדערקינדער. ווי אַ פאָרשער אין זײַן לאַבאָראַטאָריע דירי־זשירט איבער זיי יאָסילאָוו. יעדע פּאָר אויגן מיט זײַן באַזונדערן אַנאַליז, באַשייד.

אויגן — און אויגן.

— באַטראַכט מען אָט די טונקל־בלויע אויגן; קוקט זיך פון זיי אַרויס נאַרישעוואַטע העזה; און אָט ווילד־קעציש, דריקן זיי אויס אי מוטיקע עקשנות און אי שאַרפזין...

קיין ליטע פאָרט ער צוריק, אין זײַן געבוירן־לאַנד. ליטע! די ייִדן דאָרט — אַ לאַבירינט פון אויגן וווּנדערלעכע. אָבער די אָרעמקייט; גאונים וואַלגערן זיך אין מיסט, און דער סקעפּטיציזם באַגראָבט זיי. אַ ברייט פעלד שפּרייט זיך פאַר יאָסילאָוון!

ג

ווייניק האָבן זיך פאַרגעשטעלט, אַז יאָסילאָווס אויפמערקזאַמקייט וועט באַזונדער געבן אַ פאַל אויף פּינקען, דעם דאַר בחורל און אָפּגעלאָזן אין זײַן אָנטו. אין ישיבות האָט ער געלערנט, פּינחס, און געוואָרן אַן אפּיקורס; פּראָווועט נאָכאַנאַנד ליצנות, חוזקט אויס מענטשן, מאַכט זיי נאָך און רײַסט

אַרונטער. אין לופטיקער באַוועגונג ביי אים שטענדיק זיינע צוויי לאַכ־גריבעלעך אין די באַקן, און דאָס גאַנצע פּנים שלאָגט אָפּ מיט שמייכל און אָפּשפּאָט. אויף אים האָט זיך אין אַ קאָוונער לייענזאַל אָנגעשלאָגן יאָסילאָווס אַ בליק, באַלד ווייל ער וויסן וואָס פאַר אַ כּלי איז דער בחור.

אַ װענד גיט זיך יאָסילאָװ צו אַ פריינד וואָס זיצט פאַרטיפט אין אַ צייטונג.

— שיינקין, איז אייך באַקאַנט דער דאָרט אין ווינקל?

מיטן פינגער אין אויג!.. צי שיינקין, דער מאַסן־רעדנער, צי ער קען אָט די פּרי?.. וויפל חוזק־פיילן זיינען אים שוין געוואָרן אַריינגעטראָפן פון אָט דעם פינקע?..

מיט אַ חודש צוריק איז ער, שיינקין, געשטאַנען אויף דער טריבונע פון גרויסן שטאָטזאַל און געהאַלטן ביי די לעצטע ווערטער פון זיין רעדע. געווען איז העכסטן ברען, און דער פּובליקום פאַרכּישופט; הונדערטער הענט שוין אויסגעשטרעקט צום אַפּלאָדירן... רייסט זיך אַריין פון אַ ווינקל פינקעס קולכל, געקינצלט מיט תמימותדיקער התלהבות:

— און וויסן דאַרף מען, אַז חבר שיינקין איז אַ מענטש אַן ערנסטער, פינקעס קולכל, געקינצלט מיט תמימותדיקער התלהבות:

די רופן „פּראָוואָקאַטאָר!" האָבן זיך קוים געהערט — אין דעם אויס־בראָך פון געלעכטער.

און ווידער אַ מאַסן־מיטינג, און שיינקין האָט זיך מיט שטורעם צע־האָגלט אויף אַ קעגנערישער פּאַרטיי. שניידט דורך פּלוצלינג דעם זאַל פינקעס' אַ טיפער קרעכץ:

— ווינד און וויי, נעבעך מיין פּאַרטיי!..

די גרימאַסעס וואָס האָבן איצט אין לייענזאַל גענומען לויפן איבער שיינקינס פּנים, פאַרשטאַרקן נאָך מער ביי יאָסילאָוון די נייגעריקייט. לאָזט ער ניט נאָך:

— איר קענט דאָך אים געוויס; טאָ ווער איז ער?

— יע, יאָסילאָוו, דאָס בחורל איז מיר באַקאַנט, באַקאַנט...

— דעם שאַרפזין וואָס קוקט אַרויס פון אים, האָט איר דאָך שוין געוויס געמערקט; און זײַנע אויגן!..

„שטילקייט — אַ דורכויסיקע פאָדערונג אין דעם זאַל!״... אויף דער וואַנט הענגט אַזאַ פּלאַקאַט וואָס פאַרווערט דאָ אַ העכערן וואָרט און יעדן רויש. אויף אָט דעם פאַרבאָט גיט שיינקין אַ ווונק.

ריידן וועגן פּינקען, קאָן ניט שיינקין אָן אויפרעגונג. און אַרײַנגיין מיט יאָסילאָוון אין אַ וויכּוח וועגן זײַנע אויגן־טעאָריעס, איז געוויס דאָ ניט דאָס אָרט.

און דאָך האָט שיינקין באַלד באַוויזן צוצוציִען דאָ נאָך איינעם אויף זײַן זײַט. אַ קער האָט ער זיך געגעבן צו נישרין, דעם שרײַבער וואָס איז געזעסן דערבײַ און מיט זײַן קודלעוואַטן קאָפּ זיך געגראָבן אין אַ באַרג צײַטונגען. נאָך אַ לעבעדיקער שושקעניש צווישן דיביידע האָבן זיך בײַ דעם שרײַבער צעהייבן די ברייטע פּלייצעס, שמייכלדיק זײַנען אַוועק זײַנע בליקן איבער יאָסילאָווס פּנים — און אַ מורמל געטאָן:

— אָן אָקושער פון גאונים...

ד

זיך אַדורכשמועסן מיט מענטשן, איז פּינקע אָן אָפּטער בעלן. און אַז שײנקין גיט אים אַ ווײַז אויף יאָסילאָוון —

— אדרבא!.. זעט זיך אָן אַ פילאָסאָף; וועט מען הערן אַ טיפערן וואָרט...

אין דערבײַיִקן שטאָטגאָרטן האָבן די אַלע פיר זיך אויסגעזוכט אַ ווינקל — שיינקין און פּינקע, יאָסילאָוו און נישרי.

דער ריידער איז באַלד יאָסילאָוו. און פּינקע — גלעט באַזאַכט מיט זײַן הענטעלע איבער די באַקן, ציט אויף אַראָפּ די שפּיץ מאָרדע, ווי זײַנע פינגערלעך וואָלטן באמת פילן אַן אַרויסגעוואַקסענע באָרד. אַ לײַכט שמייכעלע שוועבט איבער זײַן פּנים. די גרינלעכע שוואַרצאַפּלען שווימען אַרויף און אַראָפּ איבער די ווײַסלעך; אָט פאַרלויפן זיי הויך אין שטערן אַרײַן און אָט זײַנען זיי שוין אונטער די באַקן. ווי מיט אַרײַנטראַכט הערט ער דעם

צוזאַמענפיר פון דאָסטאָיעווסקין מיט דעם בעל־שם־טוב און פון רבי נחמן בראַצלאַווער מיט פרוידן.

יעדע ווײַלע וואַרפט צו יאָסילאָוו אַ שמיץ זיגערישע בליקן אויף דער זײַט פון שײנקיגעזן און גישרין. די ביידע האַלטן זיך דאָך פאַר אַלצווייסער און אויף אים, יאָסילאָוון, קוקן זיי ווי אויף אַ פאַנטאַזיאָר און טשודאַק. ווי קאָמיש זיי זעען אים איצט אויס, און קליינקעפּיק !..

יאָסילאָוו נעמט אָבער מערקן אַן איבערוווּנק פון די ביידע צווישן זיך. זיי קוקן זיך אַפּנים איבער, וואָס פּינקע, דער בעל־דבר אַליין — ער שווײַגט.

איז וואָס ? יאָסילאָוו האָט ניט נייטיק קיין בפירושע דיבורים. דאָס פּנים אַליין פינקעס, די ווונדערלעכע שטריכן, זײַן גלאָצן מיט אָזעלכענע אויגן, די געשליפענע בליקן וואָס בויערן און נעמען דורך — איז גענוג ! אַז מענטשן טרוקענע, בלוטלאָזע און קאָלירן־בלינדע !

**ה**

דאָס מויל עפנט זיך !

לאַנגזאַמער ווערן די תּנועות בײַ פּינקען איבערן געזיכט. אַרום זײַנע ליפּן ווײַזט זיך אַ רירעוודיקייט. דער גאון ברעכט קאָנטיק מיט זײַן שווײַגן.

איצט גייט שוין זײַן האַנט מיט אַ לאַנגזאַמען צעצויגענעם גלעט איבער דער מאָרדע. אַ טיפער קנייטש מיטן שטערן, אַ בליקוואָרף שנעל און דורכ־דרינגלעך... קוקט שוין אויס יאָסילאָוו אויף שאַרפס ; אָט־אָט קומט שוין דאָס גרויסע וואָרט, אַן אויפבליץ פון געדאַנקען.

— אַנטשולדיקט — ווענדט זיך פּינקע צו יאָסילאָוון — איר וועט ניט האָבן פאַראיבל ?

— רעדט ! — ברענט יאָסילאָוו — גאָר פאַראיבל ? חס־ושלום !.. רעדט !

— איר זײַט, במחילה, אַ בהמה בצורת פילאָסאָף, אַ בהמה גסה...

1927

# האַרבסט־אָטעם

טאָג פֿאַר טאָג זיצן זיי ביידע בײַ איין אַרבעטסטיש. יעדן מאָרגן וואַרטן שוין אויף זיי בערג פּאַפּירן. אויף זיי ביידן ליגט אין פֿאַלקסבאַנק דאָס באַטראַכטן די בקשות פֿון קליינקרעמער, גאַסנהענדלער און דאָרפֿגייער. נאָכ־פֿאָרשן דאַרפֿן זיי די דרינגלעכקייט פֿון יעדער בקשה און פֿעסטשטעלן די נאמנות פֿון דעם הלוואה־בעטער און פֿון זײַן גאַראַנט. ביידע האָבן דאָ די זעלבע אַרבעט, פֿאַרשיידן זײַנען זיי אָבער אין אַ סך־אַ סך.

יוסף קאַרפּ, אַן אַלמן, קליינוווּקסיק און בײַכיק, דער קאָפּ גרויס און גרוי באַוואַקסן. אין באַנק קומט ער ווען דער הויכער ברייטביייניקער טימאָשאַ רייניקט נאָך די טרעפּ פֿון דעם אַרײַנגאַנג. ווי נאָר דערזען דעם באַאַמטן, כאַפּט זיך דער דינער צו דעם בונט שליסלען און לויפֿט עפֿענען די טיר פֿון באַנק. צו דעם גוטמאָרגן זאָגט ער נאָך הײַנט:

— הער קאַרפּ, די לעצטע טעג, דאַכט זיך מיר, איז דער הוסט בײַ אײַך גאָר שטאַרק; וואָס זאָגט דער דאָקטער?

— אַסטמע און האַרבסט זײַנען אַ קנאַפּע פּאָר קליידער; דאָס ווייס מען אויך אָן אַ דאָקטאָר... און צײַט צו אַ דאָקטאָר? — האַלט זיך אָפּ קאַרפּ אויף די טרעפּ צום פֿאַררוען — אַז איך ענדיק דאָ די אַרבעט, איז שוין מיר דער טאָג ניטאָ.

— טאָ וואָס דאַרפֿט איר קומען אַזוי פֿרי? נאָך גרויער מאָרגן!..

— ביסט דאָך ניט קיין נאַר, טימאָשאַ, און ניט קיין ליידיקגייער... וואַרט אויף דיר אַרבעט, קאָנסטו זיך ניט פֿאַרליגן אין בעט, אָדער זיך

לאָזן ווילגיין!

אַז דער גרויסער זייגער איבער דעם בנין פון באַנק ווײַזט שוין אויף 8, נעמען זיך קלײַבן די באַאַמטע. זיי צעזעצן זיך בײַ די טישן און בײַ די אויפנעם־פענצטער. שרײַב־און רעכן־מאַשינקעס צעקלאַפּן זיך. דערזעט קאַרפּ פון ווײַטן אויף פּינקוסן. דער הויכער דראַנג שטעלט לאַנגזאַם זײַנע געמאָסטענע טריט. ניט נתפּעל איז ער וואָס די אַנדערע באַאַמטע זײַנען שוין אויף זייערע ערטער. שפּיגלדיק אויסגעפּוצט, שטרעקט ער זײַן צאַרט־ווײַסע האַנט מיט די בלאַנקענדיקע מאַנזשעטן און דריקט ליבלעך די הענט פון באַקאַנטע. שוין לעבן קאַרפּן, אײַלט ער זיך נאָך ניט צו זיצן מיט אים בײַ זייער אַרבעטסטיש. ווי אַ לולב וואַרפּט זיך זײַן לאַנגע פיגור מיט זיסע באַגריסונגען אויף אַלע זײַטן; קאַוואַלעריש פאַרנייגט ער זיך מיט זײַנע אַלט־בחורישע מאַניערן. ברייט איז דער שמייכל צו זײַן קאָלעגע בײַם טיש:

— אַ גוטן מאָרגן, פרײַנד קאַרפּ; וואָס, אַפּנים אויך הײַנט האָט איר זיך צוגעאײַלט?.. ווי איך זע, פרײַנד קאַרפּ, איז שוין פאַר מיר כמעט ניטאָ קיין אַרבעט...

— ניט צו פאַרשלעפּן ענינים וואָס וואַרפן אָן אַ דרינגלעכקייט — קומען קאַרפּס ווערטער מיט אַ לײַכטן הוסט — גאָר פרי איז געווען בייטיק אויפצוזוכן צוויי מענטשן אין זייערע היימען, דערגיין דאָרט זייער מאַטעריעלן מצב. קומסטו אַהין אַ ביסל שפּעטער, איז שוין ניטאָ מיט וועמען צו ריידן... אַרײַן בין איך צו דעם וואָס בעט אין דער אָ בקשה אַ הלוואה, און צו נאָך איינעם וואָס איז בײַ אונדז אָנגעגעבן ווי אַן ערב.

— בײַ אַזאַ פיר וועט עס געלינדערט ווערן, פרײַנד קאַרפּ, דער הוסט וואָס מאַטערט אײַך אויס?.. מענטשן פאַרגעסן אַפילו דעם מינימום שעהן וואָס מען מוז שלאָפן!.. יע, אָנגענומען איז דאָך אַז אויף שלאָפן זײַנען גענוג אַכט שעה, און ווער רעדט אַכט אַ האַלב; האָב איך די טעג זיך געקויפט אַ בוך פון אַ באַרימטן פּראָפעסאָר, אָט האָב איך עס מיט זיך; שטעלט פעסט דער גרויסער מומחה אַ מינימום פון נײַן אַ האַלב, ניט ווייניקער!.. פרײַנד קאַרפּ, איר קריגט בײַ מיר דאָס בוך צום לייענען, און גיט טאַקע דעם גוטן טראַכט וועגן זיך!..

— אַ טראַכט געבן, און ניט קאָנען אויספירן... נעכטן אָוונט טאַקע געמיינט ניט צו גיין היינט צו דער אַרבעט, און זיין ביי אַ דאָקטאָר. האָט מיך אָבער פאַרטאָג געגעבן אַ הייב; בקשות ליגן ביי אונדז אָן אַן ענטפער!..

זיצן דיביידע ביי זייער אַרבעט, און הערן אויס אויך טענות און רייד פאַרביטערטע. הינטער זייערע פּלייצעס וואַרפן זיך קאָלעגעס דורך:

— אַ פּאָרעלע... איינער, פאַרגעסט אַז ער איז שוין אַ צעבראָכענער שאַרבן; און אָט דער צווייטער, געקנאָטן אויף היילע געלכלעך מיט שמאַנט...

— אָבער זע נאָר! שוין גאַנצע מינוטן ווי אונדזער פּינקוס רייסט זיך ביים פּולט מיט עפּעס אַ שרייער און בעל־טענה; גאָר ווי אַרויסגעפלויגן איז אים פון מוח די מעדיצינישע עצות, זיינע שטענדיקע וואָרענונגען פון אויפרעגן זיך...

דער ווונדער האַלט ניט לאַנג אָן. באַלד זעען די באַנקמענטשן ווי קאַרפּ רעדט שוין מיט די קליענטן. און פּינקוס, ער פּאָרעט זיך אין דעם הויכן שראַנק ביי דער וואַנט און זיין קאָפּ טיף פאַררוקט אין די פּאַליצעס. צעווינקט מען זיך: דער פאַרצערטלטער כאַפּט שוין וואָס אין מויל; זיין געוווינהייט צו שטאַרקן דאָס האַרץ און זיך אָפּפרישן נאָך אַפילו אַ גע־דאַכטן אָנשטרענג...

די שמייכלעריי ווערט פּלוצלינג איבערגעהאַקט דורך אַ פאַרקייכטן הוסט. פאַרוואָרפן איז ביי קאַרפּן דער קאָפּ; ער שטיקט זיך. און ווידער צעהילכט זיך אַ סקריפּיקער פריי ווואָס טרייסלט דאַ אַריין אין יעדן איינעם דעם האָרבסט פון דעם פרעסיקן דרויסן מיט דעם כליאָפּ פון דעם פליוך רעגן איבער די פענצטער...

טויט בלאַס איז פּינקוס. ווידער איז ער ביים שראַנק. מיט ציטערדיקע פינגער נעמט ער ציילן די אַפּעלסינען און די קיכעלעך און נאָך פון זיינע אָפּפרישונגען. — —

מאָרגן, דעם צווייטן טאָג, אַז דער נעפּל האָט זיך מיט אַ געדיכטער גרויקייט נאָך בלייזיק געשפּרייט איבער פעלד און גאַס — האָט שוין טימאָשאַס האָריקער אויער דערהערט די שווערע סאָפּיקע טריט אונטן פון דעם אַרויפגאַנג.

— די טרעפּ ווערן מיר אַלץ מער שטייִק, כאָטש קלעטער ווי אויף אַ לייטער... פאַרשטייסט, טימאָשאַ, קיין לופט ניטאָ צו אָטעמען, הו־קכי־קכאַ־אַהוו!..

זיך אָפּגעכאַפּט מיטן אַרויסהוסט פון דעם לייכעץ וואָס האָט אים מינוטן לאַנג סכּנותדיק געוואָרגן, האָט קאַרפּ מיט פיבערדיקע אויגן גענומען וואַרפן פאַרכמורעטע בליקן צו דעם ליידיקן שטול פון פינקוסן.

— דער הער זוכט דאָ וואָס? — איז גרייט צו העלפן טימאָשאַ וואָס האָט קאַרפן באַגלייט צו זײַן טיש און לאָזט אים נאָך ניט אָפּ.

— ניין, גאָרניט... אין די אויגן וואַרפט זיך מיר דער שטול... דורך נאַכט אַז דער הוסט האָט מיך עטלעכע מאָל גאָר שטאַרק פאַרכאַפּט און בין גע־בליבן אָן אָטעם, און איצטער אויך — זע איך אַז מײַן צווייטער קאָלעגע איז ניט אַזוי אומגערעכט אין זײַן באַציִונג צו דער אַרבעט. שאַדט טאַקע ניט צו טאָן אַ טראַכט מער וועגן זיך... הו־קקכי־קכאַ!..

און ווידער איז ער פאַרגאַנגען אין אַ הוסט און לאַנג זיך געוואָרגן... לײַכטער אים געוואָרן, לייגט אים טימאָשאַ אַוועק אויף שטולן. נאָך אַ קורצן דרעמל זעט קאַרפּ אַרום זיך נאָך עטלעכע באַנקמענטשן. פרעגט ער באַלד:

— ניטאָ נאָך פינקוס?.. אָט זיך דורכריידן מיט אים!..

— אַ צעטעלע פון אים, דאָ אויפן טיש — הערט ער אַן ענטפער — געשריבן טאַקע צו אײַך; איז אײַך ניט שווער צו לייענען?..

„ליבער פרײַנד קאַרפּ, דער מיאוסער וועטער הײַנט — און די נעץ, די נעץ! — צווינגט מיך צו בלײַבן אין שטוב. איך פאַרלאָז זיך אויף אײַך, אַז אונדזער אַרבעט וועט ניט לײַדן. מיט דאַנק, פינקוס".

אַ צי געטאָן לופט, האָט זיך קאַרפּ אַוועקגעזעצט בײַם טיש, און צו זיך אַליין גערעדט מיט אָנטרײַב:

— גענוג מיטן הוסטן, פרײַכן!.. אַ גרויסער טאָג הײַנט... קכי־קכאַ!..

1928

# דאָקטאָר וואַסמער

ווייניק מענטשן רופן אָן דעם דאָקטאָר מיט זײַן פֿאַמיליע־נאָמען וואָס גלאַנצט אַראָפּ מיט יִראת־הכּבֿוד פֿון דעם ווײַסן עמאַל־שילדל בײַם אַרײַנ־גאַנג פֿון זײַן פּראַקטיק הויז. מיט זײַן אויסערלעכן אָנזען און שטרענג בכּבֿודיקער האַלטונג — ווי ס׳פּאַסט! — האָט ער זיך בײַ ליצנים דערדינט דעם טיטל „דאָקטאָר האָנער". אין שטאָט בכלל הייסט ער דאָקטאָר וואַסמער, ווײַל ער לאָזט זיך וואָס מער באַצאָלן. אָבער ראַטעווען אַ קראַנקן, ווייס מען אויך, איז פֿריִער גאָט און נאָך דעם דאָקטאָר וואַסמער.

אַרומגענומען מיט זײַנע פּאַציענטן, די מער־פֿאַרמעגלעכע און הויך פּאָערער, האָט זיך דאָקטאָר וואַסמער פֿײַן און וווּיל געלעבט אַ לעבן. געזעלשאַפֿטן און קהלשע טוערס האָבן ניט פֿאַרגעסן צו באַגריסן אים בײַ יעדער נאָר געלעגנהייט, צי אַ געבוירן־טאָג, אָדער בײַם אויסבויען זיך אַ נײַע דאַטשע, אײַנשאַפֿן זיך אַ מאָדערנע קאַרעטע. גאַנץ אָפֿט פֿלעגן אים געבראַכט ווערן ערן־בילעטן צו פֿאַרווײַלונגען און צו הערלעכע צונויפֿקו־מען. אויף די ווענט פֿון זײַן קאַבינעט הענגען ערן־דיפּלאָמען פֿון פֿאַר־שיידענע געזעלשאַפֿטן, וואָס זײַנען אים געוואָרן אונטערגעטראָגן מיט פֿײַער־לעכקייט. גליקלעך פֿלעגן זיך פֿילן די עסקנים, אַז דער באַרימטער דאָקטאָר האָט אין זײַן דאַנקוואָרט פֿאַר זייער דיפּלאָם אויסגעדריקט זײַן געהויבענע אָנערקענונג פֿאַר דער טעטיקייט פֿון דער געזעלשאַפֿט וואָס באַערט אים, און האָט אויך צוגעזאָגט זײַן מאָראַלישע מיטווירקונג. אויך די צײַטונגען,

בײַם דערמאָנען דעם נאָמען פון דאָקטאָר, פלעגן ניט פאַרגעסן צוגעבן וועגן זײַן פערזענלעכקייט — דער איבעראַל פּאָפּולערער אַרצט, געזעל־שאַפטלעכער עסקן און גרויסער פילאַנטראָפּ...

טאָג פאַר טאָג אין דעם דאָקטאָרס לעבן — טעג אָנגעזאַפּט מיט ווילזײַן און כבוד.

דאַרף אָבער איין טאָג וואָס פּאַסירן, און דווקא אַ קלייניקייט. איז אָבער די קלייניקייט, ווי להכעיס, געפאַלן אין טעג גרויסע. גאָר גרויסע טעג אין דאָקטאָר וואָסמערס פּראַקטיק. טעג פון אַ מאַסן־איבערגאַנג!.. אַזוינע טעג פאַרשפּאָרן אין גאַנצן דעם דאָקטאָר וואָסמער פון צו געבן דעם פּאַציענט אַן אָנצוהערעניש, אַז „ווערדליק דעם ערנסטן כאַראַקטער פון דער קראַנקייט, איז ניט אויסגעשלאָסן נאָך אַ מאָל זיך באַראַטן מיט אַ דאָקטאָר". די ווערטער זײַנען אין די טעג גאָר איבעריקע. קינד־און־קייט ווייסן שוין אויך אויס־צורעכענען אויף די פינגער די אַלע קאָמפּליקאַציעס, וואָס אַזאַ גריפּע — דער איבערגאַנג — קאָן, די שעה זאָל ניט זײַן, פאַרשאַפן...

איז אָט אין די טעג, וואָס שעהן זייערע טאַרענען זיך ניט מיט הונ־דערטער פאַרן דאָקטאָר וואָסמער, האָט זיך דערקליבן אַזש צו אים אין קאַבינעט אַרײַן אַ ייִדענע אַן אָפּגעשליסענע מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט. און גלײַך מיט אַ געבעט:

— פּריִער גאָט און נאָך דעם איר, ליבינקער דאָקטער!.. וואָרעם וואָס זאָל איך זיך דאָ שעמען? בעסער אַ שאַנדע אין פּנים איידער אַ ווייטיק אין בויך... דאָס קינד, טײַערינקער!..

דאָקטאָר וואָסמער האָט באַלד דערשפּירט דעם אומגעריכטן קונד. אש־להבה איז ער געוואָרן אויף זײַנע הויזדינער. ווי אַזוי האָט מען פאַר אַזאַ ייִדענע גאָר געעפנט די דרויסנטיר? און אַנופריי, דער שווייצער בײַ דער טיר צום קאַבינעט, האָט בײַ דעם פולן וואַרטצימער מיט אמתע פּאַציענטן, האָט ער גאָרניט באַמערקט אַזאַ קונד און ניט געקאָנט אָפּהאַלטן זי פון דעם אַרײַנרײַסן זיך? שוין אַזאַ בלינדזשיאַק, דער אַלטער אַנופריי!..

דעם דאָקטאָרס האַנט האָט זיך שוין פאַרמאָסטן אויף אָנדריקן דאָס שווייצערגלעקל, טאַקע צו אַנופרייען, וואָס קאָן זיך נאָך נישקשה אָפּפּאַרטיקן

מיט דער ייִדענע. האָט אים אָבער אין אויגנבליק אַדורכגעשלאָגן אַ שוואַרץ־גלאַנציקער אָפּשייַן; זייַן קאָפּ גלאַנצט רעספּעקטפּול מיט אַ הויכן צילינדער־הוט. צעווונקען האָט זיך אַ בילד פון דער וואַנט, וואָס ווייַזט ווי ער, דער פּרעזידענט פון דער גרויסער סינאַגאָגע, נעמט דאָרט אויף פּייַערלעך אַ באַרימטן מיניסטער... גייך, פּאַסט עס ווייַט ניט, אַז אַ שווייצער אַ קולאַק זאָל פאַרבייַ די פּאַציענטן שלעפּן אַן אָרעמע אָפּגעשליסענע פרוי, און נאָך מיט אַ פּיצל קינד!.. וואָרנט אָט דער צילינדער און פאַרלויפט זייַנע אויגן מיט די בליקן פון יִראַת־הכּבֿוד צו אים, בעת ער טראָגט זיך מיט זייַן קאַרעטע איבער די גאַסן; ווי פאַרערט ער איז בייַם פאָלק!..

אָפּגעשפּרונגען איז זייַן האַנט פון דעם גלעקל. ער האָט זיך געכאַפּט שרייַבן אויף אַ בלאַנק פּאַפּירל, און גרויסהאַרציק איבערגעגעבן:

— ליבע פרוי, אין דעם קוויטל האָט איר דעם געצוייעם אַדרעס פון אַ צדקה־אַמבולאַטאָריע. גייט טאַקע שוין באַלד אַהין, וועט מען אייַך נאָך הייַנט אָננעמען.

— בולאַטאָריעס?! — ברעכט אויס די ייִדענע — ווער האָט עס צייַט זיך דאָרט צו דערשפּאַרן? גבֿירים וואָס האָבן קיין אַנדער אַרבעט ניט, זאָלן זיך דאָרט קנישען בייַ די טירן... און מיך, אַן אָרעמע וויסטע אַלמנה, דאַרפט איר העלפן. פריִער גאָט און נאָך דעם איר, האַרינקע!.. און טאַקע, בולאַטאָריעס זאָגט איר, פּאַני דאָקטער — נעמט זי זיך פאַרן ענין ברייטער דערקלערן — וואָס טוען זיי אייַך אויף דאָרטן? איך זאָג דאָס מער ניט, איידער איר שלאָגט זיך צו דאַרפט איר אַדורכגיין ווייַסע פאַרטעכער אַן אַ צאָל. און יעדער ווייַסער פאַרטעך רייַסט אייַך אויף אַ מוח מיט פראַגעס, שאָקן נאָכפרעגענישן פון נעכטיקע טעג און בייזע חלומות... און ערשט נאָך לאַנגע וואַרטענישן, איידער איר באַווייַזט זיך פונאַנדערקנעפּלען פאַרן דאָקטער, לייגט ער שוין צו אַ האַנט בייַם דופק, אָדער עפּעס אַ פּאָמפּעדיקל צום לאָפּעטקע, און פאַרטיק, שוין אויסגעהערט, יוצא. ער טאַפּט שוין אַ צווייטן בייַם דופק. בולאַטאָריע־היילעניש!.. הייַנט, איך זאָג דאָס מער ניט, דער אָנשטעל זייערער, די פּוריע; ווי גרויס בייַ זיך, די לאַנגע ווייַסע פאַרטעכער און די פאַרקרימטע צורות פון די ראָטעס משרתים, די הייצער־

משרתים, וואַסער־משרתים און פֿײַער־משרתים זייערע !.. איך האָב זיי אָבער געזאָגט: אַ געשוויר איידער עס פּלאַצט, איז עס הויך־הויך אָנגעצויגן...

האָט שוין דער דאָקטאָר פּשוט באַשלאָסן, מקריב צו זײַן הײַנט די טײַערע גאָלדענע מינוטן פֿון דער פּראַקטיק. געווירקט האָט דאָ אפשר דאָס טויט בלאַסע פּנים פֿון דער פֿרוי, וואָס דערמאָנט אים זײַן יונג פֿאַרשטאָר־בענע מאַמען. געווען אויך אַ וויסטע אלמנה. און אפשר האָט אים דער זכּרון פֿאַרטראָגן אין זײַנע אייגענע יוגנטיאָרן. אַז ער וועט שטיין מיט אַ ריזיקן פֿאַרמעגן — האָט זיך אים דעמאָלט נאָך גאָרניט געחלומט. רײַך איז הײַנט זײַן פּראַקטיק און באַרימט זײַן נאָמען. יחידים און געזעלשאַפֿטן יאָגן זיך ממש אָנצוטאָן אים וואָס מער כּבוד !.. יענע־יענע יאָרן אָבער. שטענדיק הונגעריק געווען. אַחוץ זײַן קערבל אַלטע ביכער און טראַנטעס, איז זײַן גאַנצע צירונג געווען עפּעס אַן אָפּגעבליאַקעוועטער סטודענטן־מונדיר. אין דעם אויספּוץ פֿלעגט ער דאָס האַלטן פֿאַר זײַנע חברים מעדי־קער די קנאַקעדיקע רעדעס וועגן פֿאָלקסגעזונט. מיט התלהבֿות פֿלעגט ער זיך צעשרײַען, אַז מסירת־נפֿשדיק דאַרף דער קומענדיקער דאָקטאָר שטיין אויף דער וואַך פֿון דעם פֿאָלקס־קיום !.. דאָס ריידן פֿון דאָקטאָר איז שוין אַנדערש, ממש האַרציק:

— איז זעצט זיך, ליבע פֿרוי; וואָס איז דעם קינד?

דער דאָקטאָר נעמט ליבלעך אַרויף דאָס קינד אויף דער האַנט און קוקט אים אַזוי טיף אין די העליש־צאַפּלדיקע אייגעלעך אַרײַן. ווי אַ ליכטל נאָך זײַנע עלנטע יאָרן פֿון אַמאָל האָט זיך אויף זײַן האַנט אַ צונד געטאָן. מיט היילע רחמים איז ער אָפּגעלאָפֿן און זײַן יעדעס וואָרט קלינגט אָפּ מילד, אַפֿילו פֿאַרקלעמט:

— עס הוסט דאָס קינד, וואָס?.. דאָס מעגעלע אויך, האַ?

— וואָס איר ווילט ניט אַליין, טײַערינקער, האָט זיך אין דעם קינד ניט אַרײַנגעקליבן. האַקט ווי פֿון אַ פּוסטער טון, האַקט עס. און אין בײַכל לאָזט ניט אָפּ אַ פֿאָליושקע... אַ פֿײַפֿקע אין האַרצן און אַ רעדל אין בויך; אַן אומגליק, הער דאָקטער!

איין אויער דעם דאָקטאָרס לויפֿט אַרום מיט אַ טרײַבל איבער דעם

קינדס גופל. דער אַנדער אויער אָבער נעמט איין דער שטילקייט אויפכאַפּן טריט געדיכטע פון וואַרטצימער און אַ סקריפּען דאָרט פון טיר. פון לאַנגער וואַרטעניש האַלטן אַפּנים די פּאַציענטן אין פונאַנדערגיין!.. איז שוין וואָס־מערן גאָרניט קלאָר דאָס רודלען ביים קינד אין בייכל. אויף גיך גיט ער נאָר אַ זאָג:

— דער איבערגאַנג... שרעקט זיך ניט, פּרוי; וועט שנעל פאַרבייגיין!..

— דער איבערגאַנג?! — צעלאָזט זיך די יידענע — אַ שטיק פּיינע בשורה אויף מיר, אַ מיצווה פאַרדינט, כ׳לעבן!.. הער אַ טרייסט, עס וועט גיך פאַרבייגיין! אַז ביי נגידים האַלט עס אַן, אַט דער איבערגאַנג, אין די חדשים, זאָל גראָד דער אָרעמאַן לייכט אָפּשניידן. אַ שפּילכעלע עפּעס, עס האָט זיך שוין איין מאָל אַ וויקל געטאָן אַ בינטל צאָרן אויף מיין קניפּל יאָרן! אַ קלייניקייט עס אַרויסצורייידן; דער העלד דערפון, אַזאַ עופעלע!.. אַט דאָס שרעקט דאָך מיך. און אויב טאַקע, ניט וויסן זאָל מען דערפון, דער איבערגאַנג, איז אַפילו נאָך דעם, איז דאָך די אמתע אָנשיקעניש מיט אַ צעשפּוזש פון פלינקאַציעס. מען זאָגט דאָך, די גריפּע ווי די גריפּע, די גרייפּעלעך אָבער נאָך דעם. אַ צרה מיטן איבערשלאַק אַרויף!..

דעם דאָקטאָר גייען שוין גאָר ווייניק אָן די דיבורים. ער מאַכט זיך געלאָסן:

— איך שרייב אויף אַ רעצעפּט, דריי עסלעפל אַ טאָג.

— אַ רעצעפּט? — ביטערט זיך די יידענע — אָ, באַרעמהאַרציקער דאָקטער, דעם גביר אַ רעצעפּט, און דעם אָרעמאַן טוט מען אויך צוליב מיטן זעלבן רעצעפּט. פרעגט פריער, צי פאַרמאָג איך ביי מיין דלות אַ צעבראָכענעם גראָשן פאַרן אַפּטייקער...

ציט מיט די פּלייצעס דאָקטאָר וואָסמער. ער כאַפּט זיך לייז ווערן פון זיין באַרג מעטאַלענע מטבעות און וואַרפט צו עטלעכע צו דער יידענע. זי רירט זיך נאָך ניט פון קאַבינעט. פלוצלינג זיך דערמאָנט:

— זעט, טייערינקער, ווי אַ צעמישטע בין איך דאָך היינט מיטן קינד. אָבער ווי זאָגט מען, אַ גוטער קלאַפּ קומט במילא. האָט מיר היינט פרי, אין אַ פאַרעוועוען מיטוואָך, גאָר דערמאָנט די ברוסט, אַז נאָך אַלץ ניט פאַרהיילט,, און וויטאָגן!..

איז שוין איצט דאָקטאָר וואַסמער מיט אַן אמת פאַרלאָרן. ער פילט ממש ווי אין יענער זייַט קאַבינעט־טיר, דאָרט אין וואַרטצימער, ווערט פון מינוט אַלץ שיטערער... ווי שווער איז אים דער אָטעם!

— זייַט אַזוי גוט, טייַערע גנעדיקע, איך בין ניט קיין פרויען־אַרצט, איך בין אַ דאָקטאָר אַן אינערלעכער; איר פאַרשטייט?!

— טאָ זייַט ניט אַזוי בייז, האַרינקע, און זאָגט זשע מיר, וואָס פאַר אַ קרענק איז דאָס? אָט אַן אויסשלאָגל אויפן קינדס קעפּל!.. און האָב איך זיך שוין יע דערשלאָגן צו דעם אמתן דאָקטער, טאָ זאָל שוין פאַר איין גאַנג דער הער אַ קוק טאָן דאָס פּיסל. חיות ניט זיכער, אַז מען רירט אָן דאָס פּיסל אין דעם אָרט בייַם קינד!.. כאַפּן זיך ביי צייַטנס, שאַדט געוויס ניט. מען זאָגט דאָך, דער מענטש ווערט עלטער, דער פעלער — אַלץ ייִנגער...

מער קאָן ער שוין ניט אויסהאַלטן, דער דאָקטאָר. אַ טרייסל איז אים שווידערדיק אַדורך. נאָך ערגער, דאָס קינד איז גאָר מיט אַ מאָל אַרויס מיט אַ קוויטשיק געוויין. דערשראָקן זיך אַפּנים פאַר דעם דאָקטאָרס בייזן אָנקוק... פון גרויס ערגערניש האָבן זיך וואַסמערן צעקריצט די ציין מיט אַזאַ שאַרפן סקריפּ. ניט אַנדערש אַ גאַנצע ריי גאָלדענע ציין־קאָראָנקעס האָבן זיך אים דאָ אַרונטערגעריבן... מיט אַ טראַסק שפּרינגט צו די האַנט צום גלעקל, און מיט אַ געשריי:

— איך בין אַ שוואַכער מענטש, אַ קראַנקער!.. אַ סך מידער און מער פאַרהאָרעוועט פאַר אייַך; לאָזט מיך!!

דער שווייצער האָט אים די גאולה געבראַכט... באַוויזן האָט די ייִדענע נאָך אַ שלייַדער צו טאָן אין קאַבינעט איבער דער פאָדלאָגע דעם הויפן קלינגענדיקע מטבעות וואָס דער דאָקטאָר האָט איר געשאָנקען. מיטן וויין־צאַפּלדיקן קינד האָט אַנופריי מיט געשרייען געשלעפּט זי דורכן וואַרט־צימער, פאַרביי די פּאַציענטן...

מינוטן־מינוטן איז דער דאָקטאָר געווען אָפּגעשלאָסן אין קאַבינעט. איילנווייַז האָט אים געוואָרפן. געכאַפּט האָט ער זיך צונויפנעמען די צעשאָטענע מטבעות. און די אויערן זייַנע — אָנגעשפּיצט צום וואַרטצימער. און

אוי ווי, וואָס דער גרויסער דאָקטאָר האָט זוכה געווען צו הערן פון זײַנע הויכגעשעצטע פּאַציענטן:

— זייער אַן אָרעמע פרוי, זעט זיך אָן... טאַקע אַקוראַט פאַר אונדזער דאָקטאָר, בײַ דעם גאָלדענעם מאַרק פון דעם הײַנטיקן איבערגאַנג...

— ניין, דאָס מאָל האָט ער שוין ניט געוויזן זײַן ספּעציאַליטעט צו פאַרשלעפּן מיט אַ קראַנקייט, הייסן זיך ווענדן צו אים נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, און צאַפּן געלט וואָס מער; דאָקטאָר וואַסמער!..

— אַוועקגעלייגט האָט די פרוי פאַרן דאָקטאָר מסתּמא נאָר עטלעכע מאָגערע מטבעות; נו־נו! האָט ער עס געגעבן דעם שלײַדער, און געהייסן זי אַרויסוואַרפן...

אַיאָ, ווערטער אַזעלכענע הערט ער — ער וואָס האָט אויף אַ פאַר־זאַמלונג נעכטן אָוונט אַזוי וואַרעם גערעדט וועגן מעדיצינישער הילף פאַר די פאָלקסמאַסן בײַ דער גרויליקער עפּידעמיע; און אין אַ צײַטונג פון הײַנט פרי ווערט ער בולט דערמאָנט אַלס „איבעראַל פּאָפּולערער אַרצט, חשובער געזעלשאַפטלעכער טוער און גרויסער פאָלקספרײַנד״!..

און אַ וועלט האָט מיט אַ מאָל זיך אַ שונא אַ פלאַמיקן פאַרשאַפט. אויפן מוח קען ער זיך ניט אַרויפנעמען, דער באַרימטער דאָקטאָר, די לעכער־לעכע טעטיקייט פון די סאָציאַלע מוסדות — זייערע מעדיצינישע הילף! נאָך הײַנט שיקט ער אָפּ די ערנצייכנס און דעקאָראַציע־בענדער און די דיפּלאָמען — צוריק צו די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן וואָס האָבן עס אים באַערט. און מער דערלויבט ער ניט, אַז בײַ די געזעלשאַפטן זאָל זײַן נאָמען דערשײַנען ווי אַ פרײַנד זייערער, און אַפילו ניט ווי אַן ערן־פּאָרזיצער!.. אַחוץ דעם, זעט ער הײַנט טאַקע באַשײַמפּערלעך, אַז פאָלק, מאַסע — איז אַ שנאָרעוודיקער חזיר. לאָז זיך נאָר צו אַ רגע, קריכט מען שוין דיר מיט די קאָפּיטעס אין לעבער...

אויף אַ סך ־ אַ סכן האָט הײַנט דאָקטאָר וואַסמער באַקומען בייז בלוט. אין סך־הכּל אָבער קאָנען די געזעלשאַפטן פון דעם ברוגז ווייניק פאַרלירן. זיי ווייסן ווי אים ציטערט די האַנט בײַ אַ נתינה, אַפילו בײַ אַ קליין סומעלע; ברייט איז אָבער דער אָנשטעל; הײַנט זײַן יאָגעניש נאָך כּבֿוד!.. לײַדן

אויף אַן אמת וועט אַנופּריי, דער שווייצער. דאָקטאָר וואָסמער האָט זיך מיט אַ מאָל אַרומגעזען, אַז אָט דער דינער זײַנער איז שוין ווײַט ניט יענער בלוט רויטער יונג וואָס איז מיט איבער דרײַסיק יאָר צוריק בײַ אים אָנגעקומען. שוין אַ האַלב־בלינדער, אַזוי אָפּגעקראָכן. קאָן ער שוין גיין, אַנופּריי. הײַנט איז זײַן טאָג!

שײַך צו זאָגן, אַז דאָקטער וואָסמער איז אַרויס פון די כלים...

1929

# פרייע הענט

**א**

אינזשעניר בנימין ראַשקעס שײַנט צו זײַן ניט גלאַטיק פֿאַר דער לעצ־טער צײַט. עפּעס האָט דאָך אַ מענטש דורכגעמאַכט פֿאַר זײַנע פּופֿציק יאָר לעבן. באַוווּנדערט איז געווען זײַן מסירת־נפש פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. יאָרן איז ער אויסגעשטאַנען רדיפֿות און טורמעס און סיביר. נו, האָלט עס גאָר איצט בײַ אים — אָפּשנײַדן מיט דער באַוועגונג... שווער אים אַליין זיך דערגרונטעווען, ראַשקעסן, ווי לאַנג שוין אָט אַזאַ מין געדאַנק טליִעט אין אים. אַז מיט קיין נײַע סאָציאַליסטישע טעאָריעס, און אַפֿילו סתּם גריבלענישן אין פּאַרטיי־פּראָגעס, גיט ער זיך ניט אָפּ שוין אַוודאי אַ יאָר צען. דאָס גלײַכן האָט ער שוין לאַנג ניט געהאַלטן אין האַנט אַ מער ערנסטן ווערק וועגן פּאָליטישע אָדער ווירטשאַפֿטלעכע פּראָגעס. אַזוינע זאַכן לאָזט ער הײַנט מיטן פֿולן האַרצן פֿאַר די ייִנגערע חברים. אויף די לעצטע פּאַרטיי־קאָנפֿערענצן האָט ער, ראַשקעס, זיך באַנוגנט צו זאָגן זײַנעם אַ וואָרט בײַם שליסן די היציקע וויכּוחים. אין די מינוטן גיט ער פֿון זיכּרון אַ וואָרף ציטאַטן פֿון די סאָציאַליזם־קלאַסיקער, וויקלט פֿונאַנדער אַ פּאָר העלדישע מאָמענטן פֿון דעם הערויִשן פּאַרטיי־עבֿר, און ער העלפֿט צו אין אָננעמען אַ באַפֿרידיקטע רעזאָלוציע. געזיכערט איז אויך זײַן אָרט אין דער איבערגעקליבענער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער פּאַרטיי.

וואָס אין דער פּאַרטיי קומט גענויער פֿאַר נאָך די קאָנפֿערענצן, גייט שוין ראַשקעסן ווייניקער אָן. ער איז אַן אינזשעניר אין אַ טעכנישער פֿירמע און

איז אַזוי פֿאַרנומען. און ניט געקוקט אויף זײַן פֿולן הויכן גוף מיט די ברייטע פּלייצעס און אויף זײַנע רויטלעכע באַקן און דעם קאָפּ האָר וואָס זײַנען נאָך גאַנץ טונקל — איז אָבער זײַן געזונט ניט גאָר פֿויגלדיק. די ייִנגערע חברים, האַלט ער, אָט זיי זאָלן אָנפֿירן מיט די קלובן, בירזשעס, געהיימע טרעפֿפּונקטן. אדרבא, זאָלן זיי טאַקע אַגיטירן, טומלען, דרוקן אין געהיים פּראָקלאַמאַציעס און פֿאַרשפּרייטן. ער, ראַשקעס, איז געבונג יוצא מיט זײַן באַמיִען זיך ניט אַדורכצולאָזן די גרעסערע באַראַטונגען. ער באַטייליקט זיך אַלע מאָל אין אויפֿנעמען די וויכטיקע פּאַרטיי־געסט. בײַ אַ טרעפֿונג מיט די קאָמיטעט־חברים, מוז ער אויך שעהן גאַנצע אויסהערן פֿון זייערע אַלער־ליי אויפֿטוונגען. און שטענדיק הערט ער פֿון גלענצנדיקע ניצחונות אויפֿן פּאַרטייפֿראָנט, מען ציילט אָן נײַ פֿאַרכאַפּטע פּאָזיציעס אין וויכטיקע פּראָ־ווינצפּונקטן. ער אַליין ווערט אויך מאָביליזירט אויף מיטינגען, צום ריידן, אָפּאָנירן, קעגנענערס אָפּשלאָגן. די אַ אַרבעט פֿאַלט אויף אים דער עיקר בײַ וואַלן צום סיים, צו די מאַגיסטראַטן, קהילות. טוט ער זײַן חוב, און ווי זײַן שטייגער, מיט אימפּעט, ברען.

עס טרעפֿט אויך אַז אַ פּאַרטיי־סעקרעטאַר נעמט אים סתּם אַוועק שטי־קער צײַט. געקומען איז צו אים ניט לאַנג צוריק אַזאַ איינער און גענומען פֿרעגן וועגן זײַן פּרינציפּיעלער שטעלונג צו עפּעס בײַ אויפֿגעקומענע סיטואַ־ציעס אויפֿן פּאַרטיי־באָדן. און האָט אים אָנדערציילט פֿון אויסזיכטספֿולע קאָמבינאַציעס אין דער צווישן־פּאַרטייען־פּאָליטיק. געדרייט האָט ער אים אויך אַ מוח מיט נאָך ריין־פּרינציפּיעלע ענינים, וואָס קאָנען האָבן אַ ניט־דער־ערך גרויסן באַטײַט פֿאַרן פּאַרטיי־פּרעסטיזש... לאָזט זיך אָבער ראַש־קעס ווײַט ניט פֿירן. דעם סעקרעטאַר האָט ער ענדלעך אָפּגעשיקט צו די ייִנגערע קאָמיטעט־לײַט, אָט די וואָס שטייען בײַ דעם קאָמפּאַס פֿון דער באַוועגונג, האַלטן זיך אַזוי פֿעסט בײַם קורס און זײַנען איבערציטעריק איבער נאָר אַ וועלכן חשש פֿון אַן אָפּנייג... יע טאַקע, מיט קיין פּאָליטיק גיט זיך שוין ראַשקעס אַ צײַט לאַנג ניט אָפּ. טעאָריע־מעשׂיות הייבן אים ניט אָן צו אַרן.

און דאָך וואַקלט ער זיך אַזוי פֿאַר דער לעצטער צײַט, איז ווײַט ניט

שווה־בשווה מיט זיך. און נאָר אַ פרײַע שעה, זעט ער צו בלײַבן אײנער אַליין מיט זײַנע אַלע מחשבותן. דער עיקר מײַדט ער אויס זיך צו טרעפן מיט אייגענע פּאַרטייערס. ניין, די פּאַרטיי איז שוין פאַר אים ניט וואָס אַמאָל. ער פילט עס בחוש. זיך אָפּגעטאָן פון די רייען יענער שפּאַנעוודיקער רעוואָלוציאָנערער גײַסט. אויסגעוועפּט זיך אָט יענער דערהויבענער אומרו, דער ברען און פּאַרמעסט... אים כאַפּט זײַן דערווידער די גאַנצע הײַנטיקע אַטמאָספערע. דערצו שטאַרקט זיך אין אים גופא אַן אײַנדרוק, אַז זײַן אָנזען כאַפּט אויך פאַלן אין דער פּאַרטיי. ער שנײַדט זיך אַפּנים אויף אַ וועטעראַן...

אין איינעם אַ יום־טוב־טאָג האָט זיך ראַשקעס אַרומגעוואָרפן אויפן דיוואַן אין זײַן אַרבעטס־צימער, וואָס דינט אויך ווי אַ שלאָפצימער. שווער גייט אים מיטן פּרווון צונויפנעמען די אַלערליי געפילן, אײַנפאַלן און פאַר־שטעלונגען, וואָס האָבן זיך צעשפּילט מיט געמיש און פּלאָנטער. רײַסט זיך אים גאָר אַרײַן אַ הו־האַ פונעם צווייטן צימער. די קינדער שטיפן ווילד, האָט זיך וואָס צעבראָכן מיט אַ טראַסק. די ווײַב בראָט און וויל מיט קולות מאַכן אָרדענונג... אַהאַ, שוין ווידער אַ גוואַלד. דאָס מיזיניקל, זיך הויך אַרויפגעדראַפּעט און אַרונטערגעפאַלן!.. ראַשקעס שפּרינגט אויף. ער מיינט דאָ מאַכן דעם אמתן סקאַנדאַל; רויִקער קאָן שוין ניט זײַן?!.. פאַרלויפט אים אָבער די ווײַב מיט אירער אַ טענה — אין דרויסן איז אַזוי שיין און יום־טוב איז הײַנט אויך; נעמט אַ טאַטע די קלענערע קינדער און גייט אַרויס שפּאַצירן; אָדער אַלע צוזאַמען באַזוכן ווו...

עס דערגייט אָבער ניט ביז געשרייען. גאָר גיך באַרויִקט זיך ראַשקעס. טאַקע אמת, כאַפּט אים בײַם געדאַנק, הײַנט איז יום־טוב, דער טאָג פּראַק־טיק; אָבער אַ פרוי זאָל אַרויסגיין מיט די קינדער שפּאַצירן, דאַרף מען דאָך טאַקע, ווי ניט, זײַן אָנגעטאָן אויך יומטובדיק... פאַרהאַוועט איז זי, און אַזאַ טאָג איינע אַליין מיט די קינדער אין שטוב, איבער די פּאָר שפּאַניקע צימערלעך... ראַשקעס דרייט זיך ווידער אויפן דיוואַן, דראַפּעט זיך עקשנות־דיק אין זײַנע געדאַנקען און עס שטאַרקט זיך אין אים אַ ווילן צו זײַן וואָס מער אײַנגעשלאָסן מיט זיך אַליין. אַ געוועב פון פּלאָנטערדיקע מחשבות הייבט זיך אָן אין אים אויסצודריבלען. אַ שטוב מיט יונגע קינדער, און ער

אַליין שוין אין די פּופּציקער. הייַנט די דחקות, די דחקות!.. אַזאַ בירגער־לעכע וועלט אַרום, און ער, ראַשקעס, וויל זיך אָט דער אָרדענונג ניט אונטערגעבן. איז ער אַלץ אַ מענטש בייַ יענעם, אַ פּאַרקויפטער, מיט אַ בידנעם געהאַלט...

ראַשקעסן נעמען גיין פאַר די אויגן צענדליקער אינזשענירן, און אַפילו מאָנטיאָרלעך־פּאַרטאַטשעס. אַרויפגעאַרבעט האָבן זיך די אין אַ גאָר קורצער צייַט, און שטייען שוין מיט אייגענע ביוראָען, גרויסע אונטערנעמונגען, אָפּערירן מיט ריזיקע באַשטעלונגען. ער אָבער, אַן אינזשעניר מיט ניט ווייניק פּראַקטיק, ער דאַרף זיך פרייען אַז עס פאַרוואַלגערט זיך נאָך ווו אַ פירמע וואָס שרעקט זיך ניט אָפּ צו באַשעפטיקן לינקע עלעמענטן. די באַלעבאַטים זייַנע וייסן גוט ווי מען שמעקט אים נאָך, און דער שעף אַליין איז שוין וועגן אים ניט איין מאָל געווען פאַרבעטן אין פּאָליציי... נו, קלאָר, בייַ די באַדינגונגען דאָ אין לאַנד, וויל אַ מענטש פון זייַן פאַך זיך דער־שלאָגן העכער — איז עס ניט געמאָלט אַז ער זאָל זייַן איינגעריסן מיט די הויכע פענצטער און שטענדיק פאַרשאַרפט מיט די הערשער... וואָרעם ווי אַזוי טאַקע זייַנען עס אַ סך פון זייַנע באַקאַנטע דערקראָכן צו זייער הויכן מעמד? ראשית האָבן זיי געזעצן ווי געהעריק זיך אָנצופרייַנדלען מיט די באַרופענע פערזענלעכקייטן פון דער געזעלשאַפט, און מיט מלוכה־לייַט פון פאַרשיידענע ראַנגען. גאָר כדאי איז דאָס מישן זיך אין די געהעריקע קלובן, ווערן אַ חבר אין די געזעלשאַפטלעכע קאָמיטעטן און קאָמיסיעס, און אַ מחותן מיט ראַטמענער פון די מאַגיסטראַטן און דעפּוטאַטן פון סיים. ברייט אָפן זייַנען שוין פאַר דיר די טירן פון די בויטרעסטן און בוי־קאָמיסיעס, פון מיניסטעריומס און דעפּאַרטעמענטן און אינספּעקציעס... פרעגט זיך: פאַר וואָס, פאַר וועלכע מעשׂים־טובים זאָל אַזאַ ווי ער האָבן אַ פרייַנדלעכן צוטריט אין אָט די מקומות? אַז זייַן פּאַרטיי, און טאַקע ער אַליין — מען שפּרינגט אַ וועלט אין די אויגן; שייך מען שפּרינגט!..

פּלאָנטערדיק, פּלאָנטערדיק ביז גאָר איז דער ענין. ראַשקעס האָט אַפילו ניט מיט וועמען זיך דורכצושמועסן, און ווער רעדט נאָך — זיך פאַרטרויען. מיט דער וויַיב מייַדט ער לעצטנס אויס צו באַרירן בכלל אַזעלכע פּראָבלע־

מאַטישע פּראָגעס. דער גאַנצער אָנהייב פון זייער ביידנס באַקאַנטשאַפט און פרײַנדלען זיך, און צוזאַמענלעבן — האָט זיך דאָך געטוליעט אין די פּאַרטיי־פליגלען. ער, דער גרויסער חבר בינע, און זי — די יונגעטשקע חברטע מאַלע... די מחשבות אירע פון הײַנט און איר באַנעם אין לעבן — זײַנען בעצם פאַר אים גאַנץ דורכזיכטיקע. אין אַ גוטער שעה האָט זי זיך אַפילו ניט אײַנגעהאַלטן און קלאָמפּערשט אויף געלעכטער אויסגעשאָסן:

— יע, בינע בלײַבט שוין פון „לונק" זײַנעם אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן...

קלאָרע דיבורים וועט מען אָבער פון איר ניט הערן. אים גופא, ראַש־קעסן, וואָלט שוין געוועזן מערער צום האַרצן, אַז זײַן ווײַב זאָל אָפן מודה זײַן אין איר הײַנטיקן בליק אויף דער וועלט, אין דעם גאַנץ אַנדערן באַנעם. זי ווערט דאָך אַלץ מער רעכטער, און גאָטספּאַרכטיק אויך. ער מערקט עס, ער מערקט... ווען זי נעמט ריידן אָפן און זיך אַרויסגעבן — וואָלט זי אים אַ סך לײַכטער געמאַכט. אויפן חשבון פון זייערע ווײַבער פירן זיך דאָך אַ סך לינקע טוערס אַזוי ניט־מאַרקסיסטיש. טאַקע אין זײַן אייגענער פּאַרטיי איז געשטעלט געוואָרן אַ פראַגע צו אַ חבר פון קאָמיטעט, פאַר וואָס זײַנס אַ קינד איז אַוועק לערנען אין אַ רעליגיעזער שול. איז דער מענטש אַרויס מיט אַ טענה:

— די פּאַרטיי־פּרינציפּן ?.. אַ קאָמף בײַ מיר טאָג־טעגלעך מיט דער ווײַב ; כיבע גט זיך !..

פור־פּלאַט אָבער וואַרפן די פּאַרטיי — אַזאַ שריט לאָזט זיך ראַשקעסן אַפילו ניט אַרויפנעמען אויפן זינען. פּרוּוון קאָן ער עס נאָר אויף אַ בכבודיקן אופן. ער גייט אַרײַן, אַ שטייגער, אין ריין־פּרינציפּיעלע ניגודים ; ער הייבט אַרויס פאַר די חברים אַ פראַגע וועגן עיקרדיקע ענדערונגען אין פּאַרטיי־קורס. און מיט וויכוחים, וואָגיקע מאָטיוון. לאָזט זיך עס אָבער אָנצוהייבן נאָר אין אַ געהעריקן מאָמענט. קאָן ער אָבער לאַנג וואַרטן ?

ניט איין טאָג פּלאָגט זיך שוין ראַשקעס מיט די מחשבותן און מיט אײַנפאַלן. און אויך הײַנט זעט ער נאָך ניט דעם אויסוועג. און איז אויך ווײַט פון דורכצוקומען מיט זיך אַליין.

זיך לענגער פאַרטיפן אין מחשבותן און ברייטער זיך פונאַנדערקלײַבן אין זײַן פּראָבלעם — לאָזט מען אָבער ניט ראַשקעסן אויך אין דעם פרײַען טאָג פון יום־טוב. דער טעלעפאָן צעקלינגט זיך מיט אַ פאָדערונג פון פּאַרטיי. אין אָוונט, שפּעטסטנס אַכט אַ זייגער, מוז ער זײַן אויף אַ מיטינג אין איינעם פון די שטאָטזאַלן. דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר דערקלערט אים:

— די פּאַרביסענע קעגנער אונדזערע, זיי זאַטלען זיך גאָר פעסט... איר פאַרשטייט, חבר ראַשקעס, זיי גאַרטלען זיך עס צו מאַכן הײַנט אויף אונדז אַ גאָר גרויסן אָנגריף. מוזן מיר זיי שטעלן אַנטקעגן אַ שאַרפע אַטאַקע, און שוין אַרײַנהאַמערן דעם ריכטיקן טויטקלאַפּ!.. מיר פאַרלאָזן זיך דאָ אין גאַנצן אויף אײַך, חבר ראַשקעס; איר, אונדזער טריבון! אַנו, פּרוּווט זאָגן, אַז ניט...

ב

אויפן מיטינג זעצט זיך אַוועק ראַשקעס אויף די פאָדערשטע בענק. בײַם פּרעזידיום־טיש זעט ער טאַקע ביטערע און פאַרביסענע קעגענער פון זײַן פּאַרטיי. פאַרשרײַבט ער זיך פּריצײַטיק אויף דער „פרײַער דעבאַטע" און וואַרט אָפּ געדולדיק זײַן ריי צום ריידן.

ווי נאָר ער ווײַזט זיך אויף דער טריבונע, ברעכט אויס דער זאַל מיט אַ פײַפערײַ און זידלווערטער. ראַשקעס שטייט שווײַגעוודיק אײַנגעהאַלטן אויף זײַן אָרט, וואַרפט קרומע בליקן אויף דער זײַט פונעם פּאָרזיצער. ווי אומבאַהאָלפן שטייט אָבער דער מיטן גלעקל אין דער האַנט און האָט גאָר כלומרשט קיין כּוח ניט אַ רוף צו טאָן זײַנע צוגעגרייטע טומלער צו אָרדע־נונג. קולות אָן אויפהער רײַסן זיך צו ראַשקעסן:

— אַראָפּ!!

— נידער מיט די סאָציאַל־פאַררעטער און אידעען־פעלשער פון דער רעוואָלוציע!!

— פאַרשימלטע רעוואָלוציאָנערן, ליגט אין אײַער נאַפטאַלין; שווײַגט, מומיעס!..

צעהילכן זיך אָבער באַלד פון עטלעכע ווינקלען אין זאַל אַפּלאָדיסמענטן מיט אָנמוטן:

— רעדט, חבר ראַשקעס!.. לאָזט הערן דאָס אמתע וואָרט!

— אַהאַ, ביי דער אמתער רויטער פאָן, האָבן זיך צעווילדעוועט די אָקסן... צעשטעכט זיי דורך און דורך, חבר ראַשקעס!..

דערפילט זיך ראַשקעס, אַז ער איז דאָ ניט אַליין. פון פּאַרטיי זיינען עס סטראַטעגיש אויסגעזייט איבערן זאַל אייגענע חברה, פּיפּיקע יאַטעס און יאַטעכעס. ער באַמערקט אויך עטלעכע פון די אָנפירער מיטן טאַראַראַם; זיי אַרבעטן ווי געניטע קאַפּעלמייסטערס... און אָט גיט זיך אים אַ וואָרף אין די אויגן פון אַ זייט זאַל אַ לייכט רירעוודיקע פיגור וואָס פאַרפירט קונדיסים־שטיק; זיין עלטסטער יינגל, אַזאַ מאַדים!..

אין דעם אָנהאַלטנדיקן געפילדער נעמען לויפן פאַר ראַשקעסן בילדער פון זיין אייגענער יוגנט, טאַקע דאָ אין דער זעלבער שטאָט. אויך ער צוזאַ־מען מיט נאָך יינגלעך און מיידלעך פון דער פּאַרטיי, פלעגן זיי זיך ביי אַזוינע מיטינגען צעשיטן איבער די זאַלן. און ווי נאָר אַ סיגנאַלוווּנק פון דעם אָנפירער, פלעגן זיי אַלע אויסברעכן מיט אַ ליאַרעם. סאַראַ משונהדיקע קולות און אַ קונציקע פייפעריי. ער, טאַקע ער, איז דאָך אויף די שטיק געווען דער גרויסער מייסטער!..

אין יענע יאָרן איז ער גאַר גיך דערגאַנגען צו זיין אויך אַ הויפּטדיזשור ביי מיטינגען. האָט ער דעמאָלט צו זיינעם אַן ערשטן אָנפיר זיך אַרומ־גענומען מיט טויגעוודיקע חברה. זיין עיקר אויפגאַבע איז יענעם אָוונט גע־ווען צו שטערן אַ באַרימטן רעדנער וואָס איז אַרונטערגעקומען פון אַ פּאַר־טיי אויך אַ רעוואָלוציאָנערער, אָבער מיט אַ ציוניסטישן אונטערשלאַק. דער גאַסט האָט אַפּנים דערשמעקט די שטימונג אין זאַל, האָט ער אין זיין רעדע אַלץ אויסגעמיטן צו זאָגן אַ וואָרט וועגן די אמתע צילן פון זיין פּאַרטיי... איז אים, ראַשקעסן, דעמאָלט איינגעפאַלן צו דערמאָנען עס דווקא דעם רעדנער. אונטער זיין קאָמאַנדע האָבן חברה גענומען יעדע ווייַלע אַריינזינגען אין כאָר דעם באַקאַנטן ניגון, ציִעוודיק:

— מה נשמע בארץ־ישׂראל? מה נשמע בארץ־ישׂראל?..

שוין אַ רעכט ביסל יאָרן אָט פון יענער צײַט פאַרלאָפן — נעמט אַדורך ראַשקעסן אַ טריב געפיל. אַרײַנגעצויגן איז ער געוואָרן דעמאָלט אין דער אונטערערדישער אַרבעט, און עס זײַנען געקומען די טורמעס און סיביר; און זײַן אַנטלויפן פון דער פאַרשיקונג, און די הונגעריאָרן אַלס סטודענט... און אָט זעט ער ווידער אַ יוגנט מיט ברען און פלאַם; נײַע מענטשן, נײַ בלוט... צי ווייסן אָבער אָט די יונגע פון יענע גרויסע העראָישע יאָרן אין דער פאַרטיי? האָבן זיי אַוועלכע השגה פון די שרעקלעכע ליידן און קרבנות פון די עלטערע חברים? אָדער ווייסן זיי כאָטש אַ טייל פון די געוואַגטע מעשׂים און פון דער גוואַלדיקער ראָלע וואָס עס האָט מיט יאָרן צוריק געשפּילט אין דער פאַרטיי דער חבר בינע, טאַקע דער זעלבער וואָס הייסט היינט אינזשעניר ראַשקעס?..

ער בלײַבט נאָך שטיין קאַלט אויף דער טריבונע, ראַשקעס. דער טומל אין זאַל שפּאַרט נאָך אַלץ מיט סאַמע אימפּעט. זעט ער אַז עס זײַנען דאָ שטורמער פון נאָך און נאָך פאַרטייען, און די אַלע מאַכן עס דאָ זייערע קעגנזײַטיקע חשבונות און וואַרפן זיך איינע אויף די אַנדערע. כאַפּט אים שוין מיאוס ווערן דאָס גאַנצע שפּיל. וויפל נאָך קאָן מען אָפּשטיין בײַ אַזאַ געפילדער?.. נאָר אָט שיילט זיך פון דעם גאַנצן טומל אַרויס אַ הילכיקער אויסרוף איבערן זאַל:

— רעדט, חבר ראַשקעס! און איר אתה־בחרתנו־סאָציאַליסטן, האַלט ס'מויל!!!

„אתה־בחרתנו־סאָציאַליסטן", שײַנט אויף ראַשקעס — דאָס איז דאָך זײַנער אַ שלאָגוואָרט!.. ניט לאַנג צוריק האָט ער אַזוי אויפגעוואָרפן אַ קעגענער־פאַרטיי... לייגט ער שוין צו געשמאַקער דעם אויער צו די אויס־רופן וואָס טראָגן זיך איבערן זאַל. אים גייען טאַקע אָן די ווערטער וואָס ווערן געשלײַדערט מצד זײַן פאַרטיי־לאַגער. כאַפּט ער אויף און הערט:

— וואָס פּראַוועט איר דאָ דעם חבר ראַשקעס אַן עיכּוב־קריאה? איר פּאָליש־רעוואָלוציאָנערן, מיקווה־סאָציאַליסטן!!

— איר פּאַראַזיטן־נאָכלויפער, בלינדע קישקע פון דער אַלוועלטלע־כער רעוואָלוציע!

— שווייַגט, פּאַרטיי פון ראָמאַנטיקער! קבר־רחל־טרוימער! שקל־קאָמיסאַרן!!

„דאָס זייַנען דאָך אַלץ לעבעדיקע שורות פון די בראָשורן מייַנע נאָך מיט יאָרן צוריק!..״ — ווערט ראַשקעס פאַרכאַפּט, און באַלד אויך האָפערדיק — „עהע, מען פלייַסט זיך נאָך אויף מייַנעם אַ וואָרט; און אויך דער יונגער דור!..״

ראַשקעסן פליִען שוין אַרויס אין גאַנצן זייַנע לעצטע צאַפּלדיקע ספיקות וועגן דער פּאַרטיי. ניטאָ מער בייַ אים קיין פּגימות אויף דער נשמה. אַלץ אַזוי קלאָר, פעסט, ניט־אָפּפרעגלעך. ער דערפילט זיך ווידער אין דער הויט פון זייַנע יִינגערע יאָרן. צוריק דער זעלבער חבר בינע!.. ער פאַלט אויך באַלד אַרייַן אין אַ ברענענדיקער התלהבות, ווערט פלאַם־גרייט אויף אַלץ אין דער וועלט — אַלץ פאַר זייַן פּאַרטיי־אידעאַל!

— חברים האָרעפּאַשניקעס!!! — רייַסט זיך אַרויס פון אים מיט אַ מאָל אין סאַמע געפילדער אַ ברומיקע שטים וואָס ברעכט אַדורך מיטן אויגפּינטל דעם גאַנצן זאַל, פאַרקילט די אַלע אָנגעהיצטע געמיטער און וואַרפט אָן אַ פאַרשטומטקייט... ער דונערט מיט זייַן באַסאָווער שטים, שפּאַנט מיט זייַן פייַליק־שאַרפן וואָרט אין די קעגענער, טיף זיי אין לעבער אַרייַן. פון אונטער דער צונג קוועלן אים אויף נייַע טענות מיט בייַסיקער קריטיק און ווערטלעך. ער ברענט מיט גיפטיקן פלאַם, רייַסט אויף אָן אייַנזעעניש נאָר אַ סירכה און פּגימהלע בייַ די אַנדערע. ער באַצווינגט הערצער, געמיטער — און אין זאַל ברעכט אויס אַ דונערדיקע פּאַטשערייַ.

נאָך זייַן אייַנגעגעבענעם אַרויסטריט פאַרקלייַבט זיך ראַשקעס, מיטן שליסן דעם מיטינג, אין קאָרידאָר פון דעם זאַל און קילט דעם שוויס פון זיך. אַרום אים זאַמלען זיך זייַנע מענטשן, דער עיקר יִינגערע. זיי טוליען זיך מיט ניצחון־פייַערלעך אין די קאָכיקע אויגן. ער אַליין, ראַשקעס, פילט זיך באַזונדער ווי אַ גליקלעכער זיגער. דעם אָוונט איז ער דאָך אויף בייַגעקומען אַ גאָר גרויסן קעגענער, אַזאַ בייזן און שרעקלעכן — דעם ווירוואָר געדאַנקען וואָס פרעסן אים אַליין, אים אינעווייניק... אַ חבר פון פּאַרטיי־

קאָמיטעט גיט אַ ווונק צו איינעם פון די יוגנטלעכע וואָס האָבן אַזוי פלײַסיק געאַרבעט אין זאַל. נעגטער בעט ער אים צוגיין, און שטעלט פאַר:

— דער בחורל, חבר ראַשקעס, דאַרפט איר וויסן, איז איינער פון אונדזערע יונגע גוואַרדיע; דאָס איז, אויב איר האָט נאָך ניט געהערט, דער חבר ווולע; אַ צוקונפטיקער!..

ראַשקעס וואַרפט צו דעם בחורל אַ פרײַנדלעכן שמייכל, דריקט אים די האַנט:

— פטור, אַוודאי האָב איך געהערט פון דעם חבר ווולע; אַיאָ, וואַקסט אַ גענעראַל פאַר דער באַוועגונג!..

פון ליידיקן זאַל שאַרן זיך אַרויס אַן עלטערע מאַן און פרוי. דעם גאַנצן אָוונט נישטערן זיי און זוכן זייער איינציקע טאָכטער וואָס האָט גענומען פאַרפאַלן ווערן ביז האַלבער נאַכט ביי עפּעס „חברים”. זיי שמעקן אַרום מינוטן לאַנג דעם געזאַמל דאָ אין קאָרידאָר, קוקן זיך צו צאָרנפול ווי ראַש־קעס פירט זײַן שמועס מיט די יונגע — און קרעכצן אַרײַן:

— אָט אַזוי סמט מען אָפּ די קינדער; מען טרײַבט טאַטע־מאַמע אין קבר!..

ראַשקעס איז נאָך גאָר פײַן האָפּערדיק. אויפגעלייגט איז ער אַרײַנ־צוגיין אין אַ וויכוח אויך מיט די אַלטע. רעדנעריש פאַרנעמט ער זיך:

— פעטערל און מומינקע! ניט סם גיבן מיר דער יוגנט אַרײַן, בײַערט וויטאַלע קראַפט, חיות און מוט צום ווידערשטיין און צום קאַמף אין זייער וויסטן, פאַרהאָרעוועטן און האָרעפּאַשנעם לעבן; מיר שמידן זייער כאַראַק־טער און פאַרזיסן זייער ביטערן אַרבעטסטאָג מיטן ניצחון־אויסקוק אויף דער סאָציאַלער דערלייזונג!.. פאַרשטייט נאָר, דער קאַמף און שטרעבן צו אַלוועלטלעכער גערעכטיקייט, מענטשן־פאַרברידערונג און סאָציאַלן יושר, — דאָס אַלץ גיט אַרײַן שטאָלץ דעם פאַרשקלאַפטן, גלײַכט אויס זײַן גע־בויגענעם רוקן; קרבנות־גרייט ווערט ער, פאַר דער אַלוועלטלעכער רעוואָ־לוציע אין נאָענטן עתיד. הערט איר שוין!..

ג

צוריק פון מיטינג, קומט ראַשקעס אַרײַן אין שטוב נאָך האַלבער נאַכט. הויזגעזינד שלאָפט שוין. באַמיט ער זיך וואָס שטילער אַדורכצושלײַכן צו זײַן בעט. ער מײַדט אויך אויס אויפצודרייען דאָס טונקעלע נאַכטלעמפּל. אין דער פינצטער וואַרפט ער אַראָפּ גיך די זאַכן פון זיך. אים אַרט ניט ווי זיי פאַלן. שרעקלעך מיד איז ער און וויל שוין אָפּלייגן זײַן פיבער טרייסלדיקן גוף אין בעט אַרײַן, און אײַנדרעמלען... דערהערט ער אָבער אַ מורמל. די ווײַב רעדט אַפּנים פון שלאָף. אָבער אָט שוין אַ קלאָר געבייזער:

— אַהאַ, שוין דאָ מיט דער באַלי̇ע שוויס... פון שלאָף האָט מיך אָט דער געשמאַקער גערוך אויפגעריסן!.. וויפל קלאַפּטער האָלץ סט׳שוין צעהאַקט?..

זי דרייט גלײַך אויף דעם לאָמפּ. קוקט אָן ווי עס שוידערט אים אין קעלט. זי בורטשעט אַוועק מיט טענות:

— ווי גייט מען עס אַוועק אויף אַ גאַנצער נאַכט? און צען מאָל אָן אײַליקע אויפפאָדערונג פון דער פאַרטיי, אַז דער בלוטדרוק איז הויך און דער צוקער פאַלט ניט?

זי מורמלט נאָך אַ רעכטע ווײַלע, ווי פון שלאָף, האַלבע און ניט־קלאָרע ווערטער. נאָר אָט גיט זיך איר קאָפּ אַ הייב פון קישן, אַ פסק־דין פאַלט. דער קאָסטיום וואָס ער האָט אויסגעטאָן, איז פון שוויס געוויס שוין דורכגעפוילט, און אפשר צעגאַנגען. אין דרויסן אַרויסטראָגן זאָל ער אים שוין; אַ משוגענער וועט אויך ניט גנבענען די מציאה!..

קיין וואָרט האָט שוין ראַשקעס ניט געהערט, אַז ער איז צוריק אַרײַן אין שלאָפצימער. אַפּנים זיך שוין באַרויקט די ווײַב, און אפשר שוין אײַנגעשלאָפן. אים אָבער לויפט אָן אַ געפיל, אַז עפּעס וואָס טײַערס און האַרציקס איז אים פאַרלאָרן געגאַנגען. עפּעס צערונען געוואָרן איז דאָ בײַ אים אַ שטימונג אַ דערהויבענע וואָס האָט אים דעם אָוונט אַזוי געמונטערט און באַפליגלט. עס נעמט אים אַדורך אַ בענקעניש צו די אַמאָליקע יאָרן, צו זײַן יוגנט... נישטערנדיק גראַבלט ער מיט די אויגן אין טונקל באַלויכטע־

נעם צימער־חלל, ער בייגט זיך לאַנגזאַם איבער דעם בעטטישל און נעמט אַרונטער אַ בילד. יע, דאָס איז ער, פון אַמאָל; אַזוי האָט ער אויסגעזען. אַ בחור אַ ברען מיט פעך שוואַרצע לאַנגע האָר, פאַרקעמט אויף הינטן. אַ ברייטע אייבערהעמד טיף איבער די הויזן און איבערגעשנורט מיט אַ פרענדזלדיקן קוטאַס. ווי פרעמד און פאַרביסן יענער „חבר בינע" קוקט איצט אויף אים!.. ער נעמט שוין אויך זיין פרויס בילד פון יענע יאָרן. ווי העלדיש געוואַגט זי קוקט אַרויס, די חברטע מאַלע; דוכט אויך ניט ווייגיקער כיטרע שאַרף. קורץ געשאָרן ביי איר די האָר, אויך מיט אַן אייבערהעמד־און־קוטאַס... ער וואַרפט איבער פאַרזיכטיק אין טונקעלן שיין אַ בליק צו דער וויב, שטעלט צו דאָס בילד אַקעגן איר פנים...

— קיין ענלעכקייט!.. — רייסן זיך ביי אים אַרויס די ווערטער. און באַלד נעמט אים קרומלעך אויפפאַלן דאָס גאַנצע אויסזען אירס אין שלאָף... וואָס שמייכלט זי אַזוי און באַלעקט זיך? אַזאַ לאַקריץ־מינע; עפעס אַ פרייד, ווי אַ טיפיש־בירגערלעך, גיסט זיך איר פון פנים. וועגן וואָס אַשטייגער חלומט זי איצט?..

ניט שווער פאַלט איין ראַשקעסן אַ משער צו טאָן. דער וויב זיינער גייען צו חלום גאָר גוטע צייטן. איר מאַן, דער אינזשעניר, איז שוין ניט געבונדן מיט קיין לינקער פאַרטיי; שוין אַ מענטש מיט פרייע הענט... ברייט זיינען פאַר אים אָפן די טירן פון דער העכסטער געזעלשאַפט אין לאַנד. פאַרוואָרפן איז ער מיט פאַרבעטונגען צו זיין אַן ערנגאַסט און הויפט־רעדנער אויף הערלעכע פילאַנטראָפישע באַנקעטן, און אויף גרויסע פאַר־זאַמלונגען פון ענלעכע פאַרבאַנדן. זייער אָנגענומען איז ער אויך אין די הערשערישע קרייזן... אָט דערשיינען זיי ביידע, ראַשקעס און זיין פרוי, אויף אַ באַל אין אַן אַריסטאָקראַטן־קלוב. אויף יעדן טראָט אַלץ הויכגע־שטעלטע געסט! זיי צעשמועסן זיך פריינדלעך מיט די רייכסטע מענטשן, מיט דירעקטאָרן פון מלוכה־דעפּאַרטעמענטן... איינער אַ חשובער הער באַ־גלייט זיי ביז צו זייער הויז, אַ ווילע אַ פראַכטיקע. און ביים געזעגענען פאַרטרויט אים ראַשקעס, אַז מיט אַ טאָג צוריק האָט מען זיך פון גאָר הויך געווענדט צו אים, אַלס באַרימטן אינזשעניר, און געוואָלט הערן אויך זיין

מיינונג וועגן דער קאַנדידאַטור פון אַט דעם באַגלייטער אויף דעם פּאָסטן פון אַ בוי־מיניסטער. און דער ענטפער זיינער, ראַשקעסעס, איז געווען, אַז עס איז גאָרניט פאַרצושטעלן זיך אַ מער צוגעפּאַסטן אויף אָנצופירן מיט דעם מיניסטעריום... דער קומענדיקער מיניסטער ווייס ממש ניט ווי אָפּצודאַנקען און טוט אים, ראַשקעסן, באַלד אַ פרעג, צי וואָלט ער נאָך געהאַט לוסט אָנצונעמען בויען אין גיכן פאַר דער מלוכה אַ ריי ריזיקע בנינים...

זיך צעזעגנט מיטן הערן, קומט ראַשקעס אַריין מיט דער ווייב אין זייער שטוב. סאַראַ רחבות! סאַלאָנען געררימע מיט כּלערליי באַקוועמלעכ־קייטן. אַ לאַקיי שפּרינגט צו און נעמט אים אויסטאָן דעם מאַנטל... נאָר אָט שטעלט אויס דער דינער אַ פּאָר חושכדיקע גרויע אויגן, ער לאָזט ראַשקעסן טיף אין פּנים אַריין אַ סיביריאַקישן קוק, אַזאַ פּאַרליטענעם — און גאָר אַ פרעג:

— האָט ניט מיין פּרינציפּאַל, דער הער אינזשעניר, קיין באָענטע שייכות מיט איינעם אַ רעוואָלוציאָנער וואָס איז מיט יאָרן צוריק געווען פאַרשיקט אין אונדזער געגנט, אין סיביר?.. יאָ, חבר בינע האָט ער גע־הייסן. אַך, געווען אַן אידעאַליסט פון אַ חבר!.. געהאָלפן האָב איך עס אים אַנטלויפן. אין דער מיטן נאַכט אַריבערגעשיפט אונדזער טייך; אוי האָט׳ן געשאָסן!.. נאָר גאָרניט, איך מיט מיין ניט־קליינעם קערפּער האָב שוין איין מאָל אַכטונג געגעבן אַז אַזאַ חבר זאָל ניט געשעדיקט ווערן — בשלום אים אַדורכגעפירט!.. איך אַליין האָב דעמאָלט געכאַפּט אַ קוילכל אין זייט; און נאָך דעם אַ צוגאָב, דריי יאָר טורמע... נאָר וואָס האָט עס פּאַר אַ באַטייט, ווען עס גייט אין ראַטעווען אַן איבערגעגעבענעם רעוואָלוציאָנער, ער זאָל זיך צוריקקערן צו זיין פּאַרטיי — חבר בינע, אַ קלייניקייט!.. שאַ, נאָר ווו זיינען מיינע אויגן? דאָס איז דאָך דער חבר בינע אַליין!.. אָט יענע נאַכט, האָט שוין פאַרגעסן דער גאָספּאָדין?!..

אַ ריס גיט זיך ראַשקעס פון שלאָף. דאָס האַרץ צעפּויקט. קוים ער סאַפּעט. ער צעעפנט ברייט די אויגן, שטרעקט פונאַנדער די הענט און זוכט וועמען אַרום זיך... ווי קומט צו אים אין האַנט זיין יוגנט־פּאָרטרעט? דער ווייבס בילד פון אַמאָל? מיט די בילדער אין האַנט איז ער געשלאָפן... ער

וואַרפט זיי צוריק, די בילדער, אויפן טישל. זײַן אויג גיט זיך אַ טראַג ווידער איבער דעם שלאָפנדיק פּנים פון דער ווײַב. זי שמייכלט נאָך אַלץ, קוועלט נחתדיק... אים נעמט זיך אויפפלאַנטערן.

...זיך אַנגעחלומט!.. חוזקט ראַשקעס פון זיך אַליין. אַנדערע רעוואָלו־ציאָנערן, ווייס ער דאָך, טוען אָפּ די האַרבסטע עבירות אויף דעם חשבון פון דער ווײַב. בײַ אים אָבער שפּינען זיך נאָר חלומות פון אירע געדאַנ־קען... נו־נו, פאַרכאַפּט ער זיך באַלד, אַזוי ווײַט האַלט נאָך בײַ אים ניט!.. נאָך דאָ אַ רעכט וואַסערל, אַ טיף און רוישיק, אַדורכצושפּרײַזן. די קומענ־דיקע פּאַרטיי־קאָנפערענץ!.. וואָרעם אויב טאַקע אַוועקגיין פון דער באַוועג־גונג, קאָן בײַ אים געמאָלט זײַן נאָר דורך אַ חילוקי־דעות אין פּרינציפּיעלע ענינים. שטעלט ער זיך שוין פאָר די שאַרפע פּאָלעמיק, די פלאַמיקע וויכּו־חים!.. געוויס, די אָ קאָנפערענץ איז הײַנט בײַ אים זײַן נאָענטסטער ברענ־פּונקט, און אויך גאָר ווײַטסטער...

אַ פאַרכמורעטער דרייט זיך ראַשקעס אויף זײַן געלעגער. פאַר זײַנע אויגן שפּאַרן זיך אין דער פינצטער משונהדיקע זעונגען. אַ טומל אין אַ זאַל, מענטשן אַזוי פיל. אויך ער גופא, ראַשקעס, קאָכט זיך. עפּעס אַ יונגער שפּרינגט אַרויף אויף דער טריבונע, שרײַט זיך פונאַנדער:

— ניין, איר וועט דער פּאַרטיי ניט נאַרן! מען ווייס וועלכע פּרינציפּן־ניגודים עס נאָגן דער פריש געבאַקענער אָפּאָזיציע... ניט „פּרינציפּן־ניגו־דים”, בײַערט באַקוועמלעכקייט־ניגודים, לוקסוס!.. קלאָר פאַר אַלעמען אויך אײַערע נשמה־פּלאָנטערנישן, דורכזיכטיקע די כּוונות!.. קאַריעריסטן ווילן זיך אָפּטרייסלען פון דער פּאַרטיי; די טיר איז אָפן!!

„דאָס מיינט ער דאָך מיך!”... — שפּרינגט אויף ראַשקעס און ווינקט שטרענג צו דער טריבונע, אַ וואָרט אים געבן!.. דער פּאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ, עפּעס אַ חבר ווולע, מאַכט זיך גאָרניט באַמערקנדיק!.. רײַסט זיך ראַשקעס אַליין צו דער טריבונע. מען לאָזט אים אָבער ניט. יונגע חברה כאַפּן אים בײַ די לאַצן!.. ער קאָכט זיך אויף זיי, שוויס פאַררינט אים די אויגן, און זײַן הויכער בלוטדרוק שאַנעוועט אים אויך ניט... ער טרײַבט די יינגלעך פון זיך, רײַסט זיך פון זייערע הענט. האַלט אים אָבער אייגער,

אַ גאָר יונגער ייִנגל, אַזוי פעסט בײַ די לאַצן און קוקט אים אָן שרעקלעך חוצפּהדיק. זײַן זון!.. אַ פאַרצאַפּלטער גיט ער זיך אַ ריס, און די לאַצן זײַנע בלײַבן בײַם ייִנגל אין די הענט... דאָס נאַקעטע לײַב שלאָגט ראַשקעסן מיט דאַמף, און ער לויפט צו דער טריבונע, שפּרינגט אַרויף. דורס זײַן איז ער גרייט דעם יונגן רעדנער, אָט דעם פּיסקאַטש!! דער עולם דעלעגאַטן ברעכט אָבער אויס קעגן אים, לאָזט אים ניט קומען צום וואָרט... זאָל ער אפשר צוריקטרעטן פון טריבונע? ניין, און צען מאָל ניין! ניט ער, ראַשקעס, זאָל נתפּעל ווערן פון אַ צעיושעטן המון, פון אַ כאַליאַסטרע אונטערטעניצער און אָנגעדרייטע קאַטערינקעס... איבער די קעפּ פון די צעהיצטע דעלעגאַטן און שרײַער טוט ער אַ שלײַדער זײַן רוף צו דעם זײַטיקן פּובליקום אין זאַל, צו די געסט:

— חברים האַרעפּאַשניקעס!!

— כאַכאַ־כעע! — שיסט אויס מיט חוזק דער יונגער רעדנער; ער פּײַלט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן אַ גיפטיקן צוווּנק, שטעקט אים אַרויס אַ דרייעוודיקע צונג מיט אַ פּאָר גראַבלדיקע שלאַנגען־אויגן... ראַשקעס טוט פּלוצעם אַ שפּרונג אָפּ; אָט ווער דער יונגער רעדנער איז — חבר בינע, גאָר ער אַליין!!

בײַ דעם ווילדן שפּרונג אויף פון בעט, האָט שוין ראַשקעס ניט גע־דאַרפט טאַפּן אַרום זיך אין דער פינצטער, זוכן וועמען. אין צימער איז געווען ליכטיק און איבער זײַן בעט איז געשטאַנען איבערגעבויגן זײַן ווײַב. מיט ציטערדיקע הענט האָט זי צוגעהאַלטן אַ נאַסן טוך בײַ זײַן קאָפּ, און אירע אויגן זיך אַלץ געוואָרפן צום זייגער. אין גרויס אומרו איז זי געווען, וואָס דער דאָקטאָר קומט נאָך ניט.

ד

אין קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָבן זיך לעצטנס גענומען באַזונדער דורכוואָרפן רייד וועגן ראַשקעסן. ווידער ווײַזט אַרויס אָט דער אַלטער חבר אַ סך אינטערעס אין די פּאַרטיי־ענינים. ער פרעגט זיך כּסדר נאָך, יעדער

פּרט גייט אים אָן, און לאָזט שוין ניט דורך די זיצונגען. אַ חבר וואָס איז לעצטנס געווען ביי ראַשקעסן, האָט אים געטראָפן אַ פּאַרטיפּטן אין אַ באַנד פון „קאַפּיטאַל". ווידער, דער פּאַרוואַלטער פון פּאַרטיי־ביבליאָטעק האָט אָנגעהויבן אָפּלייגן אָן אַ זייט ניי־אויסגעשריבענע ביכער. ראַשקעס, זאָגט ער, האָט שוין באַשטעלט ביי אים פּאָרויס. נאָך אַ חבר דערציילט גאָר ווי ראַשקעס האָט אין אַ שמועס מיט אים זיך אַרויסגעזאָגט פאַרביטערט:

— וואַרפן זיך סתם מיט מוראדיק־לינקע לאָזונגען אָדער פראַזעס און דרעשן אויף אַלע זייטן מיט ריין־מאַרקסיסטישער־ליניע־און־האַלטונג, איז עס נאָך אַ קנאַפּער באַווייז אויף צו זיין דער אמתער רעוואָלוציאָנער... אָט איז אַ קלאַסיש־סאָציאַליסטיש בוך — האָט ראַשקעס אַ כאַפּ געטאָן פון אַ פּאָליצע — זעט איר דאָ אַזוי פיל שורות וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק התלהבותדיק אונטערגעשטראָכן; און קוקט ווי לעצטנס ווערן די שטריכן כסדר אויסגעמעקט. גאָר אַנדערש פאַרדייען זיך מיר איצט די אַ געדאַנ־קען... אַ סאָציאַליסטישע פּראָגראַם, דאַרף מען פאַרשטיין, איז ניט קיין בורזשואַזע אומבאַרירלעך־פאַרפאַנצערטע קאָנסטיטוציע; סע שאַדט ניט אָפּט אַ גרינטלעכע רעוויזיע און אַ טיפערס נאָכדענקען...

אַ פאַרביסענער ביטול צו דער גאַנצער פּאַרטיי־פירונג האָט אין ראַש־קעסן אויפגעפלאַקערט פאַר דער לעצטער צייט. אין די יינגערע אויפגע־קומענע פירער זעט ער די הויפּט־סיבה פון אַ פאַרטעמפּטן רעוואָלוציאָ־נערן גייסט אין דער היינטיקער באַוועגונג. עס גייט אַלץ אויס דער אַמאָלי־קער דראַנג צו גרונטעוודן זיך אין פּראָבלעמען, די נאָכאַנאַנדיקע דיסקו־סיעס צווישן זיך. און בכלל פאַלט אים שוין שווער דאָס איינפּאַסן זיך אין די פּאַרטיי־ראַמען. עפּעס ווי אַ הייליק־ריטועלע אַטמאָספער צערטלט די היינטיקע פירער. און נאָר אַ נייער געדאַנק, אַ ניט־אויסגעדראָשענער פאַר־לייג — שרעקט זיי אָפּ אויף טויט. און באַלד צעיושען זיך זייערע טריי־אונטערטענצער. די דערשמעקן שוין וואָס אַזוינס איז עלול אויפצוטרייסלען חס־ושלום די וואַרעמע שטימונג פון די גענעראַלן, אָט די „רעוואָלוציע־פּרינצן"... פילט ער, ראַשקעס, אַז דאָ מוז מען וואָס טאָן. זיין אָנברען און געשפּאַנטער האָס טרייבן אים צו מעשׂים. מיט וועמען אָבער זאָל ער גיין

צום טיש, אַז די גאַנצע באַוועגונג איז צעפּוילט, ביזן גרונט פאַרפירט? ווײַכן דאַרף מען דאָך פון אַזוינע מענטשן!..

אַ בולטע געלעגנהייט אויף מערער צו פאַרטראַכטן זיך וועגן אים, האָט ראַשקעס געגעבן די חברים בײַ אַ זיצונג פון פאַרטיי־סעקרעטאַריאַט. גע־נומען האָט מען ריידן וועגן באַשטימען אַ פאָרשטייער פון קאָמיטעט אויף אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ. האָט ער, ראַשקעס אַליין, זיך באַלד אָנגעבאָטן אויף דעם. פון שטענדיק ווייסן אָבער אַלע חברים, אַז דאָס פאָרן אַרבעטן „אויף די ערטער", איז בכלל ניט פון די לײַכטע ענינים. און אַן עלטערער חבר, זעלטן וועט ער זיך אָננעמען אָן לאַנגע דינגעניש. וועגן ראַשקעסן איז דאָך אָפּגערעדט. יאָרן שוין ווי ער האָט זיך פון אָט דער אַרבעט אָפּגעטרייסלט. און אָט, פּלוצעם, ווי נאָר עס איז אַרויף די פראַגע פון אַ פאָרשטייער אין גאָר אַ פאַרוואָרפענעם מקום, האָט זיך דערהערט ראַשקעסעס שטים, פעסט אַנטשלאָסן:

— איך פאָר.

ברוסט און אַקסל האָבן זיך צעהויבן בײַ די מענטשן אַרום טיש. טשיקאַ־ווע בליקן פון איינעם צום אַנדערן. און באַלד זײַנען שוין די בליקן געווען פאַרקערעוועט צו אים אַליין, צו ראַשקעסן, מיט אימפּעט זיך געגראָבן אים אין פנים, געוואָלט אַרויסהאָבן דעם מענטשן, דערגרונטעוען זיך געגוי... ניט איינעם פון די באַהאַוונטע חברים זײַנען אויפגעקומען מערערע פּרטים פון ראַשקעסן. בכלל זײַנען אין דער פאַרטיי גוט באַקאַנט די כּוחות זײַנע, און זײַן רעדנער־טאַלאַנט. באַוווּסט איז אָבער אויך זײַן עקשנות... ניט ווייניק געדענקען נאָך ווייל דעם ראַשקעס פון פינפטן יאָר. הײַנט זײַן ראָל אין דער רעוואָלוציע פון 1917!..

— אַ שטורעמווינטל נעמט ווייען אין דער פאַרטיי, און שײַנט ניט קורצדויערנדיק... — האָט אַן עלטערער חבר אַ שושקע געטאָן צו אַ צווייטן.

— אַלזאָ, ווערט, הייסט עס, פאַרפּראָטאָקאָלירט; איך פאַרפּראָטאָקאָליר...

— רעדט ווי פאַר זיך דער סעקרעטאַר און ציט באַזונדער דאָס לעצטע וואָרט, מיט אַ מיין צו וואָרענען פון אַ צו אײַליקן אָנבאָט, צי האָט ניט אַמאָל ראַשקעס אויף האַסטיק זיך אַרויסגעכאַפּט...

ראַשקעס איז אָבער פאַרטיפט אין אַ פּאַפּיר, אַ בלייַער אין זייַן האַנט שפּרינגט איבער דער שריפט, שטרייַכט אונטער, מעקט, און זייט באַמער־קונגען... לאָזט שוין הערן דער סעקרעטאַר אויפן קול:

— טעלעגראַפיר איך... איך טעלעגראַפיר צום חבר מישל: „דאַנערש־טיק די קאַסאַציע פאַר בינען"...

— דאָס איז צו אונדזער חבר דעם אַדוואָקאַט מיכאל לוריע — רוקט זיך צו נעענטער צו ראַשקעסן אַן עלטערער חבר און דערקלערט אים — „דאַנערשטיק אַ קאַסאַציע", וועלן שוין די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָנפע־רענץ וויסן, אַז מאָנטיק דאַרפן זיי שיקן צו דער באַן־סטאַנציע אַ פור פאַר דעם חבר בינע ראַשקעס.

— נו, קלאָר — צעשטרייַט ראַשקעס יעדן לויערנדיקן אָנוואָרט מצד די חברים — יע־יע, איך פאָר.

ה

שעהן לאַנג האָט זיך ראַשקעס געשלעפּט אין אַ פויערש פורל דורך אַ שליאַך וואָס ציט זיך פון דער באַן־סטאַנציע און ווייקט זיך כמעט דעם גאַנצן יאָר אין זומפּן און געדיכטע בלאָטעס. וואָס נעענטער ער קומט צו דער שטאָט, אַלץ באַקאַנטער כאַפּט אים ווערן די אומגעגנט. שוין אָוונט, אָבער אין לבנה־שייַן מערקט ער אַ וואַלד ניט ווייַט פון וועג. יע־יע, ער האָט קיין טעות ניט. דער וואַלד צעוואַקסט זיך באַרג־אַרויף און פאַרנעמט זיך באַלד אויף אַרונטער. אויף דער צווייטער זייַט באַרג שפּרייט זיך אַ קייַלעכ־דיקער טאָל. אין יענעם ערטעלע, דערמאָנט ער זיך זיכער, האָט ער אָנגע־פירט מיט אַ מיטינג. געווען איז עס אַ נאַכט פון „יענע יאָרן". און גלייַך אין דער פרי האָט זיך עס דער עולם אַ לאָז געטאָן מיט די רויטע פאָנען און געזאַנג. טאַקע דורך דעם זעלבן זומפּיקן וועג, אין שטאָט אַרייַן. פאָרט ער עס איצט איבער דעם בריקל וואָס די קאָזאַקן האָבן דאָ דעמאָלט אָפּגע־וואַרט די דעמאָנסטראַנטן און געגומען שיסן...

דאָס פורל האָט זיך אין שטאָט אָפּגעשטעלט לעבן אַן אכסניה. אַ דיקע

באַלעבאָסטע איז מיט זשוואַווע טריט אַנטקעגן געלאָפן דעם אורח, און ברייט פריינדלעך אים גענומען צוטרעפן, ווער ער איז:

— אַ וואָיאַזשאָר געוויס? איך דערקען אַ מענטשן באַלד...

נאָר אַריין אין זיין צימערל, האָט זיך האַסטיק געגעבן אַן עפן די טיר און אַ בחורל וואָרפט אים צו אַ צעטעלע, און שפּרינגט באַלד אַרויס צוריק מיט אַנטשולדיקונג:

— בטעות, בטעות!..

— ווו קריכסטו?! — הערט ראַשקעס ווי די באַלעבאָסטע צעשרייט זיך מיט אַ געבייזער — די קאַמער איז דאָך פאַרנומען; אַן אורח!

— טאָ ווער זאָל וויסן, מאַמע?

ראַשקעס וויקלט פונאַנדער דאָס פּאַפּירל און לייענט: „מען וואַרט שוין אויף אייך. צוויי חברים אין דרויסן וועלן וויַיזן דעם וועג"... ער וויל שוין גיין. האַלט אים אָבער אָפּ אַ שמועס וואָס פאַרנעמט זיך צווישן דער פרוי און איר זון, און דערקייַקלט זיך דורכן ווענטל פון צימער צו זיין אויער.

— אַ גאַנצן טאָג היינט ביסטו אין איין שמייען, מיין קינד... שוין מסתּמא ווידער מישלקע; ער מיט זיין קאָמפּאַניע אויף מיין קאָפּ!..

— סט'זיך שוין צערעדט?!

— די צרות אין מיר ריידן!.. מישל לוריע וועט אייך אַלעמען מאַכן פאַר גובערנאַטאָרן... יענער, איין בונטאָוושטשיק איז ער, אַ סטאַטשקעניק פון אַלע יאָרן!.. דיך ציט אַלץ צו זיין חדר; אוי, אַ חברה!.. שאַ, האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז מער שוין ניט מיט זיי!..

— טאָ ווער זאָגט דיר, אַז יע מיט זיי?..

— ווער זאָגט מיר?.. חכם מייַנער, אַ מאַמעס האַרץ איז דער גרעסטער מסור. ס'איז מיר גוט!.. אַמער, דיך שפּאַרט ניט אַנדערש דווקא אַ „פּאַרטיי", טאָ פאַרשרייב זיך אין פּאַזשאַרנער קאָמאַנדע; פייערלעשער האָבן דאָך אַזוי אויסגעפּעלט ביי דער לעצטער שׂריפה... אַנו, מייַנע צרות, ער לויפט דאָך שוין ווידער!.. וווהין טראָגט דיך? נאָך וואָס?..

ראַשקעס האָט זיך געלאָזן דורך טונקעלע געסלעך צו דער קאָנפערענץ. געגאַנגען זיינען מיט אים דער בחורל פון דער אכסניה און נאָך איינער

אַ פּאַרטיינער. דיביידע האָבן עס אים אָפּגעוואָרט און גלייַך גענומען אים דערציילן, ווי אַזוי חברה האָט קונציק אַרויסגעקראָגן די דירה פון אַ שטאָ־טישן קינדער־גאָרטן פאַר דער היינטיקער קאָנפערענץ. די פּרעבעליסטין איז טאַקע די חברטע זישע, אָבער פאַר דער לעצטער צייַט ווערט זי אַלץ מער און מער פאַרבירגערט. און אַזאַ מין לאָקאַל האָט אַ באַזונדערע מעלה. קומט אָן פּאָליציי — איז עס גאָר אַן עלטערן־פאַרזאַמלונג, די גאַנצע קאָנ־פערענץ. און ער, חבר ראַשקעס, איז אַ באַוווסטער פּעדאַגאָג... נאָר ווו פּאָליציי, אַז ליגן ליגט דער קינדער־גאָרטן פאַררוקט אין אַ זייַטיק געסל, און גראָד איז היינט אָוונט אין צענטער שטאָט אַ גראַנדיעזער באַל, און פּאָליציי שיכּורט שוין דאָרט פון בייַטאָג אָן...

אין גיין הערט זיך אָן ראַשקעס פון די ביידע פּראָווינץ־חברים נאָך מעשׂיות. אַ סך רעדט דער עלטערער און אַ הויכוווקסיקער. ער פאַרלויפט אַלץ דעם גאַסט פון דער לינקער זייַט און טרעט אים יעדן מאָל אָפּ אַ פוס. דער חבר וואַרפט מיט שטיקער פון זייַן ביאָגראַפיע. שוין צו נייַן יאָר האָט ער גענומען אַרבעטן בייַ אַ שנייַדער; אין פינף חדשים אַרום וועלן זייַן פונקט פינף יאָר ווי ער פירט אָן מיטן פאַראיין פון די נאָדל־אַרבעטער אין דער גאַנצער געגנט. חתונה געהאַט האָט ער מיט זעקס וואָכן צוריק. ער וועט ניט זאָגן אַז זייַן ווייַבל איז אַ פאַרשוין, אָבער עס איז דאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו ריידן. אַפילו פון פּאַרטיי־זאַכן באַנעמט זי וויל. וואָרעם פייַן וואָלט געווען, אַז זי, זייַנע אַ לעבנס־באַגלייטאָרין, זאָל זייַן קעגן דער פּאַרטיי; אַ טאָג איז ער מיט איר ניט!.. און צוריק גערעדט, די טענות וואָס זי האָט אויף אים: ער האָט זי פאַרפירט, אומגליקלעך געמאַכט!.. איז אַלס איבערצייַגטער מאַרקסיסט, לאַכט ער זיך אויס דערפון, און פילט זיך מאָראַ־ליש פרייַ... און וואָס נדן, איז ווידער. ער וואָלט נאָר אויפן געלט געקוקט, וואָלט ער שוין מיט יאָרן צוריק געווען אַ באַווייַבטער. נאָר גאָרניט, מיט דעם געלט וואָס ער האָט אויך איצט אַרויסגעקוועטשט פון זייַן כּלהס אַ אַ פעטער, אַ בורזשוי אַ מיאוסער פון לאָנדאָן, קאָן ער עפענען אַ רעכטן געשעפט. ווייַל פאַר שנייַדערייַ, בעט בייַ אים אַ פּרוטה. ער איז אויסגע־בונדן מיט מאַנופאַקטור, און מיט שנייַדערייַ־צודאַטן, און, ווער רעדט, טאַנ־

דעט. נאָר אַפילו ביַי גאַלאַנטעריי־ אָדער קאָלאָניאַל־עסקים וועט ער זיך אויך אויסטויגן. ער טראַכט מער ניט:

— מיט וואָס פאַר אַ געשעפט שטעלט מען זיך אַוועק, אַז עס זאָל אַי טראָגן די גוטע רווחים און טאַקע אויך געבן דעם אמתן שלאָג די היגע קרעמערלעך און האַנטווערקער, די מיאוסע עקספּלואַטאַטאָרן און קליינביר־גער, טיף זיי אַלעמען אין דער אדמה!..

ער דערציילט עס אַלץ ראַשקעסן, ווײַל ער האַלט אַז ביַי אַ וויכטיקער פּראָבלעם, איז נאָר צו באַראַטן זיך מיט אַ וויכטיקן פּאַרטיי־חבר.

נאָך און נאָך ריידן האָט אָבער דעם מענטשן ניט געלאָזן דער צווייטער מיטגייער, דער בחורל פון דער אכסניה. אַ שוויסיקער, מיט אַ גלאַנציקן טשוב וואָס קרײַזלט זיך אים פון אונטערן היטל אין די פּעכיקע אויגן אַרײַן — ער האָט ניט אויפגעהערט אונטערצואײַלן ראַשקעסן מיט אַ בעטנדיקער שטים:

— די קאָנפערענץ... ציט זיך שוין פון פאַרנאַכט, און דאַרף שוין גיין מיטן פולן ברען; וואַרט מען אָבער אויפן וואָרט פון צענטער!..

ראַשקעס האָט געשפּרײַזט מיט די צוויי באַגלייטערס, שווײַגנדיק גע־צויגן פון זיי רייד, און אין זיך געגומען וועבן אַ רויטן פאָדעם וואָס פאַר־בינדט אָט די נאַיִווע חברים פון פּראָווינץ מיט די פּיפּיקע פּאַרטיי־אָנפירער אין צענטער. ווער און ווו זיי זאָלן ניט זײַן, צי ווילן זיי אָנהאַלטן די באַוועגונג, אָדער פאַרגעלוסטן זיך צו עפּענען אַ קרעמל פונעם נדן־געלט — אָן אַ וואָרט פון אויבן גייט עס ניט... אָן דעם „וואָרט פון צענטער״ איז ניטאָ קיין ברען אויך אויף אַ צונויפקום פון אַ גרעסערער צאָל פונקטן, ווי די הײַנטיקע קאָנפערענץ...

ראַשקעס שלאָגט זיך אָן מיט זײַן געדאַנק אויף איינער פון די לעצטע זיצונגען פון פאַרטיי־סעקרעטאַריאַט. רעפערירט האָט אַ חבר וועגן עפּעס אַ געפּלאַנטן שטרײַק אין אַן אײַזן־גיסערײַ, און ניט אויפגעהערט צו באַ־טאָנען:

— פון עטלעכע פּאַרטייען האָבן מיר שוין מער ווי זיכערע ידיעות, אַז זיי סימפּאַטיזירן יע מיט דעם שטרײַק; שוין דאָ אַפילו וואָס נעמען זיך

איבער, אַז דער אויפּטו וועט זײַן זייער... אונדזער שטעלונג דאַרף דערי־בער זײַן צוריקגעהאַלטן, געניגט מער אויף קעגן, שוין ניט ריידנדיק פון פּרעסטיזש...

יע־יע, אַזוי איז עס שוין אויך מיט די גרויסע העלדן... — פּירט אויס ראַשקעס זײַן פאַרגלײַך. און נייטיקט זיך אַ צענטער אַליין אין אַ „וואָרט", לאָזן זיך די פּרינציפּיעלע הויכפּאָליטיקער מיטן פּאָלעמיק־לאַמטערן און מיט זייער פּרעסטיזש־קאָמפּאַס איבער די בירזשעס פון די קעגנערישע לאַגערן, נישטערן נאָך אַ וואָרט פון דאָרט, אַ קלאַנג, כּדי פאַר זיך אַליין אָנצונעמען אַ היפּוכדיקן קורס...

הערט שוין אויך ניט ראַשקעס וואָס די צוויי ריידן. אין אים צעשאַרפט זיך אויף זיך אַליין אַ קשיה. צו וואָס אייגנטלעך, פרעגט ער זיך, איז ער געפאָרן אַהער, אין דעם גליווערדיק־אָפּגעלעבטן פּאַרטיי־ווינקל? יע, גע־לאָפן איז ער פון צענטער, פון דעם גרויסן אידילישן זומפּ — טאָ ווו שטעקט ער איצט?..

ו

קוים האָט זיך ראַשקעס דורכגעשפּאַרט צווישן דעם קאָנפערענץ־עולם אין דעם קליינעם זאַל פון קינדער־גאָרטן. געזעסן זײַנען מענטשן אויף די נידעריקע שטולכעלעך פון די קינדער און אויך אויף דער דיל. צעבאָמבלט פון געדאַנקען, האָט דער גאַסט בײַם פּרעזידיום־טיש אַפילו ניט געהערט גוט די אויפנעמוורטער פאַר אים. די בליקן וואָס זײַנען אים אַרומגעלאָפן אומרויִק, האָבן נאָר געמערקט ווי בײַ די אַפּלאָדיסמענטן לכּבוד אים, שפּרינ־גען אויף עטלעכע יוגנטלעכע און וואָרענען אַז עס זאָל זײַן וואָס שטילער. און די זעלבע אָרדענערס פאָרענען זיך יעדע ווײַלע בײַ די פענצטער, זעען און די זעלבע אָרדענער פאָרענען זיך יעדע ווײַלע בײַ די פענצטער, זעען די לעצטע מינוט אײַנגעפּאַלן אָנצוהייבן מיט אַן אָנגעשפּרונגענעם אַרײַנפיר:

— יע, חברים,אײַך גייט אָן דאָס וואָרט פון צענטער, הערן וואָס די פירער אײַערע טראַכטן, האָבן זיך דערטראַכט... קאָן איך אײַך זאָגן, ליבע

חברים, אַז עכטע מאַרקסיסטן, בײַם באַהאַנדלען פּרינציפּיעלע פּראַגעס, אָדער ווען עס גייט אין אַ טיפערן אַנאַליז פון אַ לאַגע — טאָרן זיי ניט אויס־קוקן אויף זייערע פּאַרטיי־גענערעלער און אויסדערוויילטע טאַנגעבער... דאָגמעס, טראַדיציעס און אויטאָריטאַרע פאַרהערלעכונג — דאָס זײַנען די פּאַטענטן פון קליינבירגער און פון דער הערשנדיקער בורזשואַזיע... פרײַער געדאַנק, אייגנקריטיק, אַ גרונטיק נאָכזוכן און טיפע איבערצײַגונג — אָט וואָס אַן עלטערער חבר, און מיט אַ לענגערן ניסיון אין דער רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעט, דערלויבט זיך אײַך אין אַ בלאַסער שעה צו דערמאָנען...

ראַשקעס האָט זיך אַ רעכט ביסל פאַרהאַלטן בײַ זיכרונות פון זײַנע אַמאָליקע יאָרן. דערציילט האָט ער עפּיזאָדן מיט גרויסע סאָציאַליסטישע דענקער און טעאָרעטיקער. און איז אַרײַנגעפאַלן אין התלהבות וועגן די אַמאָליקע פּאַרטיי־יוגנטלעכע. די אָ האָבן פאַרשטאַנען צו גיין ניט נאָר קעגן טאַטע־מאַמע, נאָר אויך קעגן דער גאַנצער וועלט; און גאַנץ אָפט קעגן די אייגענע פּאַרטיי־פירער... פלעגט אַ חבר זיך אַרויסקריגן פון טורמע אָדער פון אַ פאַרשיקונג, איז די פּאַרטיי געווען זײַן ערשטע שטעל, אַהער איז ער מיט שימחה געלאָפן. שוין אַרבעט גיב אים, נײַע ריזיקע! און באַלד געוואָלט וויסן, ווען און ווו קומט פאָר אין דער פּאַרטיי אַ לעקציע מיט וויכוחים... יענע טײַערע יִונגלעך פלעגן אַ סך לייענען, געווען פאַרטיפט אין פּראָבלע־מען און זיך געלאָבט מיט גרונטיקע דיסקוסיעס... און ראַשקעס פאַרגיט דער קאָנפערענץ גאָר אַ פראַגע:

— וואָס קאָן מיט פולן רעכט ווערן אָנגערופן רעוואָלוציאָנעריש בלוט? אַלץ וואָס ווײַכט פון שימל, וואָס דערוועקט זיך קעגן אויטאָריטעט און דאָגמע; אַלץ וואָס ווייעט מיט נאָכקלער און נאָכפאָרש, מיט אָנאויפהעריקן פאַרלאַנג אַ לופטער צו טאָן יעדן פאַרעלטערטן געדאַנק און באַוועגט צו אַ גרונטיקן אַרײַנטראַכט און רעוויזיע. אַ חבר מיט אַזוינע אייגנשאַפטן קאָן שטאָלצירן מיט רעוואָלוציאָנעריש בלוט!..

די קאָנפערענץ האָט יעדע ווײַלע אַפּלאָדירט ראַשקעסן. אָבער אויך מיט צווישנרופן געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז ניט זיי, אָט דעם פּראָווינץ־ראַיאָן, דאַרף מען רעכענען פאַר אָפּגעשטאַנענע אין אייִדעלערע פּאַרטיי־

ענינים. ראַשקעסן איז אָבער שוין מער אָנגעגאַנגען אַ דאַרינקער בחורל מיט אַ גלאַטהויטיקן און בלייכן פּנים. געזעסן איז דער יוגנטלעכער ניט ווייַט פון פּרעזידיום, איבערגעבויגן איבער אַ ווינקלטיש און געשווינד געלאָפן מיט אַ בלייַער איבער לאַנגע בויגנס פּאַפּיר. אַזאַ איינער פּאַסט צו זייַן דער אָרטיקער קאָרעספּאָנדענט פון דער פּאַרטיי־צייַטונג, האָט ראַשקעס פאַר־שטאַנען. אין עטלעכע טעג אַרום וועט זיך אין צענטראַל־קאָמיטעט רודערן וועגן עפּעס אַ משונהדיקן באַריכט. ניט איינעם דאָרט וועט באַנעמען אַ חשק פון אַ צענזור... האָט טאַקע ראַשקעס גענומען קערעווען זייַן שטים אַלץ מער צו דעם ווינקלטיש און באַמיט זיך צו ריידן וואָס לאַנגזאַמער און דייַט־לעכער. ניט פאַרלאָרן זאָל גיין אַפילו איין וואָרט!.. ער רופט אויס:

— אָט איך גופא, דער טייַטל אין האַנט איז נאָך בייַ מיר פעסט!.. איך זוך אין ביכער, אַנאַליזיר די בעסטע געזעלשאַפטלעכע דערשייַנונגען, און באַטראַכט גרונטיק די וועגן פון אונדזער פּאַרטיי. און געפין איך אייַן, אַז אונדזערע באַנעם־האָריזאָנטן גייען ניט צונויף, אַז די אָפיציעלע פּאַרטיי־געבאָטן שמעלערן און פּענטענען מייַן געדאַנק — בין איך גרייט אַפילו הייַנט זיך שטעלן אויף אַ געוויסער צייַט אויסער די פּאַרטיי־ראַמען. אַלץ נאָר כּדי מער אָביעקטיוו זיך קאָנען דערגרונטעווען צום אמת... און ווער ווייס, עס זאָל אַמאָל נאָך ניט אויסקומען מיר, אויף דער עלטער, זיך לאָזן איבער נייַע שטעגן. אַלץ ווי מייַן איבערצייַגונג וועט דיקטירן...

מונטערער און אַפילו אויפגעלייגט האָט זיך ראַשקעס דערפילט נאָך זייַן גרויסער רעדע. קיין נייַע וועגן, ווייס ער גוט, האָט ער טאַקע ניט אָנגעוויזן. אים אַליין איז אָבער געוואָרן אַ סך לייַכטער; פּאָרט האָבן זיך אים פונעם האַרצן אַרונטערגעשאָבן אַ סך אַ סך פון זייַנע איבערלעבערישע שטימונגען פאַר דער לעצטער צייַט. אדרבה, זאָלן זיך נאָך און נאָך חברים אויך אָנ־שטעקן מיט נאָגעניש... אַן אָפּאָזיציע־קערנדל, מיינט ער, איז שוין אין דער קאָנפערענץ געוואָרפן. און אָט הייבן זיך שוין אָן די וויכּוחים. וועט ער הערן!

גענומען האָבן ריידן חברים פון קליינע־קליינע פונקטן, און ווערטער גאָר הויכע. יאָרן־יאָרן און בראָשורן פאַרעלטערטע האָבן זיך ראַשקעסן

אַ בלעטער געטאָן. מיט דאַנק פלעגן זײַנע אויגן אַ שווים טאָן צו דעם פאָרזיצער וואָס האָט ניט אויפגעהערט צוואַרפן צעטעלעך צו די רעדנער, זיי זאָלן שוין ענדיקן... אַ טראַפּן חיות אין דער לאַנגווײַל איז געפאַלן פון אַ חבר אַן אויסגעצויגענעם, מיט אַ פלייצע אַ געבויגענער, וואָס האָט זיך געשטעלט בײַם טיש, און ביז אַ וואָרט איז אַרויס פון אים האָבן די פענסנע גענומען לויפן אַראָפּ־און־אַרויף איבער זײַן ביינערדיקער נאָז, און די קורצ־זיכטיקע בליקן זײַנען אַרומגעגאַנגען פילאָסאָפיש אויסגעשטעלט איבער דעם עולם. אָנגעהויבן האָט ער:

— איך וועל ניט האַלטן קיין רעדע, איכ׳ל לאַנג ניט ריידן. איך וויל דאָ נאָר אַרויסזאָגן אַ קליינעם פּראָטעסטעלע.

די פינגער פון דעם רעדנערס פאַרריסענער האַנט האָבן אין דער לופטן זיך גענומען בייגן כסדר בײַ זײַן ציילן די אַלערליי „פעריאָדן, אַנטוויק־לונגס־עטאַפּן און צווישן־עטאַפּן, וואָס אַ מאַסן־באַוועגונג מוז אַדורכמאַכן לויט אַ קלאָר־אויסגעשפּראָכענער געשיכטלעכער קאַטעגאָריע״... געענדיקט מיט די אַלע פינף פינגער, האָט זיך אַ הייב געטאָן זײַן צווייטע האַנט. איז אָבער באַלד אין דער אָ האַנט אַרײַנגעשפּרונגען אַ צעטעלע פון פּרעזידיום... פאַרלאָרן און רויט־פאַרשעמט, האָט זיך דער מענטש גענומען שאַרן פון דעם רעדנער־טישל. זײַנען אים אַנטקעגן געלאָפן בײַסיקע רופן:

— טאָ ווו איז דער פּראָטעסט? עפּעס מכּוח אַ קליינעם פּראָטעסטעלע האָט דאָך דער חבר פאַרשפּראָכן...

— יע־יע!.. — האָט זיך אָנגעטאָן מוט דער צעטומלטער רעדנער — איך פּראָטעסטיר קעגן עטלעכע אויסדרוקן פון חבר ראַשקעס. איך זאָג נאָר, אַ געניטער גענעראַל הייבט ניט אויף אַן אַטאַקע אָן אַ גענויער אויסרעכע־נונג און פּלאַן...

ז

בײַ דעם טריבונע־טישל האָבן זיך גענומען ווײַזן מער־באַהאַוונטע רעד־נער, די טוער פון דעם ראַיאָן־קאָמיטעט אַליין. אַ געהויבענע רעדע לייגט

אַוועק דער אַדוואָקאַט מישל לוריע. שוין אַ פּאָר יאָר ווי ער האָט געענדיקט אוניווערסיטעט און פאַרנעמט זיך מיט אַדוואָקאַטור. אויך איין שטיין דאָ בײַם טיש איז באַוועגלעך זײַן רונדער און קורצער קערפּער. מיט פּעכיקן גלאַנץ פּלאַטערט די געדיכטע שוועליור און מאָנעריש־אַרויסרופעריש זײַנע האַסטיקע בליקן. מיט די ביידע פיס, ווייסן אַלע, שטייט ער אין דער פּאַרטיי, און די ווערטער זײַנע צעקלינגען זיך מיטן קוויטש־אַרויף:

— די אויסדערוויילטע און טיפּזיניקע לעקציע פון אונדזער חשובן פּאַרטיי־פירער און סאָציאַליסטישן דענקער, חבר בנימין ראַשקעס, איז אַזוי הויך־באַלערנדיק, אַז געוווג איין אויסדרוק זײַנעם ריכטיק אויפכאַפּן, כּדי וועלטן גאַנצע אַרויסהאָבן...

געענוג אים, דעם חבר מישל לוריע, צו דערקלערן דאָ דעם באַטײַט פון די ווערטער „פאַרקריפּלעניש אין פּאַרטיי־געדאַנק" און אַ „ניט געהעריקע אויסנוצונג פון די כּוחות אין דער באַוועגונג", וואָס ראַשקעס האָט אַ וואָרף געטאָן אין זײַן רעדע — אַז די קאָנפערענץ זאָל קלאָר און פּשוט אַרויס־האָבן אַ גאָר גרונטיקן ענין. צעשריִען האָט ער זיך:

— די פּאַרטיי פאַרנעמט דאָך ממש אַ נישטיקן אָרט אין אונדזער שטאָטראַט, און אין די קרײַז־פאַרוואַלטונגען און אַפילו אין די קראַנקן־קאַסעס!.. איך קאָן אָבער מיטרייסטן אונדזער באַעוולטער און שוצלאָזער אַרבעטערשאַפט — בראָקט אָבער צו דער רעדנער אַ מונטערדיק וואָרט — איך קאָן מיט פרייד באַמערקן, אַז אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אין איינעם פון זײַנע לעצטע צירקולאַרן מיט צופרידנקייט קאָנסטאַטירט, אַז די פּראָווינץ־קאָמיטעטן האָבן בײַ די אַלערליי וואַלן אויף די ערטער גע־האַנדלט דורכויס ריין־מאַרקסיסטיש און אין אַלע פאַלן פּרינציפּיעל־רעוואָ־לוציאָנעריש־אויסגעהאַלטן רעאַגירט...

שטראַליק האָט לוריע אויפגענומען די אַפּלאָדיסמענטן וואָס זײַנען אים געפאַלן. דערשיטערט איז אָבער געווען ראַשקעס. ניט געקאָנט האָט ער זיך אַרויפנעמען אויפן מוח די געוועגעלעך פון אָט דעם פּיפּיקן אַדוואָקאַטל. פאַרקריפּלט האָט ער ווערטער וואָס ער, ראַשקעס, האָט גאָר אַנדערש גע־האַט אַרויסגעזאָגט, און ווי קונציק האָט דער חברה־מאַן זיי אַרײַנגעשליפן

אין זײַנע אייגענע געדאַנקען, און זיך אָנגעבויט מעשׂיות... מיט אַ באַזונדער אָנשטרענג נעמט ראַשקעס שפּיצן זײַן געהער צו אַ געהיימען שושק אין דער גרויסער ענגשאַפט:

— איז ווי איך זאָג, מישל לוריע וועט זיך פאַרט דערשלאָגן צו ווערן אין שטאָט ביַי אונדז בורגמײַסטער, אָדער לכל־הפּחות דירעקטאָר פון דער קראַנקן־קאַסע...

— קריך ניט מיט די קליינלעכע באַריידערײַען אין לאָקאַלע השׂגות!..

— האָט זיך אַ בייזער געטאָן אַ צווייטע שטים — מישלס רעדע איז דאָך געגאַנגען אין וועלט־פּראָבלעמען!..

אַ ניט־היימלעכקייט האָט אַ ווייע געטאָן איבער דעם עולם, אַז אַ שטעטלשער לערער איז אַרויס מיט אַן „אָפּנהאַרציקער רעדע”. אָנגעהויבן האָט ער באַלד מיט ציטאַטן פון קאָמעניוס און פּעסטאַלאָצי און פון נאָך קלאַסיקער־פּעדאַגאָגן. דערגאַנגען ביז צו באַרט און קרעטשמאַר, האָט ער זיך צעוווּנדערט, וואָס נאָך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט פאַרשטייט מען נאָך ניט אָפּצושאַצן דאָס אינדיווידואום, די נשמה פונעם יחיד. אין התלהבות איז ער אַרײַן:

— איך וועל דאָ, חברים, נאָכטאָן ניט קיין קלענערן פון זיך, זיגמונד פרוידן אַליין; איך וועל נעמען ציִען בײַשפּילן פון מײַנע אייגענע פּערזענלעכע איבערלעבענישן, גײַסט־איבערלעבענישן, טאָקע אויפן פּאַרטיי־געביט... אַ רמז אויף דעם פּיל איך אויך אַרויס פון די רייד אין דער רעדע פון אונדזער גרויסן חשובן גאַסט, חבר ראַשקעס...

מענטשן האָבן שוין קנאַפּ־וואָס צוגעלייגט אַן אויער. ניט געהאָלפן האָט דער אויפשפּרונג פון רעדנער ביַי יעדן דערהערטן שושק אָדער באַוועג און זײַן אויסשטעלן אַ פּאָר שטרענג־לערערישע אויגן אויף די ניט־דיסציפּלינירטע, און זײַנע כּסדרדיקע באַפעלערישע ווונקען מיט די הענט — צו זיצן רויִק. גענומען האָט ער גאָר אויך אַרומריידן דעם ענין פּאָלקסלערער, און ווי שווער עס איז ביַי הײַנטיקע צײַטן דאָס קערן זיך מיט קעגן־מלוכהשער פּאָליטיק... אָט קריטיקירט ער שוין יאָרן לאַנג די אַלטמאָדישע שול־פּראָגראַם; אין שמועסן מיט קאָלעגעס און פרײַנד לאַכט ער אויס די ביוראָ־

קראַטישע שול־אינספעקטאָרן. און דאָך ציַיטיקט אין אים אַ מיינונג, אַז דאָס לעבן פּאָדערט זיַיניקס... יע, שוין אַ מעשׂה פון יאָרן ווי עס גייט ביַי אים אָן אַ געראַנגל מיטן אייגענעם פּאַרטיי־געוויסן. מאַלע וואָס פּאַראַ קליינ־בירגערלעכע געדאַנקען עס קומען ניט אויף אָט אים, וואָס האָט שוין מיט איבער פינף און צוואַנציק יאָר צוריק געשריבן אין דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע!.. נו, וועט ער שוין אויך וויַיטער דערציילן, אָט־אָט איז ער שוין געווען אַפילו אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי. אַ מעלדונג וועגן דעם געהאַט אָוועקגעשריבן. אַ נס נאָר וואָס דער פּאָטשטמייַסטער איז זיַינער אַ גוטער באַקאַנטער, האָט יענער פון צווישן די פּאַקעטן אַרויסגעזוכט און צוריקגעגעבן דעם בריוו...

ער האָט מיט זיַין הייזעריק־שיַיערדיקן קול אונטערגעזונגען ביַים ריידן און יעדע וויַילע געשניַיצט די נאָז. קיין צעטעלע פון פּרעזידיום איז צו אים ניט געקומען, וויַיל מער קיין בעלנים האָבן זיך ניט אַרויסגערופן צום וואָרט און אין דערביַיִיקן צימערל האָט נאָך שווער געאַרבעט די רעזאָלוציע־קאָמיסיע. איין ראַשקעס איז אָנגעשטרענגט געזעסן און זיַין אויער אַלץ אָפּן צו דעם לערערס גרויע מחשבות און אינזיך־גריבלענישן.

— ציַיטנוויַיז פּאַרטראַכט איך זיך — פּאַרקערעוועט זיך דער רעדנער אויף אַ ניַיעם געדאַנק — איך מיין אַז אייגנטלעך ווערט דאָך היַינט די רעליגיע פּאַרביטן מיט פּאַרטיי. און כּמעט מיט די באַקאַנטע קאַטעגאָריעס: פּרומאַקעס־פּאַנאַטיקער, ניכתּבים־פּאַסיווע, און אויך משומדים־איבער־לויפער... וואָס, לעבט מען דען ניט איבער די זעלבע שמד־ווייענישן אויך היַינט, ביַים וועלן אָפּשניַידן מיט דער פּאַרטיי? וואַרפן אַן אייגענע באַוועגונג איז, וויַיזט אויס, ניט קיין שפּיל־מעשׂה! פיל איך טאַקע, אַז מיַין אָרט אין דער פּאַרטיי שטעקט שוין אין דער ניכתּבים־גאַלעריי...

ביסלעכוויַיז האָבן מענטשן זיך גענומען קליַיבן פון די זיַיטיקע צימערלעך און קאָרידאָר. דער פּרעזידיום־טיש איז געוואָרן ווידער פול באַזעצט. קיינער האָט זיך גאָרניט אַרומגעקוקט ווי דער שטעטלשער לערער איז נעלם געוואָרן פון דעם רעדנער־טישל... אויף זיַין אָרט איז געשטאַנען אַ רעפּערענט פון דער רעזאָלוציע־קאָמיסיע, פול די הענט מיט פּאַפּירן און פּאַפּיר־

לעך, פאַרשריבענע און געמעקטע. ראַשקעס איז געזעסן פון דער זײַט, אין גאַנצן אָפּהענטיק און אויסגעשעפּט. געוווּסט האָט ער שוין פון די לאַנגע און אײַנגעשפּאַרטע דינגענישן וואָס זײַנען אָנגעגאַנגען אין דעם זײַטיקן צימערל בײַם אויסאַרבעטן די רעזאָלוציעס. ניט איינער האָט דאָרט געררו־דעוועט אויף אַרײַנצושלײַפן אייגענע פּערזענלעכע אינטערעסן; און גערעדט געוואָרן איז אויך וועגן אים, ראַשקעסן. בכלל, זײַנען גרויסע פּרינציפּן און פאַרוויקלטע פּראָבלעמען געוואָרן אויסגעלייגט ווי אויף אַ יאַטקע־קלאָץ... הערט טאַקע זײַן אויער אַרויס אין די קונציק פאָרמולירטע זאַצן פון די פאָרגעלייגטע רעזאָלוציעס — ווי אָפּגערונדטע שטיקלעך פליש און פּײַן אַרויסגעהאַקטע ביינער, צוגעוואָרפענע דאָ פאַר ניט איינעם...

פון דער דרויסנדיקער טיר, און באַלד אויך פון די פענצטער, האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ האַפּטיקע קלאַפּערײַ. אין עולם האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ דערשיטער.

— ניט שטערן! — האָט אַנטקעגן געליאַרעמט מיט זײַן גלעקל דער צעטראָגענער פאָרזיצער — פאַרגעסט ניט, חברים, אַז מיר האַלטן בײַ די רעזאָלוציעס, בײַ דער אָפּשטימונג!..

נאָר פאַרענדיקט זײַן רוף, איז אים אין אויער אַרײַנגעשפּרונגען אַן אָרדענער און עפּעס וואָס אויף גיך אַרײַנגערוימט. דאָס פּנים בײַם פאָר־זיצער איז מיט איין מאָל אויפגעפּלאַמט; זײַן געהער האָט שוין ריכטיק באַנומען, פון וואַנען אָט די קלאַפּערײַ־אָבסטרוקציע קומט. ווידער האָט ער זיך געכאַפּט צום גלעקל:

— רויִק, חברים, זיך ניט פאַרלירן!.. מיר זײַנען פון פּאָליציי אַרום־גערינגלט...

ח

אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט האָבן זיך פון דעם פאָרשטאָטישן וואַלד־און דאַטשע־אָרט אַרויסגעשאָטן מיטן טײַכברעג, ווי נאָך יעדן הייסן טאָג, שיפּלעך אָנגעפּיקעוועטע מיט יוגנט. געלאָזן זיך מיט פלאַמיקן געזאַנג און

הילכיקן געלעכטער. קאָכיקע רודערער האָבן זיך ווויליונגיש געפּלייַסט צו ווייַזן קונצשטיק מיטן אָנפירן די שיפלעך וואָס האָבן זיך געקליגט צו פאַרטשעפּען איינס דאָס צווייטע, און אַלע צוזאַמען האָבן זיך געדרייט איןווילדע קאַראַהאָדן און אין געיאָג. ניט אויפגעהערט האָט מען זיך אויך מיט אַרייַנצוצילעווען אַ נאַקעט ווערטל, און יעדע ווייַלע האָבן זיך ייִנגלעך פאַרמאָסטן איבערצוכאַפּן אַ לופטיק מיידל פון אַ נאָענט שיפל.

אין דעם גערודער האָבן זיך עטלעכע שיפלעך אָפּגעטראָגן איינציקווייַז אָן אַ זייַט און זיך געלאָזן מיטן טייַכאָפּנייג. אין דעם ערשטן שיפל האָט מען ניט אויפגעהערט צו פאַררייכערן פּאַפּיראָסן און רייַבן כסדר שוועבע־לעך, כאָטש דאָס וואַסער איז געווען שטיל און קיין סימן ווינט ניט. נאָך דעם לויכט האָבן זיך עס געצויגן די אַנדערע שיפלעך און לויט דער צאָל פּייַערלעך האָבן די מענטשן געוווּסט ווי זיך צו האַלטן און ביי וועלכן פּונקט האָט זיך יעדעס שיפל באַזונדער אָפּצושטעלן...

אין איינעם פון די מיטלסטע שיפלעך איז געזעסן אינזשעניר ראַשקעס, אַרומגערינגלט פון נאָענטע פּאַרטיי־חברים. נאָך זייַן אָפּקומען אַכט חדשים אין די הענט פון דער פּאָליטישער פּאָליציי מיט די אויספאָרשערס, און אין טורמע, איז אים דאָס געזיכט געוואָרן שמאָל און איינגעפאַלן, דער קוק שפּיציק און גרויליק אָנגעשטרענגט, און פון קאָפּ האָבן גלאַנציק־בכבודיק געזילבערט שיטערע הערעלעך. ראַשקעסעס קראַנקייטן האָבן אָבער גוט מיטגעהאָלפן די פרייַנד זייַנע אין זייער השתדלות און אונטערשמירענישן. געפּועלט האָבן זיי, אַז זייַן מישפּט זאָל ווערן אָפּגעלייגט אויף וואָס ווייַטער, און מיט דער צייַט אפשר אויך אין גאַנצן צו פאַררייַבן. זייַנען שוין אויך די טורמע־דאָקטוירים פון זייער זייַט געוואָרן מושווה צו פּסקענען, אַז עס וואָלט געווען קעגן מעדיציניש יושר ניט אַרויסצולאָזן דעם קראַנקן אַרעס־טאַנט ביז זייַן מישפּט, ביי אַן ערבות און אונטערן אויפזיכט פון פּאָליציי.

שוין איבער אַ וואָך ווי ראַשקעס טוט דאָ אין דער דאַטשע אויף צו פאַר־בעסערן זייַן געזונט. די פרייַנד האָבן עס באַצייַטנס צוגעגרייט פאַר אים אַ דערווייַליקע שטעלע ווי אַן אויפזעער אין אַ זומער־קאָלאָניע פאַר שול־קינדער. אויך די פרוי זייַנע איז נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק געוואָרן

אַרײַנגעזעצט פֿאַר אַ קאַסירערין אין אַן אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו... אין דעם אָוונט איז עס ראַשקעס פֿאַרבעטן פֿון דער פֿאַרטיי אויף אַ מין פֿאַרבערענג לכּבֿוד זײַן באַפֿרײַען. פֿון נאָכמיטאָג האָבן זיך שוין אין דעם דאַטשעוואַלד געזאַמעלט קלייַנע חבֿרים פֿון שטאָט און פֿון דערבײַיִקע מקומות. ראַשקעס אַליין האָט נאָכן אָפּפּטרן זײַן פֿאַרנאַכטיקן יאַוועז זיך בײַ דעם אָרטיקן זשאַנדאַר, ווי ער איז געריכטלעך מחויב צוויי מאָל דורכן טאָג — האָט ער זיך געמאַכט אַ שפּאַציר מיטן ברעג טײַך, און חבֿרה האָבן אים שוין אָפּגע־זאָרט אין אַ שיפֿל...

ער איז זייער בלייך, ראַשקעס, און מוראדיק אָפּגעצערט. אָנגעקאָרמעט אָבער איז ער שוין מיט ניט ווייניק מעשׂיות פֿון דער פֿאַרטיי. פּרטים גאָר אַ סך ווייס ער פֿון דעם גרויסן צוזאַמענפֿאָר וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט אַ צוויי חדשים צוריק. צוזאַמענגענומען האָט זיך דאָרט אַ שטאַרקער פֿליגל און פֿעסט געוואָלט אַ דריי טאָן דעם פֿאַרטייקורס אויף רעכטס. אַפֿילו אַ באַזונדער נאָמען האָבן די אָ חבֿרים זיך צוגעקליבן — „ראַשקעס־גרופּע". פֿאַררופֿן האָבן זיי זיך, הייסט עס, אויף די געדאַנקען וואָס ער, ראַשקעס, האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט אויף דער ראַיאָן־קאָנפֿערענץ, ערבֿ זײַן אַרעסט... אָנגעפֿירט האָבן מיט דער אָפּאָזיציע באַרופֿענע פֿאַרטיינער, און בראש אַדוואָקאַט לוריע, אָט דער חבֿר מישל וואָס איז אויך געוואָרן אַרעסטירט אויף דער ראַיאָן־קאָנפֿערענץ, אָבער אים איז באַלד געלונגען צו ווערן באַ־פֿרײַט... די חבֿרים פֿון דער אָפּאָזיציע האָבן אויף דעם צוזאַמענפֿאָר עקסטרעם געשטורעמט די אַלטע פֿאַרטיי־פֿירער און אָנגערופֿן זיי דיקטאַטאָרן — ווידער אין נאָמען פֿון ראַשקעסן — און דרײַסט זיך פֿאַרמאָסטן אויף איבער־צונעמען די פֿירונג... בײַ די פֿאַרשאַפּטע מיינונגען, האָבן אַ צאָל אָפּאָזיציאָ־נערן מיט טראַסק פֿאַרלאָזן דעם צוזאַמענפֿאָר, און עטלעכע פֿון זיי זײַנען שוין אויך אַרויסגעטראָטן פֿון דער פֿאַרטיי... מישל לוריע איז שוין הײַנט דער בורגמײַסטער אין זײַן שטאָט, איז אויך אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער דאָרטיקער קראַנקן־קאַסע, און ווי מען שמועסט, זאָל ער אויך זײַן דער יוריס־קאָנסול פֿון אַ פֿאַבריק־געזעלשאַפֿט אין זײַן קרײַז...

אין טורמע איז ער געזעסן, ראַשקעס. האָבן ציינגער וועגן אים אָבער

געקאָנט ריידן פריַי. איינער אַ לינקערער חבר, ווייס ער, האָט אויפן צוזאַ־
מענפאָר געהאַלטן אין איין אַרויסדרינגען, אַז ער, ראַשקעס, איז בעצם
גאָר־ניט קיין רעוואָלוציאָנער. און נאָך איינער האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט,
אַז „דער גאַנצער לעבנסוועג פון ראַשקעסן איז ניט מער ווי אַ טראַגישע
גסיסה פון אַן אומשולדיק־רעוואָלוציאָנערן חלום ביַי אַ ניט־דערגאַנגענעם
קאָנטער־רעוואָלוציאָנער"... די פּאַרטיי־פירער אַליין זיַינען וויַיט ניט איַינ־
געגאַנגען אויף די אָנגריפן. דאָס ווייס ער, ראַשקעס, אויף זיכער. ביַים
שליסן דעם צוזאַמענפאָר האָט מען אַפילו אָנגענומען אַ באַגריסונג מיט אַ
דערמוט צו אים אין טורמע... אַ האַרץ אויף אים טראָגט מען אָבער, קיין
ספק. אָט נאָך זיַין באַפריַיונג, ביַי זיַין ערשטן שמועס מיט חברים פון
סעקרעטאַריאַט, האָט איינער אין די רייד צו אים אַ וואָרף געטאָן:

— איר האָט דורכגעלאָזן דעם לעצטן צוזאַמענפאָר; פאַר איַיך וואָלט
גראָד ניט־אומאינטערעסאַנט געווען...

— על־כּל־פּנים, זיַינען דאָרט אין מיַין נאָמען געוואָרן אָנגערעדט
מיאוס־פאַרדרייטע געדאַנקען, און טעזיסן גאַנצע — האָט ראַשקעס קאַלט
אָפּגעענטפערט — ביַי אַ ברייטערן צוזאַמענקום האָב איך היַינט באמת וואָס
צו זאָגן. אין טורמע האָט מיר געקלעקט ציַיט צו פאַרטראַכטן גאָר גרינט־
גראָד געווען ניט־אומאינטערעסאַנט...

נאָך דעם שמועס איז אים, ראַשקעסן, שוין גוט קלאָר געווען, אַז זיַין
ענטפער האָט שטאַרק ניט פאַרשמעקט די פירער... און דאָך ווערט היַינט
געפּראַוועט אַ שׂימחה פאַר אים, אַ מין באַנקעט צו זיַין אַרויסגיין אויף דער
פריַי. און די איניציאַטיוו גייט טאַקע פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט...

## ט

פאַרלאָפן אין מחשבות, באַמערקט ניט ראַשקעס ווי די שיפלעך האָבן
זיך איינציקוויַיז פאַרנומען צום ברעג און שטעלן זיך שוין אָפּ לויט באַזונ־
דערע פיַיערלעך־סימנים. ביַים אַרויסשטיַיגן דערזעט ער אַ חבר פון צענ־
טראַל־קאָמיטעט וואָס וואַרט אים שוין אָפּ און נעמט פריַינדלעך באַגריסן:

— ווען מיר היינט האָבן אַ גאָר חברישן אָוונט; דער דרויסן אַרום אַזוי שיין, די נאַטור שיכּורט!..

געאַרעמט לאָזט זיך דער גרויסער גאַסט מיט ראַשקעסן. אין שמועס נענטערן זיי זיך צו דעם פאַרבלאָטיקטן לאַמטערן וואָס האָט פון דער ווייטן צונויפגעצויגן אַלע חברים אין דער אָפּגעלייגטער פויערישער כאַלופּע. אינעווייניק איז שוין געשטאַנען גרייט אַ קאָכיקער סאַמאָוואַר. אַ ברייטער טיש איז געווען אָנגעלייגט מיט אָנגעשניטענע שוואַרצברויט, און אויף אַ קליין טישל איז געשטאַנען אַ פולער עמער מיט פרישן מילך, אַרומגע־שטעלט מיט ליימענע טעפּעלעך.

נאָכן אָפּזינגען אין שטיבל דעם פּאַרטיי־הימען, האָט אַ חברטע פון פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט גענומען לייענען אַ בלוט רויטן כּתב פון אַ פּאַרמעט־בויגן:

„דער פּאַרטיי אונדזערער פאַלט אויס די פרייד אָפּצומערקן אַ גאָר בכּבודיקע דאַטע. פונקט דרייסיק יאָר געפאַלט איצט ווי דו, חבר בינע ראַשקעס, ביסט צום ערשטן מאָל געוואָרן געוויילט אין אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט; דרייסיק יאָר ווי דו שטייסט אין די ערשטע רייען פון רעוואָלו־ציאָנערן קאַמף און באַפרייונג...״

ראַשקעס איז געשטאַנען אין פראָנט קעגן עולם. די הענט זיינען אים מיט דרך־ארץ געהאַנגען אויף אַרונטער און דער קאָפּ אַרונטערגעלאָזן צו דער ברוסט. ניט געקאָנט האָט ער אָבער פאַרשטיין דעם איינפאַל מיט דעם יובילעי־חשבון; פון וועלכע אַלטע לוחות האָט מען עס אַזאַ דאַטע אויסגע־גראָבן? פאַר דרייסיק יאָר צוריק האָט דאָך די פּאַרטיי נאָך גאָרניט גע־ווּוסט פון אַ צענטראַל־קאָמיטעט; געווען זיינען נאָר צייטווייליקע ראַטן, און ער איז געווען פון די יונגע אַקטיוויסטן... און האָט ער ווידער קיין טעות ניט, טאַקע „פונקט״ מיט דרייסיק יאָר צוריק, איז ער צוזאַמען מיט אַ קליינער גרופּע גאָר געווען אָפּגעשפּאַלטן פון דער פּאַרטיי, און ביי אַ יאָר אַ גאַנצן האָט זיך דעמאָלט געצויגן אין אויסגלייכן דעם פּראָגראַמאַ־טישן שטרייט...

דער רויטער כּתב פונעם פּאַרמעט־בויגן ווייס אָבער ניט פון וועלכע

רײַסערײַען. אַרויסגעלייענט ווערן די שטורמישע יאָרן פון אַמאָל, עס שטראַלט אויף אַ הערלעכער פּאַרטיי־עבר און אַרויסגעהויבן ווערט דער חבר בינע ראַשקעס מיט זײַן בונטאַרישן העלדישן פּאַרמעסט!.. געהויבן איז שוין בײַ ראַשקעסן די שטימונג, און זײַן געדאַנק רײַסט זיך אַלץ אַוועק פון דעם פּאַרמעט־קול און פאַלט אַרײַן אין אַ ראַשיק־צאַפּלדיקן געוועב פון איבער־לעבענישן מיט יאָרן צוריק... בראש פון אַ ריזיקער דעמאָנסטראַציע גייט ער אָט, און עס באַפאַלט אַ פײַער פון די צאַרישע דראַגונער... און אָט לויערט ער פאַרשטעקט אין אַ פינצטערן געסל, אַן אָנגעלאָדענער ברוינינג אין האַנט, און יעדע גרויליקע מינוט פרעסט אים. אין שליחות פון פּאַרטיי־געריכט דאַרף ער עס אָפּראַמען אַן אייגענעם פּראָוואָקאַטאָר... און אָט לאָזט ער זיך מיט הירשן געשפּאַנט איבער די סיבירער טונדרעס; ער אַנטלויפט פון דער פאַרשיקונג און עס טראָגט אים וואָס גיכער שוין צו טרעפן זיך מיט די חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט. רוסלאַנד איז דעמאָלט געשטאַנען פאַר דומע־וואַלן, און צווישן די פּאַרטייען האָט געפלאַקערט דער פאַרביסענער אַגיטאַציע־קאַמף... אַ טראָג גיבן זיך פאַר ראַשקעסן אויך זײַנע אוניווערסיטעט־יאָרן, אָבער באַלד שפּרינגען אַרויס ווי פאַר זײַנע אויגן די סטודענטן־קאָלעגעס וואָס שטייען שוין הײַנט מיט אייגענע גרויסע אונטערנעמונגען... און אָט זײַן קריטישע פּלאָנטערניש מיט דער פּאַרטיי, און די נאַרישע נסיעה צו דער ראַיאָן־קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך אויסגע־לאָזט גאָר מיט אַ נײַעם אַרעסט, און ווידער אויספאָרשער מיט די גוט־באַקאַנטע פּאַראַגראַפן...

„...אין דיר, חבר בינע — פאַרטשעפּעט זיך ווידער ראַשקעסעס געהער אין אַ ווײַטערדיקער אַרויסגעלייענטער פראַזע — ווי איינער פון אונדזערע פאָרגייער און פאַרקעמפער, אין דיר זעט אונדזער פּאַרטיי אַ לעבעדיקן גרויסן עדות פון איר שטורעמדיקן אויפקום און פון איר פולגלאַנץ און מעכטיקן פּאַרמעסט דורך יאָרן און יאָרן, און אויך הײַנט שלאָגט נאָך שטאַרק אין דיר דער רעוואָלוציאָנערער פּולס; דײַן קעמפעריש געמיט שטילט ניט; ביסט דער מענטש וואָס פאַרשאַפט אויפברויז אין אונדזערע רייען. דו, דער אַלטער חבר אונדזערער, און יונגער גײַסט!..״

די אויגן לאָזן זיך ראַשקעסן אַרונטער נאָך טיפער און זײַן מוח נעמט שוין שפּאַנען מיט מחשבות, אַז בעצם איז ער אפשר גאָר דורכגענומען בטעות מיט די חשדים זײַנע אויף די הײַנטיקע פּאַרטיי־פירער. אָט הערט ער דאָך עפּעס שבחים, אַזאַ פײַערדיקער אַרײַנלויב!..

ז

נאָך אַ צובײַס האָבן זיך אָנגעהויבן באַזונדערע באַגריסונגען לכּבוד ראַשקעסן. גערעדט האָבן פאָרשטייער פון קלובן און שטרײַקקאַסעס, פון קאָאָפּעראַטיוון און אַרטעלן, און פון ביבליאָטעקן און אַרבעטער־כאָרן. דעם קאָפּ שוין מער אויפגעהויבן און אויסגעגלײַכט, האָט ראַשקעס מיט אַ האַרציקער ברייטקייט גענומען פּאָטערלעך באַטראַכטן די מענטשן אַרום אים אין דעם פּויערש הײַזל. זײַן בליק גלעט צאַרט אַ יונג מיידל וואָס צעקלינגט זיך ליבלעך:

— מיר, די חברטעס און חברים פון די יוגנט־קעמערלעך אין דער פּאַרטיי, מיר האָבן אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם חבר ראַשקעס פאַר זײַן גרויסן טייל אין אונדזער פּאָליטישער אַנטוויקלונג. מיט דאָרשט האָבן מיר גע־שעפּט די טיפע געדאַנקען פון בראָשורן וואָס ער האָט געשריבן. און זײַנע אינטערעסאַנטע לעקציעס פאַר אונדז!.. די ערשטע זײַנען מיר צום שטיין אויף דער וואַך בײַ זײַנע אַרויסטרעטונגען אויף מיטינגען, אין שיצן אים פון יעדן אָנגריף און אין געבן מוט צום אַרויסזאָגן דאָס ריכטיקע וואָרט און אָפּקלאַפּן מיט זײַנע דערווײַזונגען די אַלע רייד פון די קעגנער און זיי אויסחוזקן...

געריִרט איז ראַשקעס מיט יעדער נײַער באַגריסונג. פײַערלעך ווערט אַלץ אַרויסגעהויבן זײַן העראָישער פּאַרטייִשער עבר... עס איז טאַקע ניט איבעריק, מיינט ער, אַז די ייִנגערע זאָלן זיך לערנען פון אַן עלטערן חבר און זען אין אים אַן אויטאָריטעט... ער האָט זיך געזען ווי אַ פאַרדינסט־פולער און אויסדערוויילטער פירער פון אַ פאַרצווײַגטער מאַסן־באַוועגונג. געווען איז ער שוין גרייט צו ענטפערן מיט אַ פאַסיק וואָרט. דערציילן וועט

ער אַ לענגערן עפּיזאָד נאָך פון די ערשטע יאָרן אין אויפקום פון דער פּאַרטיי. אויף אַ צוזאַמענקום איז דעמאָלט געוואָרן באַהאַנדלט די טעראָר־פראַגע, און ער האָט אָנגענומען דורכויס אַ האַרבע שטעלונג — און האָט דורכגעפירט זײַן רעזאָלוציע!.. און אָט גאָר לעצטנס, דורך די חדשים זײַנע אין טורמע, איז ער אָן אויפהער געווען אַרײַנגעטראַכט אין די וועגן פון דער פּאַרטיי. און געקומען איז ער צו אַ פעסטן באַשלוס, אַז דער ניצחון־גאַנג האָט נאָר איין וועג — אַ קורס דווקא וואָס שאַרפער און עקשנות, עקשנות!..

די פּאַרטראַכטע רעדע האָט ראַשקעסן פאַרכאַפּט און ער איז שוין געוואָרן צו קורץ מיט וואַרטן אויף דעם אויסרופן אים צום ריידן. הימלעכע ווונקען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן פון אים צום פאָרזיצער; גרייט איז ער שוין צו זײַן וואָרט, און וואָלט זיך שוין געלאָזן מכבד זײַן... האָט אים אָבער דער פאָרזיצער געבעטן נאָך אויפצוואַרטן, ווײַל גאָר מעגלעך אַז ניט אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן... און באַלד טאַקע האָט דער זעלבער אין אַן אָפיציעלן טאָן געלאָזט הערן:

— איצט זאָל מיר דערלויבט זײַן איבערצוגעבן נאָך אַ באַזונדערע פּאָר ווערטער, אין נאָמען פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט...

איז שוין ראַשקעס אויך פריידיק איבערראַשט און קוועליק מיט אַ וואַרעמען געדאַנק. זיי, די איצטיקע פירער — געוויס האָט ער אין די געהויבענע מינוטן צו דערוואַרטן אויך פון זיי אַן אָפנהאַרציק וואָרט. הערן וועט ער זייערן אַ מודה זײַן אין אידעיִשע טעותים, און אָנערקענען וועלן זיי אים ערשט איצט ווי אַן אמתן וועגווײַזער!.. „גרויסער חבר, ברויזנדי־קער גײַסט, אָנאויפהעריקער אמת־זוכער"... טאַקע גאָר הויכע ווערטער הערט ער ווי דער פאָרזיצער לייענט ווידער אַרויס פון אַ צוגעגרייטן פּאַפּיר. גייען די שבחים ווײַטער, אָבער שוין מיט עפּעס אַן אָפּנייג אין טאָן:

— יעדער מיינונג אײַערע, חבר ראַשקעס, יעדער געדאַנק און אויס־דרוק זײַנען פאַר אונדז זייער באַלערנדיק... מיט אַ טיפערן אַרײַנקלער האָט די פּאַרטיי אויפגענומען אײַער לעצטע רעדע אויף דער באַרימט געוואָרע־נער ראַיאָן־קאָנפערענץ...

די יום־טובדיקע שטימונג איז שוין בײַ ראַשקעסן אויפגעטרייסלט. ער פילט שוין ווי מענטשן באַלעקן זיך כיטרע פון די טיף־טיפע וווּנדן אין זײַנע דורכגעקרענקטע פּאַרטיי־ווייעניש. געהאַט פאַרטראַגן האָט אים דער קריזיס אין דעם פּראָוויץ־מקום אויף דער קלאָגעדיקער ראַיאָן־קאָנפערענץ, וואָס איז שוין אויך באַרימט... און סך־הכּל האָט ער דאָרט קריטיקירט די אָפּגעטעמפּטקייט אין דער הײַנטיקער פּאַרטיי, דאָס באַגרענעצטע דענקען און די מורא פאַר נאָר אַן אָפּנייג און אַן נאָכטראַכט אין די אַלט געפורעמטע פּאַראַגראַפן... ממשותדיקע געדאַנקען וועגן ענדערונגען אין דער פּאַרטיי־פּראָגראַם האָבן זיך בײַ אים אויסגעקריסטאַליזירט ערשט אין טורמע. אין דער איינזאַמקייט איז ער דאָך געווען פרײַ פון דעם גאַנצן געבראַוז שוימיקע מחשבות וואָס האָבן זיך געהאַט אין אים צעכוואַליעט — ביז פאַרטומל. איצט, ווי ער קוקט שוין אַלץ אויס אויף אַ גרעסערן צוזאַמענקום פון דער פּאַרטיי; גאָר אַ סך האָט ער צו זאָגן, און ממש פאַרלייגן... אָבער אויף יענער ראַיאָן־קאָנפערענץ האָט ער בכלל ניט געהאַט צו טאָן מיט אָרגאַניזירן אַוועלכע קעגנערשאַפט צו דעם צענטראַל־קאָמיטעט. איז ניט זײַן שולד, וואָס אַ מישל לוריע, אַט דאָס פּיפּיקע אַדוואָקאַטל, און נאָך זײַן גלײַכן, זײַנען געקומען שטורעמען די פּאַרטיי. אין זײַן נאָמען, ראַשקעסעס, איז עס צונויפגעשלאָגן געוואָרן אַן אָפּאָזיציע, און די מענטשעלעך זיצן שוין בײַ פּעטינקע טעפּ...

— ...איר, חבר ראַשקעס, אונדזער לאַנגיאָריקער לערער און וועגווײַזער — דערקלערט ווײַטער דער פאָרזיצער — אויף אײַער שטורמישן גײַסט הויערן אָבער לעצטנס די אַלע קנויליקע פּראָבלעמען וואָס שפּרינגען אַרויס אין אַזאַ בונטער מאַסן־באַוועגונג ווי אונדזערע. גאָר בולט האָט זיך געלאָזט מערקן אַ טיפע ראַנגלעניש אין אײַער אמת־זוכערײַ... די פּאַרטיי וויל אָבער ניט בינדן מיט איר פּראָגראַם אַ מענטשן פון אַזאַ קאַליבער, און בשום אופן ווילן מיר ניט שמעלערן אים די האָריזאָנטן פון אַ ברייטערן באַנעם. מיר שטייען אײַך ניט, חבר ראַשקעס, אין וועג פאַר אַ פרײַען אומאָפּהענגיקן געדאַנקענגאַנג...

איז שוין ראַשקעסן קלאָר. דער גאַנצער פּאַראַד פאַר אים, מיט די שבחים

וואָס האָבן זיך דאָ אַ גאָס געטאָן — איז אַלץ ניט מער ווי אַ זיסער כלאָראָ־פאָרם. פאַרשלעפערן וויל מען זײַנע שטראָמרײַסיקע געפילן, אָפּטייטן זײַן בונטאַרישן גײַסט... אַיאָ, אָט הערט ער שוין דעם אויספיר פונעם פאָרזיצער, אין נאָמען פון דער הויכער פירערשאַפט:

— גרויס אומגעהײַער זײַנען די אויפטועו פון דעם חבר ראַשקעס, פאַרדינט ער פולקום דעם צוטרוי אויף אָפּגרענעצן זיך אַ געוויסע צײַט פון אונדז, שטיין אויסער די פאַרטייראַמען. וועט ער זיך פילן אין גאַנצן אָביעקטיוו אין זײַן דענקען און אין זײַנע אמת־זוכענישן. מיר גיבן אײַך, חבר ראַשקעס, פרײַע הענט!

„פרײַע הענט" ?!.. ראַשקעס שפּאַרט מיט האַס, דאָס בלוט גליט מיט בייזן חוזק... אַ קעמפער, אַ פאַרטיי־העלד, אַ וועגווײַזער; און די נאָך און נאָך געהויבענע טיטולן. איז פון דעם גאַנצן באַרג שבחים — אַרויסגע־שפּרונגען אַ סטאַטועלע מיט פרײַע הענט. אַ גאָר בכּבֿודיקן שילדל הענגט מען אים דאָ אָן. מוחל!..

ער קאָן שוין אָבער מיט די מענטשן ניט ריידן חבריש, און ווייס אַפילו ניט ווי צו שלײַדערן זיי צוריק דעם כּבֿוד אין פּנים אַרײַן. אַז בכלל איז ער לעצטנס אַזוי צוריקגעהאַלטן, וואָס לאָזט זיך אים ניט דערקלערן אויף פאַר זיך אַליין. עפּעס האָט ער דאָך אַזוי פיל געטראַכט אין טורמע; ער האָט דאָך שוין אַ גענויעם פּלאַן ווי צו רעפאָרמירן די פאַרטיי — טאָ וואָס זשע האָט ער געשוויגן און איז אַזוי אָפּוואַרטעריש? אָט וועט ער שוין בכלל ניט האָבן קיין אוידיטאָריע!.. אַיאָ, מוז ער טאַקע ריידן, זאָגן שוין זײַן וואָרט... אָבער באַלד פרעגט זיך אים: מיט וועמען פאַרפירן דאָ רייד, פאַר־גיין אין טעאָריעס, פלענער אָנוואַרפן? נישטיקע ברואים זעט ער אַלץ אַרום זיך; און אָט גאָר טיפן וואָס שטויסן דיך שוין אָפּ מיט די געשליפענע ריידעלעך זייערע, און די קאָקעטישע הינטערגענגלעך אויף צו מאַכן אַ פאַרדעכטיקן קעגענער — אומשעדלעך!.. ניין, ער האָט מיט די מענטשן ניט וואָס צו ריידן, אַפילו קיין פּאַראַיבל־וואָרט אויך ניט. גלײַכער אַ סך, און געזינטער פאַר אים געוויס. שוין אָט אַ שטיק אין דער נאַכט, דער קאָפּ שווינדלט אים; און דאָס האַרץ, אוי ווי עס פּויקט!.. אין בעט וואָלט ער

שוין געדאַרפט זײַן. און מעשה־שטן, ער קאָן זיך נאָך פאַרשלאָפן מיט זײַן
ווײַזן זיך זיבן פרי בײַם זשאַנדאַר, וואָס ער איז פאַרפליכט יעדן מאָרגן —
ער, דער מענטש מיט פרײַע הענט...

אין זײַן נעמען זיך שוין צום גיין, שנײַדט זיך אים אַרײַן אונטער
שטורעמדיקע אַפּלאָדיסמענטן אַ פײַערלעכער אויסרוף פונעם פּאָרזיצער:

— דאָס וואָרט האָט חבר בינע ראַשקעס!

1930

# אַ קייטעלע

שטראָמען ליכט און סמאַליעדיקע זונשטראַלן האָבן זיך מיט גרויסן טאָג צעגאָסן איבער דעם קוראָרט. שמאָלע, געפּענטעטע שאָטנס האָבן זיך קיל אַרונטערגעגליטשט פון די הויך צעוואַקסענע סאָסנעס איבער דעם גאַנצן אַרום פון דעם ליטווישן וואַלד. געררייצט האָט די לופט מיט אָפּפרישנדיקן זאַפט. דער טיף לויטערער הימל האָט שטיפעריש געלאָקט די דאַטשניקעס פון די צימערן אַרויס, געוווּנקען אויף פּיַינעם וועטער און היץ, היץ. מענטשן, לייַכט געקליידט, באַלאָדן מיט ליגשטולן, ספּאָרט־מכשירים און רוקזעק — האָבן זיך פון די צעוואָרפענע ווילעס אַ שאָט געטאָן צום טייַך און אין וואַלד אַרייַן, וואָס טיפער אין וואַלד.

מיט זייַן צוויי־יאָריקן יינגל בייַ דער האַנט האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַר דעם סעזאָן געלאָזט מיט דער ברייטער אַלעע העלפער, אַ בוכהאַלטער אין שטאָט און טוער אין אַרבעטער־קרייַז. ערשט הייַנט פרי האָט ער באַקומען זייַן קורצן אורלויב און באַלד געפאָרן צו זייַן ווייַב און קינד וואָס דאַטשעווען שוין דאָ אַ שטיקל צייַט. זייַן געניי אויסגעאַרבעטער אָפּרופלאַן, מיט דעם חשבון פון די אַלע שעהן אין די פערצן פרייַע טעג — האָט פון אים געשווינד אַרונטערגעטאָן די שטאָטישע שווערע מלבושים. אַרייַנגעוואָרפן האָט ער זיך אין אַ לייַכטער פיזשאַמע, און געוואָרן אַ זאָרגלאָזער קוראָרט־בירגער.

ווי יעדן יאָר האָט ער זיך צו ערשט געלאָזט באַקוקן די נייַסן אין דעם קוראָרט, די צוגעקומענע גאַסן, אויסגעבויטע ווילעס און פאַרווייַלונגס־פּלעצער. שוין אָבער בייַ די ערשטע טריט האָט ער דערפילט, אַז מיט

עפּעס הינקט פּאַרט אונטער זײַן הײַ־יאָריקער אָפּרו. בײַ דער האַנט — דאָס קינד. ממש אויפן זינען איז אים ניט אַרויף, ביים פּאַרטיילן זײַן צײַט, אַז מיט אַ צוויי־יאָריקן, אַט ווי זײַן בן־יחיד, מוז זיך מיט אים ניט ווייניק פאַרנעמען אויך דער פּאָטער. עס רוקן זיך אָן ביים סאַמע וואַלד די רײַכע קוואַרטאַלן מיט די נײַע און פײַן פאַרפּוצטע ווילעס, שיינע פּאַרקן מיט שפּילפּלעצער און ווינקלען פאַר קליינוואַרג. דער יינגל נעמט אַלץ אָפּטער אָפּשטיין, פאַרשיט דעם טאַטן מיט פראַגעס, מאָנט אויפמערקזאַמקייט צו זיך. ספּקט שוין העלפער אין זײַן אויסרעכענונג אויף דעם הײַנטיקן פאַרמיטאָג.

פון אַ ווינקל אַלעע האָט ווילגייעריש אַ שלאָג געטאָן אַ קולכל, תקיפדיק און מיט גרויס האַנאָר:

— האַלאָ, הער העלפער!.. קומט אַקאָרשט אַהער, הער העלפער!

העלפער צעעפּנט די אויגן — שטערן, דער באַנקיר!.. פאַרוואָרפן אַ משונהדיק געבלימלט מיצל איבערן גרויען קאָפּ און בהרחבותדיק־האָפערדיק אָנגעלענט אויף אַ ליגשטול קעגנאיבער אַ פּראַכטיקן פּאַנסיאָן — נודיעט זיך אָט דער גרויסער מאַן גאָר געשמאַק פון אַן אידיליש ווילגיין און הנאה־פולער אויסדערווײלטקייט.

אַ יחסניש פאַררייסענער מענטש אָט דער אַלטער באַנקיר און אַקציאָנער פון עטלעכע פאַבריקן. גאָר שטאַרק בלאָזט ער זיך אויך מיט אַ דאָקטאָר־טיטל, און דערציילט אָפט פון זײַנע יאָרן אין פּעטערבורג און גרויסע באַקאַנטשאַפטן דאָרט מיט סענאַטאָרן און מיניסטאָרן. אויך אין קאָוונע זוכט ער צו פרײַנדלען זיך מיט די ליטווישע מיניסטאָרן און גייט אויס צו ווערן אַ סיים־דעפּוטאַט. אים, העלפערן, ווי אַ פאַרשטייער פון די אַרבעטער, קומט פאַר אָפט צו טרעפן זיך מיט דעם דאָקטאָר שטערן, וואָס האָט זיך פאַר־פעסטיקט אין אַלערליי געזעלשאַפטן און קאָמיטעטן. קען ער אים שוין גוט, אָט דעם שׂררה, און איז ניט איין מאָל שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן זײַנע ווילדע פאַרשימלטע פאָדערונגען און הערשערישע אײַנשפאַרענישן. אַז אַזאַ מין פרי וועט זיך אים אונטערקײַקלען אין זײַן אורלויב, און זיך נאָך פרווון אַ פרײַנדל טאָן — האָט זיך עס העלפער קוים פאַרגעשטעלט.

— וואָס, אײַערס אַ ייִנגל, הער העלפער? — פּלאַטערט שטערנס צו־פרידענער בליק אַזוי פּריציש ברייטלעך איבער פּאַטער־און קינד — נו, האָט איר אים צו געבן ברויט?

דער קבלת־פּנים מיט אַזאַ פּראַגעלע אין הויך פּאַטריצישן טאָן — האָט ביז גאָר אַ ברען געטאָן העלפערן. די רײַכע ווילעס און פּאַנסיאָנען פון דעם גאַנצן אַרום מיט זייער שרײַיִקער איבערזאַטקייט האָבן אַזוי פּאַרריסן גע־שטשירעט צו אים, און פון אַדורך שטערנס גאָלדציינערדיקן מויל שפּאָטע־ריש געשפּיגן אויף זײַן גאַנצער זעלבסטשטענדיקייט, און גענומען טײַוואָלאָ־ניש אויפטרייסלען זײַן אָפּרו און אָנגעגורטע זאָרגלאָזיקייט. ער איז שוין געווען גרייט אָן אַוועלכן ענטפער צו גיין ווײַטער זײַן וועג. דער ייִנגל האָט זיך אָבער אַלץ נענטער גערוקט צום „אָנקל״, אים מיט נײַגער באַ־טראַכט, און זיך צערעדט:

— ניין, די מאַמע מיר הײַנט ניט געגעבן ברויט... איך געגעסן פּאָמי־דאָרן און שמאַנט. און קאַרשן אויך!..

דער ייִנגל האָט באַלד באַקומען פון שטערנען אַן אָנשמייכלדיקן קניפּ אין בעקל. האָט ער זיך עקשנותדיק גענומען ווערן קעגן טאַטן, וואָס ציט אים שוין צום גיין ווײַטער. צוגעפּאַלן איז דאָס קינד צו דעם אָנקלס זייגער־קייטעלע, אַזאַ פּײַנס, איבערן בויך פון אונטער זײַן צעעפּנטן כאַלאַט. שטערן האָט געלאָזט דעם קינד זיך פּאַרשפּילן, און ווײַטער חשיבותדיק געצויגן:

— יאָ, הער העלפער, מען דאַרף פּאַרשטיין אַז איר האָט אויך אַ ווײַב; פּאַרדינט איר אויף אויסהאַלטן אַ שטוב, אַ היים?.. אייגנטלעך, וואָס זאָל זײַן, הער העלפער, אײַער באַשעפטיקונג?

— נו, וואָס זאָל זײַן די באַשעפטיקונג פון אַזאַ איינעם, הער דאָקטאָר?

— האָט זיך אין העלפערן דערוועקט אַ פּאַרביטערטע געלוסטעניש צו פּאָלעמיק — איך זיץ פּאַררוקט איבער בערג חשבונות און בײַכיקע ביכער אין די טונקעלע פּאַרשטיקטע הינטערקראָמען און ברי אויס פּאַר די קעשע־נעס פון מײַנע חשובע באַלעבאַטים די קלינגעדיקע סומעס, און אַליין בלײַבט מען געווײנלעך מיט אַ ציפּער־געמיש אין קאָפּ...

די שטענגלעך פלעכטנדיקע סאָסנעפּעך פון אַ יונגן וועלדל האָבן דאָ פאַרשיכּורט די לופט אַרום. אַ קיל ווינטל פון דעם דערבײַיִקן וואַסער האָט זיך לאַשטשעוודיק־גלעטעוודיק געשנירלט אַדורך נאָזלעכער און לײַב. די זון, אַ שליימיק צעגליט אויג, איז דרעמלדיק פויל געהאַנגען אַן אויס־געגאַרטע נאָך אַ וואָלקן־טולעניש און אירע איבערגעגליטע שפּיזן האָבן זיך שלעפּעריק געטובלט אין די מילדע וואַלדשאָטנס. העלפער מערקט דײַטלעך ווי זײַנע ווערטער האָבן אויפגעבראַכט אַ פלאַמיקע רויטקייט אין די אויגן פון דעם אָדון, און אויפגעלאָפן־צעוויגט זײַנען אויך די טרערן־בײַטלעך. פּונקט ווי אין שטאָט בײַ די קאָכיקע זיצונגען, בעת דאָקטאָר שטערן פאַרנעמט זיך מיט אַ הויכן טאָן, טאַנצט אים אויך איצט רגילותדיק אַרײַן אַ זויג־קאָנפעקטל אין אַ ווינקל מויל. און זײַן ריידן שוין באַפּוי־לעריש:

— הער העלפער, איר מעגט מיר צענדליקע מאָל אַנטשולדיקן... ניט אַזוי רעדט מען פון מענטשן באַלעבאַטים וואָס גיבן זייערן אַ בוכהאַלטער צום לעבן; איר מוזט עס סוף־סוף יע פאַרשטיין!..

העלפער איז געווען שטאַרק צופרידן מיט זײַן אויפרעגן דעם אָנגעצוי־גענעם יחסן. ער האָט דעם יִנגל פעסטער גענומען טרײַבן צום גיין. שטערן האָט זיך אַ שטעל אויף געטאָן. לאַנג האָט ער געשליפט זײַן בליק צו העלפערס גיפטיקן שמייכל און זיך געשטרענגט אויסצוגעפינען אַ פּאַסיק אָפּשיידוואָרט:

— יאָ, הער העלפער, ניט דאָ איז דאָס אָרט און ניט איך בין דער מאַן וואָס זאָל מיט אַ שטרענגערן וואָרט פאַרשטערן אַ פאַרביטערטן מענטשן זײַנע געציילטע טעג אורלויב... אַלזאָ, שמועסן וועלן מיר בײַ אַנדערע גע־לעגנהייטן. און איצט, שעפּט פײַנע לופט, הער העלפער! געזונטע לונגען צו האָבן, איז דאָס רעכט פון יעדן מענטשן, אַפילו ווען ער זיצט אין טורמע. דאָס איז טאַקע איינע פון מײַנע לעבנס־שטרעבונגען, און איך שענק ניט וויניק פון מײַן צײַט אויף דעם. ווי איר ווייסט עס זיכער, בין איך פון די הויפּט־אָנפירער אין דער הילפס־געזעלשאַפט פאַר אַרעסטאַנטן.

דער קליינער יאַטל האָט מיטן אויפהייבן זיך פון שטערנען שוין ניט

געקאָנט דערגרייכן דאָס שיינע קייטעלע איבער דעם הויכן בויך. האָט ער איצט ברוגזדיק מיט פאַרריסענע טיף בלויע אייגעלעך געקוקט צום כּעס־דיקן אָנקל און ניַיגעריק געוועזן צו פאַרשטיין וואָס ער זאָגט. די שאַרף אַרויסגערעדטע „טורמע״ און „אַרעסטאַנטן״ האָבן אָבער דעם ייִנגל יע באַקאַנט געקלונגען. ער זעט אָפט ווי גרעסערע קינדער שפּילן זיך אין פּאָליציסטן און גנבים און טורמעס. איז ער באַלד מיט אַ שפּרונג צו שטערנען:

— איך דעם אָנקל אויך אַרייַנזעצן אין טורמע. דער אָנקל בייז אויף דעם פּאַפּאַ!

הלכיק־דריַיסט האָבן געקלונגען דעם קינדס רייד. שטערנען איז פאַר־לאָפן אַ לאַקריצדיקער שמייכל איבער זיַין פליישיק פּנים. ער האָט ליבלעך געגלעט דעם ייִנגל איבער זיַין בלאָנד געלאָקטן קעפּל און גענומען אים איבערבעטן:

— זיסער יונגעו! דער אָנקל איז ניט בייז אויף דיַין פּאַפּאַ. דער אָנקל איז דיַין פּאַפּאַס אַ פריַינד. דיך האָט דער אָנקל ליב... אַנו, גיב זשע אַ הענטל און זאָג פיַין: אַדיע!.. דער אָנקל מוז גיין צו זיך אַהיים...

איבערגעלאָזט דעם ליגשטול, האָט זיך שטערן געגעבן אַ קער צום הויף פון אַ דערבײַיִקן פּאַנסאָן. דער ייִנגל האָט זיך אָבער דערפילט באַ־ליידיקט. דער אָנקל האָט דאָך גערעדט אַזוי גוט צו אים — און גייט גאָר אַוועק צוזאַמען מיט דעם קייטעלע!.. אַ ריס געטאָן האָט ער זיך פון טאַטנס האַנט און זיך געלאָזן אַ פאַרצווייפלטער צו שטערנען. הענגען האָט ער זיך גענומען איבער זיַין בויך:

—די צאַצקע!.. גיב מיר, אָנקל!

העלפער האָט גענומען ציִען דאָס קינד. גערעדט האָט ער צו אים, אַז מען דאַרף שוין גיין אַהיים; די מאַמע וואַרט שוין אויף איר ייִנגעלע, און וועט אים געבן עסן, און לייגן שלאָפן... דער יאַטל שפּאַרט זיך אָבער איַין און לאָזט זיך נאָך שטערנען, לויפט אַלץ טיפער אין הויף. און דאָ דערזעט ער אַ ניַיע וועלט!

פאַרגעסן גאָר אָן דעם קייטעלע, האָט ער זיך מיט פרייד־געשרייען

אַרײַנגעגאַסן צווישן די ווונדערלעכע בלומענבייטן, פֿאָנטאַנען, טעראַסן און סקולפּטורן. העלפֿער, צעערגערט, האָט אים נאָכגעיאָגט, געררינגלט פֿון אַרום און אָט־אָט שוין געכאַפּט ביַי אַ טעראַסע־טרעפּל. דער יאָטל האָט זיך אָבער געשיקט אַרויסגעגליטשט פֿון אונטער דער האַנט און לעבעדיק זיך אַ לאָז געטאָן צווישן די געסט וואָס זײַנען אין גרופּעס געזעסן אויף ליגשטולן, און יעדער איינער פֿאַרטיפֿט אין קאָרטנשפּיל. שטערן וואָס איז שוין געזעסן לעבן זײַן פֿאַמיליע און באַמערקט העלפֿערס אומבאַהאָלפֿנקייט, האָט צו אים געשלאָזט הערן אַ גרויסמוטיקע אײַנלאַדונג:

— הער העלפֿער, ביטע, קומט צו!.. אַ קוראָרט איז שוין אַזאַ באַשע־פֿעניש, ווו די געזעלשאַפֿט מישט זיך צוזאַמען, אָן אונטערשייד... ווערט באַקאַנט מיט מײַן פֿרוי און טאָכטער — רײַסט ער איבער פֿון אַ דערבײַיִקן קאָרטנשפּיל צווײ אָנגעבלאָזן־פֿאַרחידושטע דאַמען און שטעלט פֿאָר — דאָס איז הער העלפֿער; ער טרעפֿט זיך מיט מיר ביַי אַ ריי געזעלשאַפֿטלעכע זיצונגען... איך קאָן אײַך פֿאַרשטעלן פֿון ווײַטן אויך זײַן זון, אָט דעם לויכטיקן יִינגעלע וואָס לויפֿט דאָ אַרום, און ווײַזט שוין דווקא אַרויס פֿײַנעם געשמאַק און מבינות אויף רײַכקייט, גלאַנץ...

אין דער פֿאַרצוקערטער העפֿלעכקייט פֿון דער פֿרוי און טאָכטער האָט העלפֿער געזען, אַז זײַן נאָמען איז זיי יע באַקאַנט, אין ניט צום גוטן. האָט ער אויך דאָ ניט געוואָלט בלײַבן שולדיק מיט אַן ענטפֿער:

— הער דאָקטאָר, מאַכט נאָר ניט מײַן קינד פֿאַר אַ גאון; ער האָט אַ נאָרמאַלן קינדערישן שׂכל און געשמאַק. יע, איר קאָנט נאָר זאָגן, אַז צוגע־צויגן האָט איר אים מיט אַ קייטעלע, אַ גאָלדן...

דאָס קינד איז ניט מיד געוואָרן אַרומלויפֿן, ליאַרעמען, האָט זיך ניט געלאָזט אײַנריידן צו גיין אַהיים. העלפֿערן האָט מען דערווײַל מכבד געווען מיט אַ האַנט ביַי אַ קאָרטנטישל, און ער האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין שפּיל. דער ייִנגל איז ווײַטער אַרומגעפֿלויגן, און די פֿרוי שטערן וואָס איז שוין אַרויס פֿון שפּיל, האָט אים גענומען צוּוואַרפֿן יעדע ווײַלע אַ קאָנפֿעקטל און נאָך זיסקייט. אין זײַן ברענענדיקער פֿאַרטיע האָט העלפֿערס אויער קלאָר אויפֿגעכאַפּט פֿון דער זײַט ווי די מאַדאַם לערנט דאָס קינד פֿײַן

אָפּצודאַנקען מיט אַ קאָמפּאַרנייג. און כּסדר פֿאַרוואַרפֿט אַ חנדלדיק פּראַגעלע:

— אַז דו װעסט זײַן אַ גרויסער, וועסטו אויך האַלט האָבן די טאַנטע?..

העלפערן האָבן אָט די סצענקעס געשפּרונגען פון צווישן די קאָרטן. זײַנע קונצשטיק וואָס ער האָט זיך דאָ געפּלײַסט צו ווײַזן, האָבן זיך אים ניט אײַנגעגעבן. דאָס שפּיל האָט זיך אויסגעברייטערט, און ער איז נאָך מער געוואָרן אַרײַנגעצויגן. די ווײַסע געצערטלטע הענט פון די עלעגאַנטע דאַמען האָבן מיט חשק פון אים געפליקט די קאָרטן. אַ ווייטאָגדיקע שעמעוו־דיקייט האָט געשלאָגן פון העלפערן. געברענט האָט אים אויך, וואָס זײַן הילוך זעט געוויס אויס ניט־אַזוי. און זײַן בהלהדיק ראַזירן זיך הײַנט פרי רופט זיך מסתּמא אָפּ גאַנץ קלאָגעדיק אויף זײַן פּנים...

דאָס קינד, שוין גוט אָנגעלאָפן, איז לאַנג געשטאַנען מיד לעבן צע־שרויפטן טאַטן און אים געצויגן בײַ דער פּיזשאַמע, פאַר דער האַנט; האָט געיענטשעט גיין אַהיים; שלאָפן וויל עס. אַ פאַרחושטער האָט זיך העלפער אָפּגעריסן פון די קאָרטן, זיך ניט דרײַסט אַנטשולדיקט פאַר די מיטשפּילער. שטערן האָט ווידער אָנגענומען זײַן אויסדערוויילט־אויטאָריטעטע פּאָזע און מיט אַ געהויבן וואָרט גענומען אַרויסלאָזן דעם גאַסט:

— יאָ, אַ גוטן, הער העלפער! איר האָט אַ געראָטן קינד, מסתּמא אויך אַ ווילע ווײַבל. „שענע מיטטער, שענע קינדער". טו האַלט, הער העלפער, אָרנטלעך פרוי און קינד!

— אַ שיינעם דאַנק פאַר אַ נאָך שענערער עצה — האָט העלפער אַ שלײַדער געטאָן זײַן ענטפער שוין פון אַהינטער און רוגזהדיק־אומגעלומ־פערט אַ שלעפּ געטאָן דאָס קינד.

פון דער אומבאַקאַנטער סביבה און די אַזוי פיל שפּירונגען, איז דאָס קינד געוואָרן צערייצט, אָנקרײַטיק און געמאָנט מער אויפמערקזאַמקייט צו זיך. ער איז אַלע ווײַלע צוגעשטאַנען און ברוגזדיק געשעפּטשעט:

— פאַרוואָס פּאַפּאַ בייז?

— ניט בייז! — ווערט העלפער שטאַרק אומגעדולדיק און ציט דאָס קינד וואָס ווײַטער פון דעם קוואַרטאַל מיט די ווילעס.

דער ייִנגל איז פֿון די אײַליקע טריט און פֿעסט אָנגעדריקטן הענטל געוואָרן נאָך מער צערייצט, פּיעשטשעוודיק און נודעוואַטע. ניט אויפֿגע־הערט האָט ער צו גריבלען זיך:

— פֿאַרוואָס די אָנקלס און טאַנטעס דאַרט גוטע, און פּאַפּאַ בייז?

— ניט בייז, ניט בייז... — באַמיט זיך העלפֿער איבערצובעטן מיט זײַן אומרויִק קינד און כאַפּט אים אַרויף אויף די הענט — דער פּאַפּאַ דיך האָלט, האָלט...

דאָס ווינטל פֿון וואַסערזײַט האָט רירעוודיקער געבלאָזן. איבער די שפּיצן סאָסנעס האָבן זיך געשאַרט סטײַעס וואָלקנס און צעוויגט זייערע שופּיקע נאָקנס. גרויסע, שיטערע טראָפּנס רעגן זײַנען שווער געפֿאַלן אַדורך דער לופֿט און גראָב זיך אײַנגעקײַקלט אין אַלעעשטויב. דאָס קינד האָט געטוליעט זײַן פֿלאַמיק פּנימל צו העלפֿערס לײַב. די לײַכטע פּיזשאַמע פֿון טאַטן האָט זיך געצויגן צו שיצן דאָס האַלב דרעמלדיקע באַשעפֿעניש, וואָס האָט נאָך פֿון ווײַלע צו ווײַלע פֿאַרריסן אַן אָנגעשטרענגטן בליק און שלע־פֿעריק־מיד זיך געצויגן אין דעם טאַטנס אויגן אַרײַן. און אויסגעגענעצט מיט געמורמל:

— פּאַפּאַ בייז, אָנקל און טאַנטעס גוטע, פּאַפּאַ בייז...

1937

# פובליסיטי

מילדער זומער־אָוונט האָט טוליעוודיק געפלאָסן דורך די ברייט צע־עפנטע פענצטער און מיט אַ שמעקעוודיקן צושאָקל פון ביימערצווײַגן גע־האַמעוועט די חמימה אין דעם פּײַערלעכן זאַל פון רעסטאָראַן „פּאַלאַס". יעדעס פריש ווינטל איז מיט ווערדיקער צופרידנקייט אויפגענומען געוואָרן אין די שמאַלציקע פאַלדן פון די יוסטע פּנימער אַרום דעם רײַך סערווירטן באַנקעט־טיש. די ריזיקע פאַרפּוצטע לוסטרעס האָבן געפלייצט מיט רײַסיקן ליכט, זיך בונט צעגאָסן איבער די בילדער באַמאָלטע ווענט פון זאַל און איבער די גלאַנציקע פליכן פון די הויכגעשטעלטע הערן און זיך שטראַליק געבאָדן אין די טײַערע איידלשטיינער פון די אויסדערווילטע דאַמען. אַדורך די מוזיק־קלאַנגען וואָס רײַסן זיך אַהער פון די שכנותדיקע פאַר־ווײַלונגס־זאַלן ציִען זיך די רעדעס לכּבֿוד דעם אָפּפאָר פון צדוק קראָט. גאַנצע פיר צדקה־חברות פון שטאָט האָבן זיך צונויפגענומען אויף שיקן אים קיין אַמעריקע זאַמלען געלט.

אַ גרויסאַרטיקער באַנקעט ווערט דאָ הײַנט געפּראַוועט.

וואָכן ווי דער פּיפּיקער משולח צדוק קראָט הערט ניט אויף אײַנצו־טענהן מיט אַ גאַנצער צאָל גבאים פון זײַנע צוזאַמענגענומענע מוסדות אין קאָוונע, אַז אַ פּײַערלעכקייט מוז פאַר אים געמאַכט ווערן. אין זייער שליחות לאָזט ער זיך צום זאַמלען געלט אַזש קיין אַמעריקע; איז די „וויכטיקייט פון דער זאַך", אים אָנצוטאָן גרויס כּבֿוד ערבֿ זײַן נסיעה... מיט זײַנע גוואַלדיקע פּלענער אויף דאָרט אין מרחקים, האָט ער שוין יעדערן

פון די עסקנים לענגער פאַרטרויט. און אין דעם פּסדרדיקן אָנשרויפן זייַנע גאָלדענע אויסרעכענונגען, רוקט ער שוין אונטער נאָך באַדינגונגען, און כאַפּט וואָס־ווען אַ נייַעם אַדערויף. צוגעשליפן זייַנען די אַלע ריידעלעך מיט אַ לייַכט צינגל, און דאָס לינקע אייגל טיף פאַרקנייטשט אין באַק אַרייַן:

— אַז אַ וועלטמענטש ווי איך קומט צו אייַך מיט אַ רעאַלן פּלאַן, איז עס רעאַל, ממש; איר פאַרשטייט, לעבעדיקע דאָלאַרן!..

שווערלעך, צעצויגן און טרוקן ציִען זיך ביי די באַרופענע כלל־טוער זייערע טאָסטרעדעס. אָן איינזעעניש רופט זיי אויס איינעם נאָכן אַנדערן צום וואָרט דער שטרענגער פאָרזיצער, אַ ברייטפּלייצעקער געפּאַקטער ראַט־מאַן, מיט שיווע באַקנבערד, גאָלדענע פּענסנע און אַדוואָקאַטישער האַלטונג. אַ געשפּאַנטע שטימונג טראָגט אָן זייַן וועלפּישער בליק איבער די פּנימער פון די וואָס האָבן זיך נאָך ניט געשטעלט ריידן. ער טרייַבט אַרייַן ביי זיי צווישן די פינגער אַ נערוועזן געטאַנץ פון בלייַערלעך איבער די פּאַפּירענע טיש־סאַלפעטקעס. זיי נישטערן עס נאָך אַוועלכן געדאַנק פאַר אַ באַלדיקער רעדע, פּלייַסן זיך אַרויסצוקראַצן פון געדעכעניש אַ שענערן שטריך פון צדוק קראָטן, קנייטשן אַ פּאַסיקערן אויסדרוק. זיי מיִען זיך אָבער אויך, מיט אַ קוים באַמערקלעכן געוווּנק, צו פאַרהאַנדלען מיטן פאַרעקשנטן פאָר־זיצער — צי איז טאַקע ממש גאַרנישט אָפּצודינגען זיך פון אַן אָנגעוואָרפּע־נער רעדע?

נאָר ווו זיך אָפּדינגען? די געדיכטע בליקן פונעם פאָרזיצער צוזאַמען מיט זייַנע נאָנטע מענטשן לאָזן ניט אָפּ צו באַטאַפּן די פּאָר שטייַפע גרימאַ־סעס אויף די אָנגעגאָסענע פּנימער פון די צוויי עלטערע אַמעריקאַנער געסט, דער שעף־רעדאַקטאָר פון „טשיקאַגער העראָלד" און דער זאַלצקעניג פון גאַנץ מערב־אַמעריקע. באַוויליקט האָבן דיביידע בייַצווייַן דאָ אויף דעם באַנקעט, און מען דערוואַרט עס פון זיי גאָר אַ סך. פאַר זיי דאַרף מען וואָס ברייטער אַרומריידן די היגע צרות, און טאַקע אויף גרויס אַרויסהייבן די פּערזענלעכקייט פון צדוק קראָטן, וואָס איז דעלעגירט אין זייער אַמעריקע... זיצן זיי דאָ, די געסט אויבנאָן, די גוידערס הענגען זיי בכּבודיק אַרונטער פון אונטער דער מאָרדע. און בייַם פאַרזוכן פון דעם רייַכן סערוויז וואָס

מען רוקט זיי כּסדר אונטער, כאַפּט זיך יעדער פון זיי צו זײַנעם אַ באַזונדער טאַבלעט און פאַרשלינגט מיט אַ שלוק וואַסער. צו די רעדעס הערן זיי זיך צו אויפמערקזאַם און האַלטן מיט די אַפּלאָדיסמענטן. פון זיי אַליין אָבער — נאָך ניט קיין לעבעדיקן וואָרט!.. אָט די פאַרריסענע צוריקגעהאַלטנקייט טרײַבט שוין דעם עולם אין אַ געשפּאַנטקייט. דאָס שאַרפע אויג פון פאַר־זיצער, וואָס שטייט אַלץ אויף דער וואַך פון פײַערלעכער אָרדענונג, קאָן דאָ גאָר ווייניק פאַרשפאַרן דעם פּליסטערדיקן געמורמל פון די פאַרשנו־רעוועטע דאַמען־ליפּעלעך און פון דעם אונטערבורטש צווישן די מענער:

— וואָס פּעטער דער העכט, אַלץ שווערער דאָס שאָבן אים...

— און דערשמעקט די פּאָר מאַגנאַטלעך האָט טאַקע אונדזער צדוק, אָט דער קראָט... דער רעדאַקטאָר איז צו גאַסט ביי קרובים אין ראַסיין; און דעם אַנדערן האָט ער אויפגעזוכט אין קיידאַן, אים אָפּגעוואַרט דאָרט בײַם בית־עלמין, אין זײַן וועג פון קבר־אָבות...

— האָבן שוין די גרויסע לײַט יע באַוויליקט בײַצווײַזן אויף דער פּאַרטיי, ווי זיי רופן דעם באַנקעט, טאָ זאָלן זיי לאָזן הערן כאָטש אַן אָנדײַט וועגן אַ מיטהילף פאַר אונדזער דעלעגירטן, אָט פון זייער זײַט בײַ זיי אין אַמעריקע; נאָר אַ שטיקל צומוט, איז שוין אַ יש!..

און ווידער שטעלט זיך אַוועק אַ רעדנער אין אַ פײַן געפּרעסטער וויזיטקע און שניי ווײַסן העמד און נעמט צילן זײַנע געשניצטע ווערטער טיש־אַרויף, צום אויבנאַן. פון רעכטער זײַט פּאַרזיצער שפּרינגען דאָרט אָפּ אַ פּאָר מויזיש־אומרויִקע אייגעלעך פונעם משולח און זאַפּן מיט כלערליי דאָרשטיקע באַוועגונגען יעדן וואָרט וואָס פאַלט נאָר לכּבֿוד אים. ער הערט טאַקע גאָר הויכע רייד וועגן זײַן למדנות, וועגן זײַן ענערגיע, פײַנקייט, מענטשלעכקייט. אויך מסירות־נפש פאַרן כּלל ווערט אים אַרײַנגערעכנט. מען שטעלט אים אַרויס אַפילו פאַר אַ שרײַבער, אַ מחבר; אַ בינטל כּתבֿ־ידן האָט מען בײַ אים געזען... שווערלעך אָט דעם פּיפּיקן ייִדן געלאָסן אויס־צוזיצן דאָ אַ לענגערע ווײַלע. דאָס שאַרף אויסגעשטעלטע פּנים מיט דעם גרוי־בלאָנדן פאַרקעמטן בערדל וואַרפט זיך אַזוי באַלעקעריש פון איינעם צום אַנדערן. צוקלײַבן קאָן ער זיך אויך ניט די געהעריקע פײַערלעכע פּאָזע

וואָס זאָל זיך איינפּאַסן מיט די אַלץ נייַע געהויבענע ראָלעס וואָס הויכ־געשטעלטע לייַט רעכענען אים דאָ אַריין. דרייַסטער איז שוין זיַין בליק צום פּאָרזיצער. דער אָ פּאַרהאַרטעוועטער גבאי פון אַזוי פיל צדקה־חברות, ער האָט דאָך קיין מאָל ניט אַרויסגעוויזן אים, צדוק קראָטן, דעם קלענסטן אָפּשיַי און לעצטנס זיך נאָך באַזונדערש געבערעקלט מיטן מאַכן אים דעם באַנקעט. געוואָרטלט האָט ער זיך:

— אַן אויסגעפּאָרענער וועלט־משולח איז נאָך ווייַט פון אַ קאָלומבוס; און ביכלעך אָנגעפּיקעוועטע מיט אַדרעסן פון ווו־נאָר־ערגעץ אַ גביר, קאָנען נאָך ניט הייסן חיבורים...

זעט ער כאָטש איצט, אָט דער שטעכיקער ייִד, דער פּאָרזיצער, אַז ער, צדוק קראָט, איז נאָך ניט אַזאַ ביליקער? אַז זיַין פּאַרוואָגלט לעבן איז נאָך ניט פאַרלאָפן אַזוי אין גאָרניט?.. מיט אַ געמיטלעכן ווונק נעמט ער אים אַלץ צוואָרפן:

— איז ווי? איז שוין יע דאָ צו ריידן עפּעס אַ גוט וואָרט מכּוח מיר?.. אָט אַזוי, אָט אַזוי, אַז מען קוועטשט צו, געפינט זיך שוין; איז אַ ביסל שבחים, איז אַ מטבע; אוי, געפינט זיך... פאַרלאָזט זיך אויף מיר!..

כוואַליעס פון שפּעטן זומער־אָוונט און פייַערדיקע טאַנצמוזיק האָבן זיך מיטן בונטן זאַל־ליכט געשניטן אין אויג און אויער און גערייצט די געמיטער פון די פּאַרפומירטע מענער און די קאָקעטיש אַנטבלויזטע דאַמען. דער אויסדויער ביַי די באַנקעט פאַרזאַמלטע האָט זיך ראַשיק געבערעקלט פאַר די אויגן פון דעם פּאָרזיצער. ער גיט זיך נאָך אַלץ די מי אָנצוהאַלטן די פייַערלעכקייט, ציט אָן אייַנזעעניש יעדערן פאַר דער צונג און וואָרט אַזוי אויסגעשטעלט אויף אַ ווונק פון די באַרימטע געסט. ביַי די טישן האָבן זיך אָנגעהויבן ווייַזן ליידיק געוואָרענע שטולן. מענטשן ציִען זיך אָפּ אומבאַמערקט אין די שכנותדיקע טאַנצזאַלן און אין קאַבאַרע.

צדוק קראָט האָט מיט יעדער שפּעטערער מינוט געוומען אַלץ האַפּטי־קער טרייַבן אָנקרייַטיק־מאָנערישע בליקן איבער דעם פּנים פון יעדן איינעם וואָס מאַכט זיך נאָך אַרויס צו ריידן לכבוד אים. און זיַין שנאָרעריש צעגליטער אימפּעט האָט זיך ניט אויפגעהערט צו בלעזלען אונטער דעם

שאַרף צוריקגעהאַלטענעם אָנבליק פֿון די צוויי אַמעריקאַנער וואָס זיצן געצײלטע שפּאַנען פֿון אים און ווײַזן נאָך ניט אַרויס דעם קלענסטן סימן אויף זאָגן אַ וואָרט. אָט פֿון זיי אַ וואָרט! זאָל זיך טאַקע דערטראָגן אין דער ווײַטער גאָלדענער מדינה, וואָס אַהין לאָזט ער זיך עס איצט, אַ שטים לכּבוד אים פֿון אַזוינע צוויי דאָרטיקע באַרימטקייטן!.. זיי זיצן נאָך אַלץ אַזוי פֿרעמד. זייערע אויסדערווײלטע בליקן שווימען ווי פֿאַרשעריש איבער די פּנימער און אין אַלע ווינקעלעך פֿון זאַל. ווײַלעוויײַז וואַרפֿן זיי דורך צווישן זיך אַ קאַלטן שיטערן ענגליש, אָדער כאַפּן אַ לעק פֿון די ניי־אונטערגעטראָגענע וואַזעס. זעען זיי גאָרניט דעם גרויסן כּבֿוד וואָס ווערט דאָ אָפּגעגעבן אַ מענטשן? און ער לאָזט זיך דאָך צו זיי אין לאַנד!..

ב

די ברענענדיקע אומגעדולד און האַפֿענונג נאָך אַלץ אויף אַ וואָרט פֿון די געסט — לאָזן ניט אָפּ קראַטס פֿאַנטאַזיע. אָן אויפֿהער צעפּלעמלט זיך אים זײַן באַרג פּלענער, וואָס ער וועט לאָזן אין גאַנג דאָרט אין אַמעריקע... ער איז אַ משולח שוין פֿון יאָרן, אויסגעוווען שטעט און מדינות. אָבער אַלץ מיטן אַלטן שניט, אָן ליאַרעם אַרום אים, אָן ברייטער רעקלאַמע אָדער פּובליסיטי, ווי מען רופֿט עס אין יענע גאָלדענע לענדער. זעלטן ווען זײַן נאָמען איז אַפֿילו געווען דערמאָנט אין די צײַטונגען. מער ווי מיט דעם פֿאַרשמאַלצענעם טיטל משולח קען אים ניט די וועלט. זײַנען טאַקע די ביזאַהעריקע גליקן זײַנע אויך גאָר מאַגערע. איצט האָט ער שוין זײַן מלאָכה אָבער גאָר אַנדערש אַרויס. נעמט ער זיך טאַקע אויך מיט גאָר אַן אַנדער דרך... שוין מאָרגן דאַרף דערשײַנען זײַן בילד אין די אַלע ייִדישע צײַטונגען דאָ אין שטאָט, צוזאַמען מיט אַ ברייטן באַריכט פֿון דעם באַנקעט. וועגן דעם האָבן שוין די גבאים בײַצײַטנס באַזאָרגט, טאַקע אויף זײַן דורכויסיקער פֿאָדערונג. אָט וואַרט דאָ אויך דעם גאַנצן אָוונט אַ פֿאָטאָגראַף אַ קינסטלער; ער דאַרף עס נאָר ניט פֿאַרפּאַסן די הערלעכע מאָמענטן ווען די אַמעריקאַנער געסט וועלן זיך שטעלן ריידן לכּבֿוד אים. מיט אַזוינע

בילדער קאָן מען וואָס אויפטאָן אין דער גרויסער וועלט... יע, ער, צדוק קראָט, דער דעלעגירטער פאָרשטייער פון די צענטראַלע צדקה־מוסדות אין ליטע — ווי זײַן טיטל דאַרף איצט אומעטום קלינגען — ער איז פול־קום גרייט צו זײַן גרויסער שליחות מעבר־לים. ער האָט שוין אויך פאַרטיק אַן אויסגעמײַסטרעוועטן אַלבאָם אויף אַרײַנצוקלאַפּן יעדן נאָר אויסשניט פון די צײַטונגען אין וועלכע עס וועט זײַן דערמאָנט זײַן נאָמען. באַקומען דאַרף ער אויך לויבבריוו מיט גאָלדענער שריפט אויף פּערגאַמענט, אונ־טערגעשריבן פון די גבאים און פון נאָך געהויבענע לײַט... דאָס מאָל לאָזט ער זיך אין דער גאָר גרויסער וועלט, איז ער פאַרמאָסטן טאַקע אויף גרויס אַ שטורעם צו טאָן גבירשע הײַזער און פריִער פאַר אַלץ — די גרויסע צײַטונגען, אָט ווי דעם „טשיקאַגער העראַלד"... איז זאָל מען דאָ אויפן באַנקעט ריידן, טאַקע וואָס מער וועגן אים, זאָל מען! צו יעדער פּאָטאָ דאָ איז ער אָנגעגורט מיט דער געהעריקער פּאָזע. אַלץ פאַר דער פּובליסיטי. ער איז גרייט. ער פאַרלאַנגט עס בפירוש. און גאָרניט דורכויס לטובת זיך.

די אָנגעלאָדענע לאַנגווײַל אין זאַל ברעכט יעדע געדולד. פון מינוט לויפט אײַן די גרענעץ צווישן מענטש און מענטש. די לאַנגע צוריקגעהאַלטנקייט פון דער פאָר אַמעריקאַנער גליטשט זיך שוין אַראָפּ פון זייערע קאַלטע פּנימער. דער שפּיציקער גרויער קאָפּ פון דעם רעדאַקטאָר טוט זיך לאַנגזאַם אַ בייג. זײַנע דיקע האָרנברילן זײַנען אָנגעשטעלט אויף אַ שכן וואָס זיצט בײַ דער זײַט:

— עקסקיוז. איז שוין לאַנג אַז אויך דאָ בײַ אײַך, אין די מקומות, גילט דער מינהג פון פּראַווען אַזוינע באַנקעטן, אָט מיט טאָסטרעדעס, באַ־גריסונגען, עטסעטערע?

די קורצע און ניט גאָר קלאָרע פראַגע צעלויפט באַלד איבערן זאַל. איבערן נודנעם באַנקעט האָט אַ ווייע געטאָן אַן אָפּפרישנדיקע פּאַזע. פון די דערבײַיִקע זאַלן האָט אַ שטראָם געטאָן מיט עולם. שטולן האָבן זיך אַזוי ניט־לײַטיש צעסקריפּעט, און אַפילו דער פאָרזיכטיקער פאָרזיצער האָט זיך געפּועלט צו פאַרזען דאָ אַ ביסל די פײַנע אָרדענונג. די אַלטע פּלייצע זײַנע האָט זיך געשיקט אַ דריי געטאָן צו די געסט און זיי אין די פּנימער

אַרײַן אַרויסגעהאַנגען אַ ווײַס־שיטער פראַנצייזיש בערדל, אָנגעצויגן אויף זײַן אויסגעשטרעקטער רויטער מאָרע.

— וועט איר אונדז דאָך אַ מאָל באַערן מיט אַ וואָרט?..

אַ קורצער װערטערבײַט צווישן די צוויי מיסטערס ברענגט אַ באַפרי־דיקטן קאָפּשאָקל צו דעם הענגענדיק־וואַרטנדיקן פּנים פונעם פּאָרזיצער.

דער זאַלצקעניג רעדט! אַן אײַליקע שאַרעניש פון שטולן, צוגענייגטע אויערן און באַוואָפנטע בליקן. קיינער וועט ניט ריזיקירן דורכצולאָזן אַ וואָרט אָדער אַ תּנועה פון דעם מאַגנאַט וואָס באַמיט זיך ניט אַפילו צו שטעלן זיך פון אָרט. פון זײַן פאַרענגלישטן ייִדיש קײַעט זיך אַלץ אָפּטער איבער דאָס „מיר". אין זייער יידנס נאָמען, הייסט עס, רעדט ער און באַ־דאַנקט עס פאַר דער פרײַנדלעכער פאַרבעטונג צו דעם גרויסאַרטיקן באַנ־קעט. דאָ האָבן זיי געהאַט דעם פאַרגעניגן צו טרעפן זיך מיט חשובע פּירער פון זייערע אַזוי געגאַרטע ליטווישע ייִדן, און אויך טאַקע אויסצוהערן אַזוי פיל מערקווערדיקס וועגן דעם געערטן מיסטער קראָט... שור, זיי ספקן אויך ניט אין דער גרויסער נויט פון די היגע ייִדן, ווי עס איז אַזוי בולט געשילדערט געוואָרן דאָ אין זאַל און ווי זיי אַליין האָבן עס געמערקט אין די קלענערע מקומות איבערן לאַנד... זיי שפּירן דערבײַ אָבער פאַר נייטיק איבערצוגעבן דאָ כאָטש עטוואָס פון דעם פּנים וואָס עס האָט בײַ זיי אין אַמעריקע די גאַנצע טעטיקייט פון אַ געלטזאַמלער פון יוראָפּ. דערנידע־ריקונגען און ביזיונות דערוואַרטן אַזאַ איינעם; אָפּקלאַפּן דאַרף מען טירן, מיאוס שנאָרעווען, ווײנען, ליאַרעמען, רײַסן... אונטער דער לאַסט פון זײַן פעטן גוף, און פון זײַן געמאַטערטן ייִדיש און פון זײַן צוגעגרייטן אָנוווּנק — צעפרײַכט זיך דער זאַלצקעניג:

— פערהעפּס וואָלט געווען אונדז דערלויבט אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף די גאָר גרויסע שוועריקייטן וואָס קאָנען באַזונדערש שטיין אין וועג אײַער דעלעגירטן מאַן. מיר האָבן דאָך געהערט דאָ אַזוי פיל פון זײַן זעל־טענער קוואַליטעט; אַ פּערזענלעכקייט פון הויכן קאַליבער... פאַר אַמעריקע וואָלט אָבער געווען אַ סך מער צוגעפּאַסט אַ מאַן ניט קיין שיינגײַסט. בײַ

דער שנאָרעריַי פֿאָדערט זיך אַ וואָס מער פֿאַרהאַרטעוועטע און איַינגרייַסע־רישע נאַטור, און טאַקע צו זייַן דער גרויסער בעל־העזה...

— איז ער דאָך דער אמתער מענטש, אונדזער משולח... — האָט זיך צוזאַמען מיט די אַפּלאָדיסמענטן בייַם סוף פֿון דער רעדע געטראָגן אַ שמייכלדיקע שושקעניש. אַזוי פֿיל פֿאַרשוינענע האָבן דאָ אָפּגעבראָקט אַן אָווּנט אַ גאַנצן, אָבער זיך פֿאָרט דעררעדט; טאַקע די ריכטיקע אָפּשאַצונג, פֿייַן אָפּגעזאָלצט...

דערשפּירט האָט דאָ באַלד דער פֿאָרזיצער פֿאַר זייַן חוב צו זאָגן אַ בריי־טערן וואָרט. ווער טאַקע אויב ניט ער, דער אַלטער עסקן, זאָל זיך דאָ נעמען צו פֿאַרגלעטן די אַזוי פֿיל איבערגעזאָלצטע גוזמאות? אַרויספּלאָנטערן מוז מען דאָך די געסט פֿון זייער טעות בנוגע דעם דעלעגאַט... מיט זייַן אַדוואָקאַ־טישער געשיקטקייט האָט ער זיך פֿאַרנומען אויף אַ לאַנגן און שאַרפֿזיניקן ווערטער־געדריי, וואָס האָט זיך אַרויסגעשליפֿן מיט אַ געקינצלטן אויספֿיר:

— טאַקע זייער טרעפֿלעכע און וויכטיקע באַמערקונגען האָבן מיר דאָ געהאַט דעם גרויסן פֿאַרגעניגן אויסצוהערן פֿון אונדזערע העכסט חשובע געסט. זייער ריכטיק, אַ מלאכה בזויה ביז גאָר איז דאָס קלייַבן געלט, אָט צושטיין צו מענטשן, שנאָרעווען; אַ גרויסע העזה פֿאָדערט זיך אויף דעם... אָבער, צוריק גערעדט, זייַנען מיר ייִדן, בייַ דער הייַנטיקער צייַט, דען ניט קיין שנאָרער, פֿאָלע־רייַסער? ווער עס שנאָרעוועט ברויט, און ווער רעכט אויף אויסלעבן זיך. און אונדזער גאַנצע ייִדישע עקסיסטענץ איבער דער גאַנצער וועלט, איז ניט אַן „אומענדלעכע העזה"? אויף אַלע פֿיר קריכן מיר דאָך פֿאַר אַ פֿרייַנדלעכער מינע פֿון די אומות־העולם. זייַנען מיר דען ניט גרייט שטענדיק אויסצושנאָרעווען נאָר אַ גוט וואָרט פֿון אַוועלכן גדול בייַ זיי?.. אָבער געפֿאַלן בייַ זיך זייַנען מיר ניט. טאַקע מאַטעריעל אָרעם, געשלאָגן אין פּרנסה, שנאָרער. אָבער מיר זייַנען דאָ רייַך און שטאַרק אין גייַסט. די גרויסע ישיבות אין אונדזער ליטע זייַנען דאָך דער צענטער פֿון דער גאַנצער לומדישער וועלט. און אויך די אויפֿגעקומענע מאָדערנע שולן בייַ אונדז, דינען זיי ווי אַ מוסטער פֿאַר אַ ייִדישער נאַציאָנאַלער דערציִונג... איז שוין קלאָר, אַז דער מענטש וואָס ווערט געשיקט אויף צו

העלפן לינדערן די שרײַענדיקע נויט אין אונדזערע מוסדות, אַז ער איז אויך אייגנדיק מיט די צוויי מטבע־זײַטן פון אונדזער קיבוץ; טאַקע שיינ־גײַסט און שנאָרער געפּאָרט צוזאַמען...

האַלבע נאַכט האָט זיך צעלייגט איבער די זאַטע און צופרידענע געמי־טער און הייטערדיק אונטערגעזאָגט, אַז דער הײַנטיקער אָוונט איז פאָרט אַריבער ניט־אומאינטערעסאַנט. געטראָפן האָט זיך אָבער געפילט קראָט פון דעם פאָרזיצערס שלוסרעדע — נאָך די אַלע אַרײַנלויבענישן פאַר אים. זײַן אָנגעשטעלט פּנים פון אַן אָפּגעשלאָגענער הושענא האָט נאָך אָבער ווײַט ניט איבערצײַגט דעם עולם, אַז אויף אַזאַ געוויקס איז יע ווען־אַמאָל גע־וואַקסן אַ לעבעדיק בלעטל... פון אַ האַמעטנער פאַרחושקייט זײַנען געוועזן באַנומען די ביידע געסט. זייערע קלוגע צווישנבליקן האָבן זיך באַקומען אַלץ מער באַלאָדן, פאַרטיפט און אַרײַנגעטראַכט. דער פאָמפּעזער באַנקעט דאָ און שרײַיקער שאַרם, די געשליפענע און אויפגעבלאָזענע רעדעס — האָבן אויף זיי אַ שפּאַר געטאָן מיט אַ שטיק אָטעם פון זייער קאָכיקן לאַנד. אויך די שוימיק־רוישיקע טשאַרלסטאָן־קלאַנגען פון די דערבײַיקע זאַלן האָבן זיי פאַרטראָגן העט־ווײַט, צוריק אין דער בלאָפעריש־דערעסענער אַמעריקע. פאַר זייערע אויגן איז ווי אויסגערונען די אַלטיטשקע כשרע ליטע־היים, אָט יענע אַזוי אָפנהאַרציקע, תּמימותדיקע, און דורך אַזוי פיל יאָרן געוועזן אויפגעהיט אין זייערע הערצער. פאַרשוווּמען פון דער צײַט — און אָן אַ האָפענונג צו זען ווידער.

1938

# אַ מויל מיט פֿינגערלעך

ביי אַ שעה צייט שוין ווי זעליג קאַראַבעלניק שפּאַנט אַרום הין און צוריק אין דעם טונקל־גרויען פּרימאָרגן איבער דער ליידיקער גאַס עק שטאָט. צום וויפלטן מאָל שטעלט ער זיך אָפּ לעבן דעם אַרייַנגאַנג פֿון אַ ווייַסן ניט־הויכן בנין, און זייַנע אויגן טיף־פֿאַרטראַכט אין דעם מעשענעם שילדל. „קליניק פֿאַר געבורטן און פֿרויען־קראַנקייטן". אַהער אין הויז אַרייַן ציט עס אים פֿון דער רגע ווי ער האָט געהערט אַז נעמי ליגט שוין דאָ פֿון נעכטן פֿאַרנאַכט. דער קילער דרויסן פֿון אָנהייב האַרבסט שלאָגט אים אַרויס פֿון קאָפּ דעם גערויש פֿונעם ביר, וואָס ער האָט דורך נאַכט געטרונקען אין זייַן סטודענטן־קאָרפּאָראַציע. קוועלן אָבער אויף אַלץ האַפּטיקער געפֿילן גאָר פֿאַרשטיקטע און צעשוימען אים מיט ברויזיקע מחשבותן.

אַ ווייַנענדיקער סליחות־ניגון וואָס האָט זיך אין דער שטילקייט גע־צויגן פֿון אַ ווייַטלעכן בית־מדרש, האָט זעליגן גוט דערמאָנט אַז הייַנט איז ערב ראש־השנה. אין דער שעה איז שוין זייַן מאַמע געווויס אויפֿן מאַרק, איינע אַליין ביי אירע באַליַעס פֿיש, און שוין דאָ אויך קונים, און עס נעמט גיין דער קאָך. צען יאָר ווי דער טאַטע איז געשטאָרבן, און זי אַזוי שטענ־דיק פֿאַרמאַטערט. זאָל ער, דער איין־איינציקער זון, איר ניט קומען צו הילף אין דעם הייַנטיקן מאַרק?

אויף זייַן דריק אין גלעקל וואַקסט אויס ביי דער קליניקטיר אַ שוועס־טער אין ווייַסן כאַלאַט און מיט אַ ניט־דערשלאָפֿענעם אָנבליק. זי שטייט

אין אַרײַנגאַנג און קוקט אָן פֿאַרברוגזט דעם פֿריִיקן גאַסט מיט זײַן צעעפֿנט מויל און טרייסלדיקע ליפּן. ער וויל אַפּנים וואָס זאָגן, און אָט נעמט ער זיך גאָר ציִען אויף צוריק. ניין, ער כאַפּט ריִטערלעך אַרונטער דאָס פֿאַר־ביקע סטודענטן־היטעלע פֿון קאָפּ, און פֿון זײַן צונג פּלאָנטערט זיך:

— אַנטשולדיקט... פֿרוי ראָזען... זי טאַקע דאָ?.. זען קאָן מען זי?.. האָט זי שוין געבוירן, די פֿרוי ראָזען?

— געבוירן... — זיפּט אַרויס טרוקן די שוועסטער פֿון אירע דרעמל־דיקע ליפּן, און מיט איר ציִען לאַנגזאַם צוריק די טיר מאַכט זי דעם קאָמישן סטודענט אַ באַמערקונג, אַז ניט איצט איז די צײַט צו באַזוכן קראַנקע, און אַז די פֿרוי ראָזען איז נאָך אַ שווערן געבורט און נייטיקט זיך אין אַ שטרענגער רו; אַפֿילו דער מאַן אירער און די גאָר נאָענטע פֿרײַנד זײַנען שוין לאַנג אַוועק... אַ בליק ווידער פֿון דער שוועסטער אויף דעם מענטשן, און זי איז שוין אין ספֿק, צי אָט דער צעפּלויגענער האָט וואָס באַנומען פֿון אירע רייד. גיט זי שוין פֿעסטער אַ צי די טיר, און מיט געבייזער:

— אַנטשולדיקט, האַלט ניט אָן, לאָזט שוין פֿאַרמאַכן!

— דאָס קינד וויל איך זען... — שטעלט ער אויס אויגן אומבאַהאָלפֿן.

— דאָך אַ טויט קינד, אַ מיידעלע געווען... לאָזט שוין אַ מאָל אָפּ די טיר!!

ניט לאַנג בלײַבט ער שטיין פֿאַר דעם פֿאַרהאַקטן אַרײַנגאַנג. מחשבות מער געזעצטע האָבן גענומען אין אים שלאָגן. חדשים־חדשים ווי אים לאָזט ניט אָפּ אַן אָנבליק פֿון נעמין. פֿאַרטראַכט איז זי דעמאָלט געזעסן בײַ זיך אין אַ ווינקל סאַלאָן און אַ טיפֿע פֿאַרלאָרנקייט האָט אַרויסגעקוקט פֿון אירע קאַרשן־אויגן. פּלוצלינג אַ ווונק צו אים, און די ליפּן אין אַ סודותדיקן טרייסל — אין גיכן ווערט ער, זעליג, אַ פֿאָטער...

איז ער אָט אַ פֿאָטער פֿון אַ טויט קינד...

לײַכט גיבן זיך אים אַ טראָג די פֿיס. ער ווייס שוין וווהין ער גייט. אַהיים גייט ער איצט. ווי אָפּהענטיק ער איז, און אויסגעשעפּט. ווערט ער הײַנט זיך אַ ביסל פֿאַרשפּעטיקן מיטן העלפֿן דער מאַמען. אַ דרעמל כאַטש אַ קורצן!..

אין אָרדענונג, געענדיקט!.. — די אָ ווערטער צו זיך אַליין, גיבן יעדע ווײַלע אַ הילך איבער די ליידיקע פּאַרטאָגיקע גאַסן. די אײַליקע טריט זײַנע, ווי זיי וואָלטן פון אים אַרויסגעטרייסלט שטיקער גרויל און אומרו וואָס האָבן אים חדשים לאַנג געפּלאָגט. אָ לעבן אַ גאַנץ האָט דאָך געלויערט אויף אים צו שפּילן אַזאַ פּינצטערע ראָלע — זײַן אַ פרעמדער צו אַן אייגן קינד... אַ טויט קינד, אויסדריקלעך דאָך געהערט פון דער קראַנקן־שוועס־טער. און אפשר זיך אומקערן און טאַקע איבערפרעגן? ניין, בפירוש גע־הערט. קלאָר!.. דער פּײַנלעכער געפיל פון חדשים לאַנג איז פאַר אים איצט ניט מער ווי אַ פאַרפלויגענער קוריאָז, אַ קאָשמאַר וואָס נעמט שוין ווערן פאַרגעסן. זיכער אין אָרדענונג, געענדיקט!..

דער געדראַנג אויפן פישמאַרק ווערט מיטן האַלבן טאָג אַלץ שוואַכער. זעלטן אַ לײַטישע באַלעבאָסטע זאָל ערב יום־טוב אַזוי שפּעט פאַרבלאָנדזשען אַהער נאָך די צענדליקער מאָל אַדורכגעקליבענע און איבערגעוואָרפענע סחורה. זעליג האָט שוין געהאַלטן אין צונויפציִען די לעצטע חשבונות פאַר זײַן מאַמען, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו דאַנקען איר בן־יחיד פאַר זײַן הײַנטיקער מיטהילף. איר טײַערער זון! ווי שיין ער איז און ווי עס קליידט אים זײַן פאָרמע. ווי אַ גענעראַל מאַרשירט ער דאָך אין די טאַבלטעג בראש פון זײַנע סטודענטן! ער איז אָבער אַזוי פאַרטאָן אין זײַן שטודירן, און עס פאַרציט זיך בײַ אים אַזוי לאַנג; ניט פאַר אירע כּוחות אים אויסצוהאַלטן. אויך הײַנטיקע נאַכט, באַדויערט זי, איז ער עס מסתּמא צוליב זײַן לערנען ניט געשלאָפן. ווי פאַרכמורעט ער קוקט אויס!

— פילסט זיך אַ מאָל ניט אין גאַנצן? גיי שוין אַהיים, מײַן קינד; איך קום אויך באַלד.

דער זון אײַלט זיך אָבער ניט מיטן פאַרענדיקן די חשבונות. יעדע ווײַלע פאַררייכערט ער אַ פּאַפּיראָס, און אָט וואַרפט ער ווי פון העלער הויט אַ פראַגע:

— פאַר וואָס, מאַמע, ווערן אַנדערע קינדער געבוירן טויטע?.. בײַ

מײַנער אַ באַקאַנטער פֿאַמיליע איז געבוירן אַ טויט קינד — ווײַל ער שטילן מיט די לעצטע ווערטער דעם אָנקוק דעם פּלאַטערדיקן פֿון דער מאַמען, אויף דער פֿראַגע זײַנער.

צוויי טויטע קינדער האָט די פֿרוי אַליין אויך געהאַט געבוירן, און נאָך איינעם אַ דריטן ניט דערהאַדעוועט. און הײַנט איז ערב ראש־השנה, אַ טאָג וואָס שרעקט אַזוי אויך. הערט זי גאָר פּלוצלינגדיקע רייד פֿון איר איינציק געבליבענעם קינד! אַ קער גיט זי זיך צו דעם פֿאַרוואַקסענעם שכן מיט די שפּיציקע אייגעלעך פֿון דער צווייטער פּישבאַנק:

— הער נאָר, וועלוול, אויף מײַן קלוגן זון! ער איז דאַכט נאָנט מיט אַלע דאָקטוירים, אַז ער איז דאָך אויסגעבונדן מיט די גרעסטע לײַט. איז מיר פֿרעגט ער, פֿאַר וואָס בײַ זײַנע באַקאַנטע איז געבוירן געוואָרן אַ טויט קינד... ער פֿאַרשטייט גאָרניט, מײַן נאַרעלע, אַז אַ מאָל קאָן דאָס קינד זײַן פֿאַר דער צײַט געבוירן, אַ מאָל האָט עס ניט די נייטיקע גע־וויכט; שולדיק קאָן זײַן אויך די הייבאַם; און אַ מאָל איז עס גאָר אַ פֿאַרזעעניש; זאָל זײַן ליבער נאָמען פֿאַרהיטן, און מוחל זײַן, וואָס אַזאַ מפּיל איז גאָר אַ גליק... אַז אַלץ איז אַ גאָטזאַך, און הײַנט איז ערב ראש־השנה!..

אַנדערש צו דעם עניין גייט צו וועלוול. ער לאָזט בכלל ניט אַדורך קיין געלעגנהייט אויף צו כאַפּן אַ שמועס מיט דער פֿרוי קאַראַבעלניק, וואָס איז נאָך אַ ניט־אַלטע אלמנה. איצט אַז זײַן ווײַב איז שוין אין גאַנצן אַוועק אין שטוב אַרײַנצוברענגען דעם יום־טוב, פּרוּווט ער זיך פֿאַרנעמען אויף ברייט, און פֿאַר זעליגן אַרויסווײַזן אויך פֿילאָסאָפֿיע:

— אַז וואָס די נײַן מאָס רייד? די דאָקטוירים די הײַנטיקע וועלן דיר אַלץ זאָגן, דערקלערן געענוי די סיבה... און אַז אַ מפּיל, וואַרפֿן זיי דאָס באַלד אַוועק? אַ קינד אַפֿילו אַ טויט, איז דאָך ניט קיין פֿאַרלעגן פּישל. אָהאָ, איין ריכטיקן קוק דאַרפֿן זיי דיר נאָר געבן, די דאָקטוירים!..

— די דאָקטוירים, די דאָקטוירים... — קרעכצט אַרײַן פֿון דער זײַט אַ ייִדענע — מען זאָל זיי ניט קענען!

זעליגס פֿאַרטראַכטקייט און זײַן אומרויִק שווײַגן קומט אויס וועלוולען

גאָר ווי אַן אויסלאַך פון זײַן פילאָסאָפיע. לאָזט אים שוין ניט אָפּ דער קוראַזש, און ער פאַרנעמט זיך צו אים דאָ צווישן די ווײַבער ווי אַ גלײַכער צו אַ גלײַכן:

— לאָמיר ביידע ריידן, זעליג, אָט ווי אמתע מאַנצבילן. וואָס איז דאָרט געווען, אַ ייִנגל צי אַ מיידל?

— הער שוין זײַנע פראַגעלעך... — צעחנדלט זיך די פרוי קאַראַבעלניק.

— אַ מיידל — טוט אַ וואָרף זעליג און וויל וואָס גיכער אַרויסקריכן פון דעם שאָרסטיקן שמועס.

— ווי, אַ מיידל?.. און זיי מאַכן נאָך אַוודאי, די באַקאַנטע דײַנע, וועגן דעם אַ רייד. מער ניט ווי אַ חרפה, אַ חלשות!.. — וואַרפט וועלוול פינקלדיקע קוקערס אויף דער פרוי קאַראַבעלניק — אָט נאַראָנים פון מענטשן! איז מיט אַ פרויענצימער ווייניקער. מען דאַרף זיי דאָך נייטיק...

אין דעם פײַערדיקן שפּאָר וואָס שפּרינגט דאָ אַרויס צווישן נאָך מאַנצבילן און ווײַבער — שאַרט זיך אַרויס זעליג גאָר אומבאַמערקט. ווידער נעמט ער שפּרײַזן אָן אַ ציל. אַדורך זײַן רוישיקן קאָפּ הוזשען אַוועק אַזוי פיל אָפּקלאַנגען פון גערעדן אויף גערעדן און ווערטער. „אַ קינד אַפילו אַ טויט, איז דאָך נישט קיין פאַרלעגן פישל"... יע, טאַקע אַהין גייט ער איצט, אין קליניק. געוויס, געוויס. ער האָט זיך גאָרניט צו וואַקלען... אין זײַן ווײַטערדיקן וועג נעמט אים שוין פּיקן אַ פראַגע צו זיך אַליין. ווי אַזוי איז עס אים גלײַך־באַלד, אָט הײַנט פאַרטאָג, ווי אַזוי איז אים ניט געקומען אויפן זינען וועגן אָנקוקן דאָס טויטע קינד? און פון וואַנען האָט זיך עס בכלל צו אים גענומען די דערלײַכטערונג?..

דורך אַ זײַטיקן שמאָלן קאָרידאָר פון דעם קליניק קריגט זיך זעליג אַרײַן אין אַ ווינקל פון אַ באַגראָזטן הויף מיט קליינע בנינים אין אַ צווייטן ברעג. אָבער ווער איז דער מענטש וואָס קוקט אים אַזוי נאָך? אַהאַ, דער הויז־שומר, וואָס נעמט פון אים אַ קליינע מטבע און פירט ווײַזן. אָט איז וואָס ער זוכט. פון אַ ווינקל אַרויס אין אַן אָפּגעזונדערטער און טונקעלער קאַמער העלט אַ ווײַס געוויקלט בינטל מיט אַ צוגעלייגטן צעטל: „טויט־געבוירן קינד פון משה און נעמי ראָזען". פון דעם מאַרליע־געוויקל זעט

זיך אַרויס שיטערס קינדיש לײַב. דורך איין באַריר זעליגס האָט זיך צעקוקט אַ שמאָל פֿאַרקאַלכט פּנימל מיט אַ האַנט פֿינגערלעך פֿאַררוקט אין מויל... ער זעט בכלל צום ערשטן מאָל אַ ניי געבוירן קינד. זעלטן ווען ער האָט געהאַט צו טאָן אַפֿילו מיט קליינוואַרג. ער נעמט שפּירן אַ באַ־רויִקונג. שוין נאָך די ערשטע בליקן הייבט אים אָן דאָס גאַנצע באַשעפֿעניש אויסצוזען אַזוי נישטיק, אַפֿילו קאָמיש. לעכערלעך נעמט ער זיך פֿילן אויך אַליין. פֿאַרטאָג האָט ער דאָך גערעדט מיט דער קראַנקן־שוועסטער, און אים איז דאָך גאָר ניט אײַנגעפֿאַלן צו ספֿקן אין אירע רייד — טאָ וואָס אַ שטייגער איז זײַן לויפֿן איצט אַהער, דאָס גנבֿענען זיך ?.. יע, ער גייט שוין צוריק. נאָר אויף געציילטע מינוטן זעצט ער זיך דאָ צו פֿאַררוען. ווי ער איז איצט אַזוי גלײַכגילטיק צו אָט דעם פֿאַרגליווערטן בינטל קעגן זײַנע אויגן! ער זוכט אויף זײַן שפּיגעלע און נעמט זיך געשווינד צו רעכט מאַכן דעם שניפּס און פֿאַרקאַמען זײַנע צעשויבערטע האָר. אָט שוין גייט ער.

זײַן אומדערוואַרטע גלײַכגילטיקייט גיסט זיך ביי אים גלײַך אַריבער אין אַ שפּילעוודיקער אויפֿגעלייגטקייט. יע, אַלץ אין אָרדענונג, געענדיקט. ער איז אַזוי פֿעסט זיכער אין זײַן באַרויִקונג, אַז שוין אין נעמען גיין קומט אים אויף אַ גאָר טשיקאַווער געדאַנק. ממש איבערצײַגן וועט ער אָט זיך אַליין אין זײַן פֿולקומער גלײַכגילטיקייט. מיט זײַן געניטקייט פֿון דורות מאַרקפּישער און דאַרפֿהענדלער איז ער אַ בעלן אַ פּרווו צו טאָן אין דער האַנט אַרײַן דאָס געוויכט פֿון דעם קינד. ער וועט שוין טאַקע אויך גענוי אָנקוקן, צי איז ניט קיין קריפּל... שוין דער אײַנפֿאַל אַליין גיט אים מוט. און ער איז ווידער בײַם העלן בינטל. שנעל טוט ער אַ הייב דאָס נפֿל, און פֿאַרוואַרפֿט אויפֿן אָרעם.

מיטן באַרירן דאָס קינד האָט אים מיטן אויגפֿינטל דורכגעבערענט אַ גאָר אומבאַקאַנטער שטראָם. אים האָט געהיצט און געשניטן צוזאַמען. צעשפּרונגען איז אין אים יעדער מוסקל. די אויפֿגעטרייסלטע הענט טוליען אַזוי פֿאַרזיכטיק דאָס קליינע באַשעפֿעניש צו זײַן האַרצן. זײַן קאָפּ האָט זיך גליִעוודיק איבערגעבויגן און אַרײַנגעשטעלט שפּריציקע אויגן אין

דעם קליין פּנימל. לאַנג שטייט ער נאָך מיטן קינד אומבאַוועגט. און אָט נעמט ער זיך מיט אים נענטערן צו דער טיר, צו פרייַער לופט, צו מער ליכט. צווישן אים און דעם נפש, האָבן פון איינעם צום צווייטן העליש־צאַפּלדיק געגומען צירקולירן קנוילן געפילן, און פון רגע אַלץ שטאַרקער דער פיבער. די הויכע שלייפן און טיפע אויגנלעכער פון דעם פאַרגליווערט באַשעפעניש האָבן אין אים געוועקט זייַן אייגענעם אָנבליק, וואָס האָט אָקערשט צו אים אַזוי ענלעך אַרויסגעקוקט פונעם שפּיגעלע. מיט זייַן ווייַטערדיקן בויערנדיקן בליק האָט זיך דאָס פּנימל געגומען אַזוי הערלעך צוזאַמענגיסן מיט די ברייטע באַקנפּעלדער פון נעמין און מיט איר געטאָקט נעזל. האָט דאָס אַלץ כאָטש אויך באַמערקט די מאַמע פון קינד? ווי זעט מען זי איצט, די „פרוי ראָזען״?..

ער פאַרגעסט ניט, אַז דאָס קינד איז טויט, און אפשר נאָך איידער עס האָט באַוויזן אַ שלאָג צו טאָן מיט אַן אָטעמצוג אויף דער ליכטיקער וועלט, איז שוין דאָס חיות געווען פאַרפלויגן. זייַנע צעשפּוזשעטע הענט נעמען אָבער פּוצן דאָס נפל. ער הייבט וואָס מער אַרויס דאָס שיינע קעפּל און שלייערט מיט דער מאַרליע. די פינגערלעך נעמט ער צערטלעך אַוועק פון דעם מייַלכל און לייגט צוזאַמען די ביידע הענטעלעך אַריבער דעם געוועב. ער מאַכט עס אַלץ בייַ אַן אונטערוויג פון זייַן אָרעם און מיט אַ קוועלי־קער קנאַקערייַ פון צונג און מיט אַ טיפן אָנשמייכל. דאָס פאַרגליווערטע גופל האָט זיך צו אים מיט דעם פאַרשטאַרטן אויסדרוק אַזוי געטוליעט. כוואַליעס זשומעוודיקע קלאַנגען טראָגן זיך אַדורך זעליגן, צעפּישטשען זיך אויף אַזוי פיל אָנציִעוודיקע טענער, און שושקענען ליבלעך, קיצלדיק: טאַ־אַ־טע, טאַ־אַטע...

ווי אַ היימלאָזער אין חושכדיקן שטורעם איז ער געשטאַנען אומבאַ־האָלפן מיטן קינד אויף דער האַנט, געטוליעט אַלץ פעסטער צו זייַן קאָנ־ווולסיווון קערפּער. ער פילט דאָס קינד זייַנס. יעדער שטומער גליד איז אַ גרויס אייַנרייַסנדיק געבעט — לעבן!.. קינד! הערלעך שטראַלט גאָלדע־נער דרויסן אויף דייַן צאַרטן לייַב, עס פּלייצט מיט לעבן פון יעדן שפּאַן; דיר אָבער ניט קיין זאַפּ אָטעם, קיין טריף שייַן. קינד מייַנס, „טויט־

געבוירן קינד פון...״ — נאָר אָט דעם טיטל און אַ פרעמדן טאַטן האָט דיר דאָס לעבן באַוויליקט. דער בלוטיקער טאַטע דײַנער קוקט דיך אָן נאָר בגנבה. פאַרשאָלטן לעבן!..

נישטיק, צעבראָכן און פול מיט יִאוש ציט ער זײַן וועג צוריק. דאָס האַרץ און ליפּן פאַרפּרעסן זיך מיט דעם מוראדיקן סוד. און פאַר די אויגן — אַ מײַלכל מיט פינגערלעך.

1938

# כּיבּוד

**צאַ־צע, קוואַ־קוואַ**

די ערשטע פרילינגטעג אין ליטע, נאָך דעם שווערן ווינטער, ווי זיי ציִען צום פרישן דרויסן, צו דער זון! פויל קערן זיך צוריק די תּלמידים אין זייערע קלאַסן אַרײַן נאָך דער הפסקה. פאַלט ניט לײַכט אויך די לערער פון דער תּרבות־שול מיטן אַרײַנפירן די חברה ווידער אין די לעקציעס. אַ טומל טראָגט זיך איבערן קאָרידאָר פון איינעם אַ קלאַס. דער לערער האָט זיך שוין אין די ערשטע שעהן געפילט ניט גוט און איז איצט אַוועק אַהיים. אַ באַזונדערע שטימונג כאַפּט אַרום די שילער מיטן באַוויַיזן זיך פון לערער יצחק סאַפּיר, וואָס אין זײַן פרײַער שעה איז ער עס אַרײַן צו פאַרנעמען זיך מיט זיי. מיט דעם אָ לערער ווילט זיך דאָ טאַקע ניט איינעם פון די קינדער אַ שמועס צו טאָן.

עברית איז די לערנשפּראַך פון דער שול; אַלץ ווערט דאָ געלערנט אין דעם לשון. די תּלמידים זײַנען אויך אַרײַנגעצויגן אין די ציוניסטישע יוגנט־קרײַזלעך. עטלעכע ייִנגלעך און מיידלעך פון דעם קלאַס זײַנען שוין מדריכים פון גרופּעס גאַנצע. האָט דאָ חברה איצט אַ געלעגנהייט אָנצוציִען מיט דעם גאַסט. פון זײַנע ביכער האָבן זיי געלערנט עברית און ער שרײַבט אויך אין העברעיִשע זשורנאַלן. אין דעם קלאַס אָבער וואָס ער איז אַ מחנך, האָט ער לעצטנס גאָר אָרגאַניזירט אַ פרײַוויליקע גרופּע שילער און ער לערנט מיט זיי אַ באַזונדערע שעה ייִדיש. האָבן זיך אָט צו אים

אַ הייב געטאָן הענט מיט פּראַגעס. און איין תּלמיד שיסט באַלד אַרויס:

— מורה, זשאַרגאָן איז אויך אַ שפּראַך?..

— אַז גאָר אָן אַ גראַמאַטיק... — גייט שוין ווײַטער דער שטראָם.

— אונדזער מחנך דאָ אין קלאַס זאָגט, אַז יידיש וועט שוין בכלל לאַנג ניט האַלטן.

נאָך אַ תּלמיד איז שוין טיפער און זײַן עברית — רײַך און באַצירט:

— מורה, די תּלמידים פון אײַער גרופּע טענהן, אַז אונדזער פאָלק האָט עס געשאַפן דאָס יידיש און אין דעם אַרײַנגעגעבן זײַן באַזונדערן אייגנאַרט, און דערפאַר מוזן מיר דאָס לשון האַלטן טײַער... וואָס פאַר אַ באַזונדערקייט, למשל, איז אין די ווערטער „פוס", „מויל", „טיש", אָדער אַ ביין, אַ שטיין? די מושׂגים זײַנען דאָ אויך אין אַנדערע לשונות.

פון דעם אַרויספאַל מיט פראַגעס הערט שוין סאַפיר אַרויס, אַז אין די יוגנט־קרײַזלעך ווערט טאַקע באמת גערעדט וועגן דעם יידיש־לערנען מיט די תּלמידים פון זײַן קלאַס; און עס בורטשען אונטער לערער אין דער שול, און אויך אַנדערע עלטערן אין די היימען... לאַנגזאַם צום טאָוול גייט ער צו און שרײַבט אָן מיט קרײַד: דריסת־רגל, פּיתחון־פּה, שולחן־ערוך, כּל עצמותי תּאמרנה, אבן מקיר תּזעק... אויך „רגל" אַליין, אַ פוס, דער־קלערט דער לערער, און די אַנדערע איינצלנע ווערטער האָבן אַן אַלגע־מיינעם באַטײַט. די פורעמונגען אָבער, ווי דריסת־רגל און די אַנדערע, אָדער די אויסדרוקן כּל עצמותי תּאמרנה, יעדעס גליד אין מיר זאָגט, אָדער אבן מקיר תּזעק, דער שטיין פון דער וואַנט שרײַט — די האָבן שוין אַ באַזונדערקייט. דאָ פילט זיך שוין אַ שאַפונג פון דעם פאָלק וואָס די ווער־טער לעבן אין זײַן שפּראַך. אויך אין דעם „זשאַרגאָן" זײַנען דאָ שפּראַכ־לעכע אייגנאַרטן וואָס זײַנען געשאַפן אין אונדזער פאָלק דורך הונדערטער יאָרן, ביז אונדזערע טאַטע־מאַמעס...

סאַפיר פאַרשטייט גוט, אַז דער גאַנצער קלאַס קאָן דאָ ניט זײַן פאַר־אינטערעסירט מיט די שפּראַך־הסברים, וואָס ער לאָזט זיך אין זיי אַלץ טיפער אַרײַן. פון דעסטוועגן איז ער דערשטוינט פון דער פלוצלינגדיקער טומלעניש וואָס גיט זיך אַ טראָג פון די הינטערשטע בענק. די פײַערדיקע

באַק פון איין תּלמיד דערציילט שוין אַליין, פון וואַנען אַ פּראַסק האָט עס פּאַר אַ ווײַלע אַזוי אָפּגעקלונגען... שפּרינגט דאָרט אין ווינקל אויף אַ צעוואַקסענער יונג:

— צאַ־צע... צאַ־צע... מורמלט ער הינטער מיר; האָט ער באַקומען זײַניקס!

— און דו אַליין: „קוואַ־קוואַ״!.. — גיט זיך אַ שטעל דער געפּאַטשטער.

סאַפּיר פֿאַרבײַסט די ליפּן און זעט אָפּצוהאַלטן אַנדערע תּלמידים פון זייער רוגזה, און אַנדערע האַלט ער אָפּ פון זייער געלעכטער, און נאָך אַנדערע פון זייער רוגזה און געלעכטער צוזאַמען. עס לאַכן די קינדער פון דעם „השומר הצעיר״־קרײַזל, אָבער זיי זײַנען אויך צערייצט פון דעם צאַ־צע, וואָס מיינט זייער צונעמעניש — השומר־הצאַצע. און דער קוואַ־קוואַ ברענגט אויף די קינדער וואָס געהערן צו די רעוויזיאָניסטן, די פּאַרטיי פון זשאַבאָטינסקי, וואָס האָבן אויך אַ צונעמעניש זשאַבעס... די פֿאַרשאַרפטע באַציִונגען צווישן די פּאַרטייען, ווי שעדלעך זיי זײַנען, און גאָר באַזונדער פֿאַר דער יוגנט — נעמט דער לערער דערקלערן. הייבט זיך שוין אַ האַנט פון אַ תּלמיד, וואָס זײַן לעבעדיק שמייכל רופט באַלד אַרויס סאַפּירס דער־לויבעניש צום ריידן.

— מורה, די צונעמענישן פון די פּאַרטייען, און פון די קרײַזלעך אײנע אויף די אַנדערע, זײַנען אויך אַ פֿאָלקס־שאַפונג... איך קען מאַכן אַ רשימה פון וויפל צונעמענישן!..

וואַרפט זיך שוין סאַפּיר מיט אַ ברייטערן דערקלערן פון דעם באַגריף פֿאָלקסשאַפונג. וואָרנט אים אָבער באַלד דער זייגער, וואָס גיט אַ ווײַז אַז אָט־אָט איז שוין די הפסקה. פֿאַלט אים אײַן אין דער אײַלעניש גאָר אַזאַ פֿאָרלייג:

— תּלמידים, אָט גייט פּסח. יום־טוב וועלן אויך צו אײַך אין דער היים קומען מענטשן צו גאַסט, און מען שטעלט לכּבוד זיי כּיבוד, און מען בעט פֿאַרזוכן; און מען זאָגט אויך מבינות... טאָ לייגט צו אַן אויער און הערט זיך צו גוט צו די באַזונדערע ווערטער און ווערטלעך און באַמער־

קונגעץ וואָס פאַלן דערביי. וועט איר וואָס אויפכאַפּן, בין איך גרייט מיט אייַך ווידער צו שמועסן.

מיטן הפסקה־גלעקל איז די שטימונג אין קלאַס גאָר געהויבן. חברה רינגלען אַרום דעם לערער, קוקן אים אין פּנים אַרייַן און ווילן אַרויסהאָבן, צי מיט זייַנע לעצטע רייד האָט ער טאַקע געמיינט ערנסט. שמייכלט צו זיי סאַפּיר, און זייַן בליק זאָגט: יע־יע, טראַכט אַרייַן, קינדערלעך, פּרובירט!..

## פאַרשעמט ניט

אין דעם ערשטן טאָג נאָך די פּסח־וואַקאַציעס האָבן שוין תּלמידים פון דעם קלאַס גענומעןריידן מיט זייער מחנך, ער זאָל פאַרבעטן צו זיי אויף אַ שעה דעם לערער סאַפּיר. עטלעכע תּלמידים זייַנען שוין אין דער פרי אויך געלאָפן אַקעגן סאַפּירן מיט אַ ליכטיקן שלום און מיט דער פראַגע, ווען קומט ער צו זיי.

קוים דערוואַרט סאַפּירן, האָבן זיך אין דעם קלאַס אַ הייב געטאָן הענט פון די רייען תּלמידים. יע, זייערע אויערן זייַנען געווען אָפן ביים אויפ־נעמען יום־טוב די געסט אין זייערע היימען. ווילן זיי שוין לאָזן הערן!..

סאַפּיר איז אָבער ניט געאייַלט און נעמט אַרייַנטראָגן אַן אָרדענונג אין דער התלהבות. ער הייסט די תּלמידים זיך אַרייַנטראַכטן אין דעם וואָס זיי ווילן דאָ זאָגן, און צום ערשטן וועלן גערופן ווערן נאָר די וואָס ווייסן איבערצוגעבן דאָס בעטן צום כּיבוד.

ווי אַזוי איר מאַמע האָט זיך געווענדט צו די געסט, דערציילט אַ געוויקסיקע תּלמידה מיט בלאָנדע צעפּ, און זי שרייַבט אָן די ווערטער אויפן טאָוול:

— זייַט מוחל, צום טיש!

— זעצט זיך שוין אַלע, טוט אונדז אָן דעם כּבוד! — שרייַבט אָן באַלד מיט האַסט אַ ברונעטער ייִנגל.

דעם תּלמיד האַלט אָבער אָפּ סאַפּיר ביים טאָוול; מיט אים האָט ער נאָך וואָס צו ריידן. צוויי ווערטער ענדערט דער לערער אין אויפגעשריבע־

נעם זאַך, און עס קומט אַרויס: זעץ זיך שוין אַלע, טוט אונדז אָן די כּבוד!..
ברעכט אויס אַ געלעכטער אין קלאַס, און דער יינגל שטעלט אויס אַ פּאָר
אויגן:

— מורה, דאָס קלינגט דאָך מאָדנע!..

— האָט שוין יידיש יע אַ גראַמאַטיק?.. — דערמאָנט סאַפּיר דעם
תּלמיד זיין טענה אין דעם פאַריקן שמועס, אַז יידיש האָט ניט קיין
גראַמאַטיק...

ביי דער הייטערקייט נעמט איינער דערציילן און שרייבט אויף, ווי
זיין טאַטע האָט זיך צו זייערע לומדישע געסט געווערטלט מיט אַ פּסוק:

— „וסעדו לבכם אחר תּעבורו", אַקאַרשט צובייסן, נאָך דעם די
עבירות, דאָס ריידן דברים בטלים און לשון־הרע...

גאָר לעבעדיק ווערט אין קלאַס מיטן לערערס אַריבערגיין צו דעם
איינריידן די געסט, זיי זאָלן זיך ניט לאָזן בעטן און געניסן פון כּיבוד.
תּלמידים האָבן זיך היימלעך געצויגן צום טאָוול, און געוואָרן איז אָנגע־
שריבן: פאַרזוכט!.. שמעקט אָפּ!.. זאָגט כּאָטש מבֿינות!.. צו אייערע
פּאַטראָוועס קומט עס טאַקע ניט, אָבער!.. פאַרשעמט ניט דעם טיש!.. איר
מוזט שוין אָפּקומען!.. איר וועט זיך חלילה ניט פאַרסמען!.. ווען מיר אויך
ביי אייך ניט פאַרזוכן!.. איר וועט אונדז ניט אָפּעסן די ביינער!..

וויל אַ מיידל מען זאָל וויסן, אַז איר טאַטע האָט געלערנט אין אַ
ישיבה; גיט זי איבער פון זיין וויצלען זיך ביים כּיבוד:

— „ואכלת את שלל אויביך", און דו זאָלסט עסן דעם רויב פון דיינע
פיינד, מאַכט רש"י: בעת דו ביסט צו גאַסט...

גיט זיך שוין אויפן לאַנגן ברייטן טאָוול אַ שאָט דאָס שפּאַסיקע לשון
פון די טאַטעס: נו, הייבט שוין אָן די אַטאַקע!.. פאַרטרייבט דעם הונגער!..
שניידט (מיט) דין און עסט מיט רחמים!.. ראַבירט, ראַבירט!.. עסט, מיין
האַרץ; עסט, מיין לעבן!..

מיט די ווייזערס פון זייגער גייט שטרענג די לעקציע פון אַ לערער.
טייל מאָל קריכן אָט די ווייזערס מוראַדיק לאַנגזאַם, אַז ניט צו דערוואַרטן
ענדע שעה. דאָס מאָל זיינען זיי ביי סאַפּירן ממש געפלויגן. באַדויערט ער

פאַר די תּלמידים וואָס ער מוז מיט זיי איבערלאָזן די נאָך און נאָך ווערט־לעך וואָס רײַסן זיך בײַ זיי פֿון די שפּיץ צינגער און פֿינגער, צום לאָזן הערן און אויפשרײַבן. געוויס־געוויס האָבן אויך די געסט ניט געשוויגן, און געוואָרפן שבחים דער באַלעבאָסטע. און דאָס געזעגענען זיך איז געווען מיט באַזונדערע ברכות און פאָרבעטונגען אויף צוריק... אין די געציילטע מינוטן אָבער וויל ער נאָך, דער לערער, אַז דער קלאַס זאָל וואַרפן אַ בליק אויף די אַלע ווערטלעך וואָס קוקן אַרויס פֿון טאָוול און ריידן און דערציילן פֿון אַ שפּראַך מיט דורות אויסגעפֿורעמטע אויסדרוקן...

שוין מיטן קלונג פּרוווט נאָך סאַפּיר פּאָרצולייגן צו געבן אַ פּאַסיקע איבערשריפֿט איבער דעם אַלץ וואָס איז אויפֿגעשריבן. אַ ייִנגלישע האַנט צעפּלאַטערט זיך גיריק. פֿון דעם אָ תּלמיד האָט דער לערער באמת שוין פֿון פֿריִער וואָס געוואַרט. ווי נאָר אויפֿן טאָוול איז געוואָרן אויפֿגעשריבן „פֿאַרשעמט ניט דעם טיש!" — איז זײַן בליק צוגעשמידט צו דעם זאַץ. זײַנע פֿלאַמיקע שוואַרצע אויגן, ווי זיי שפּיגלען זיך און בליצן מיט אַ טיש אויסגעשטעלטע מחיהדיקע מאכלים, וואָס בעטן זיך, מאָנען, אַפּעלירן... אויף זײַנע שפּיץ פֿינגער הייבט ער זיך בײַם טאָוול העכער־העכער, און גאָר אויבן שפּילט אַרויס דאָס ווײַסע קרײַד פֿון זײַנע לאַנגע שטראַליקע פֿינגער:

„פֿאַרשעמט ניט דאָס פֿאָלק!"

1970

# אָבער נאָך בעסער

לײדיק איז דער קלאַס. שטיל אויך איבער דעם גאַנצן קאָרידאָר. אין דער רײ צימערן לערנען די תּלמידים פֿון דעם אַכטן שוליאָר. זײַנען זײ אַלע מיט אַ שעה צוריק אַוועק אין אַ דערבײַיִקן גאָרטן צום אַרבעטן און צו באַקומען ידיעות אין ערדאַרבעט. אײנע אַלײן זיצט די לערערין שפּרה בײַ איר טיש אין קלאַס און שרײַבט אַרײַן אין די שול־זשורנאַלן, פּילט אויך אויס אַן אַנקעטע און קוקט דורך צירקולאַרן — אַלץ אַן אַרבעט וואָס זי קען ניט מאַכן אָן אַ צונויפֿנעמען זיך און אָן פֿולקומער שטילקייט. דער לערערשער טיש אָבער און די זשורנאַלן וואָס זײַנען דאָ פֿאַר אירע אויגן — די אָ קלאַסן־אָביעקטן לאָזן זי אויך ניט אין רו. יעדע ווײַלע גיט זיך פֿון געוווינהייט אַ הייב איר קאָפּ און דורך די ברילן־גלעזער נעמען זיך וואַרפֿן שטרענגע בליקן איבער די בענק, שורה נאָך שורה, און איר געהער אין אָנשטרענג אויפֿצוכאַפּן נאָר אַ רויש, אַ שושק. און דאָך פּילט שפּרה אַז דאָ גייט בײַ איר די אַרבעט ניט שלעכט. אין דער היים דערשלאָגט זי די שטילקייט וואָס איז אָנגעלאָדן מיט עלנט, פּײַן און פֿאַרביטערניש. און נאָך מער רעגן זי די קרעכצן וואָס טראָגן זיך מיט אַ טיפֿער כּליפּערײַ פֿון דער מאַמעס צימער.

חרוב איז די וועלט פֿון דער אַלטער. איר אײן־אײנציקע טאָכטער האָט נאָך ניט חתונה געהאַט! יאָרן נאָכאַנאַנד האָבן זיך די רייד אירע כּמעט שטענדיק געדרייט אַרום אַ שידוך; זען די טאָכטער אונטער דער חופּה!

קיין צען יאָר איז נאָך ניט געווען שפרה, פלעגט שוין די מאַמע אויפשפּרינ־
גען ביים דערזען געבליבענע זופּ אין איר טעלער. דאָס קינד וועט שוין
בלייבן אַ ברעקל שאַרבן, איז געווען איר טענה, און קיין יינגל וועט זיך
אויף איר אַפילו ניט וועלן אומקוקן... וואָס אַ יאָר ווייטער, האָט די מאַמע
נאָר געוואָלט וויסן, צי איר טאָכטער טרעפט זיך מיט בחורים. און האָט
זי באַמערקט אַ מאַנצביל אין דער געזעלשאַפט פון שפרהן, איז ביי איר
גלייך אַוועק אַן אויספאָרשונג וועגן דעם מענטשן; וויסן האָט זי געדאַרפט
אַלע פּרטים. דער טאָכטער גופא פלעגט זי ניט אויפהערן טרייבן צו איני־
ציאַטיוו, זיך נעמען אין די הענט, און דער עיקר ניט צו זיין גלייכגילטיק.
וואָלט דער מאַן נאָך געלעבט, פלעגט זי צוגעבן, וואָלט ער שוין געוווּסט
ווי ריכטיק צו וואָרענען זיין קינד פון גרויסהאַלטעריי און פון פאַררעכענען
זיך... יאָרן זיינען ווייטער געגאַנגען, און די מאַמע האָט גענומען אַלץ אָפטער
אַרויספלאַצן מיט געשרייען. פלעגן דיביידע אָפּווייגען גאַנצע נעכט. לעצטנס
איז די שטוב שוין דערדריקט פון אַ מרה־שחורה און וויסטן ייאוש.

אַ היפּערדיקער שאָרך גיט אַ קער דעם קאָפּ פון דער לערערין צו דער
טיר פון קלאַס. איז ווער אין קאָרידאָר? די קלאַסן אַרום זיינען דאָך אַלע
פאַרשלאָסן. זאָל זי, שפרה, שוין זיין אויך באַהערשט פון אויסדאַכטענישן?..
יע, טריט. לייכטע טריטעלעך. נענטערן זיך לאַנגזאַם צו דער טיר. דורך
דער שליסללאָך קוקן געוויס אַריין אויגן. און אָט, ווידער די טריטעלעך,
ווייטערן זיך, שנעל־שנעל...

— ניצה, ניצה!.. — צעהילכט זיך שפרה איבערן קאָרידאָר צו אַ
מיידעלע אַ מאָגער און קליינוווּקסיק, וואָס אַנטלויפט מיט אירע דינע
פיסעלעך.

אומבאַנעמלעך וואַרפט די לערערין פאַרשנדיקע בליקן צו דער צוועלף
יאָריקער מיידעלע וואָס נענטערט זיך אויף צוריק מיט קווענקלדיקע טריט.
אַ תלמידה איז זי פון זעקסטן קלאַס, וואָס געפינט זיך אין דעם צווייטן פליגל
פון דער שול. די לימודים זיינען שוין דאָרט געענדיקט. און אַלע תלמידים
געוויס צעגאַנגען. ווי מבולבלדיק שטאַמלט אַרויס די קליינע:

— דובי, שוין שפּעט... מען לערנט ניט?.. דובי שוין...

דובי איז ניצהס אַ קוזין און עלטער מיט אַ צוויי יאָר. זיי וווינען אויך אין שכנות. פון דעם טאָג ווי די קליינע האָט גענומען לערנען אין ערשטן קלאַס קומט דובי אין דער שול מיט איר צוזאַמען. ביז צו דער טיר פון איר קלאַס פירט ער זי צו. שטענדיק האַלט זי אים פעסט ביַי זיַין ברייטער האַנט, וואָס טראָגט ליַיכט אויף איר פּאָרטפעל. איז ניצה ניט געזונט, פאַרפעלט ניט דער גרויסער קוזין אַריַינצוגיין יעדן טאָג אין איר קלאַס און אויספרעגן וועגן די לימודים, כּדי ער זאָל מיט איר אין שטוב איַינלערנען און זי זאָל אויך וויַיטער זיַין אַן אויסגעצייכנטע תּלמידה. אין שול גופא איז ער איר פאַרזאָרגער פון אַ בליַיער און העפט ביז אַ בוך, און אויך מיט געלט. אָפט זעט מען ווי ער פרעגט זיך נאָך ביַי תּלמידים פון ניצהס קלאַס אויף איר אויפפיר, און צי האָט זי אין דעם טאָג אויך גוט געקענט די לימודים. אַנדערע לערער מיינען אַז דיביידע זיַינען אַ ברודער און אַ שוועסטער. און די תּלמידים היטן זיך פון פאַרטשעפּען זי. זיי קענען שוין גוט דעם הויכן דובין מיט זיַינע שטאַרקע ידיים... קוקט אָן איצט שפרה דאָס מיידעלע און וווּנדערט זיך:

— ניצה, צו דער אַ טיר קומסטו דאָך אַפילו עטלעכע מאָל דורכן טאָג, און דאָ אין קאָרידאָר רעדסטו מיט דובין, עצהסט זיך מיט אים, און סודסט זיך; און שטענדיק ווייסטו געענוי די מינוט וואָס ער דאַרף זיך באַוויַיזן פון קלאַס... האָסטו גאָר מיט אַ מאָל פאַרגעסן, אַז היַינט, דינסטיק, נאָך דער פערטער שעה איז דער גאַנצער קלאַס אויף עבודת־אדמה, און ניטאָ דאָ דובי...

— ניט דובי... איך זוך אים ניט... דובי איז שוין ניט גוט צו מיר... נורית!..

מיט אירע צוויי קורצע און אויסגעדאַרטע אָרעמס גיט שפרה אַ ציַ די מיידעלע און פירט זי אַריַין אין צימער אינעווייניק. ביידע צעזעצן זיי זיך אויף די תּלמידים־שטולן, איינע קעגן דער אַנדערער. טשיקאַווע ביז שפּאַ־נונג איז זי, די לערערין; בייז אויף זיך אַליין... דובי און נורית, ביידע פון איר קלאַס, פירן צווישן זיך אַ פריַינדשאַפט — האָט זי עס גאָרניט גע־מערקט! אַ בילד שיינעם און צאַרטן יינגל, אַזאַ ווונדערלעכן תּלמיד, האָט

געקאָנט צוציִען אַ צעוואַקסענע, רויטבאַקיקע און פּעטע מויד, און אַזאַ טעמפּע... הייסט עס, אַז איר, שפרהן, דינט שוין ניט דאָס שאַרפע אויג און די געשיקטקייט אירע צו דערשמעקן אויך אַזעלכע אַ ראָמאַנען אין זייער קלייען זיך... ביַי דער פאַרלאָרנקייט פון דער תּלמידה, פאַרוואַרפט זי איר אַ כּלומרשט פראַגעלע:

— דובי? ער איז דאָך דיר איבערגעבן, זאָרגט אַזוי פאַר דיר... וויפל מאָל האָב איך געמערקט ווי ער לויפט אין די הפסקות און וויל נאָכזען צי דו האָסט אויפגעגעסן אַלץ וואָס מען האָט דיר פון שטוב מיטגעגעבן. נעכטן אין דער פרי איז ער אַריַינגעקומען אין לערער־צימער און גערעדט מיט דער לערערין שׂרה, די דערציִערין פון דיַין קלאַס. געבעטן האָט ער צו ווירקן, אַז דו זאָלסט נעמען עסן מערער און ניט בראַקירן קיין מאַכלים. ער האָט באַדויערט וואָס דו ביסט אַ שוואַכינקע און שרעקלעך מאָגער...

— נעכטן גערעדט מיט דער דערציִערין, אין דער פרי, דובי... — ברייטערן זיך די אַפּלען פון ניצהס ברוינע אויגן און איר שטים פאַרגייט אין אַ הייזער, שטיקט זיך, און די ווערטער באַקומען זיך ווי אַ צוגאָב צו דער לערערינס — אין שול אין דער פרי... און פאַר נאַכט, מיט די צוויי קאַרטן וואָס ער האָט געווונען פון די ראַדיאָ־רעטעניש, האָט ער אין טעאַטער מיטגענומען נוריתן, אָט נעכטן...

געבראָכן וואַרפט זיך איר בליק צו דעם אָרט ווו דובי זיצט שטענדיק אין קלאַס. נאָך אַ דריקנדיק שוויַיגן:

— דובי איז טאַקע צו מיר גוט, אָבער זאָגט אים, לערערין, ער זאָל זיַין צו מיר נאָך בעסער; איַיך וועט ער פאָלגן...

גערירט איז שפרה, און עס נעמט זי דורך אויך אַ קינאה. די תּמימות און ליַיכטגלייביקייט פון די קינדעריאָרן!.. אירע פאַרבאַקענע ליפּן ביַיסן זיך איַין אין ניצהס, און טרערן ברענענדיקע פאַלן אויף דעם קליינעם שטערן. באַלד וואַרפן זיי זיך ביידע אויף די פאַפּירן און העפטן און ביכער וואָס אויף דעם לערערטיש און אַלץ ווערט אַריַינגעשליַידערט אין איין געמיש אין דעם אַלטן און אָפּגעבליאַקעוועטן פאָרטפעל פון דער לערערין.

פעסט דריקט די צעקוואַרטע האַנט פון דער לערערין אין דעם קליינעם ביינערדיקן אָרעם פון דער שילערין. מיט זייער יעדן טראָט פאַרגייט שפּרהס האַרץ אַלץ שאַרפער אין אַ ווייטאָג איבער דעם דריבנעם גופל מיט די אײַליקע און אונטערשפּרינגענדיקע פיסעלעך. זי זעט שוין די גרויליקע נעכט, ייִאושדיקע און ביטערע, וואָס לויערן אויף דעם יונגן לעבן. און מסתּמא אויך אַ מאַמע מיט אַ קרעכצערײַ, און מיט בייזערדיקן מוסר פאַר גרויסהאַלטערײַ און אומפשרהדיקייט, און וואָרענישן פון ניט פאַרשטיין דאָס לעבן — די פאַרשאָלטענע ווירקלעכקייט.

1962

# „נייע אייראָפּע"

**לעבעדיק, פריילעך!**

— גריף!.. ריפף!.. פפף!!..

דער איבערררוף פליט פון גראָבן צו גראָבן, פון די בעטאָן־מישער צו די רעלסן־טרעגער, צינדט אָן העליש אין די ייִדן אַ פּחד און נעמט זיי יאָגן ווילד אין דער אַרבעט. יעדער באַזוך פון גריפּן, פון אָט דעם קליינוווקסיקן און אײַנגעקוואַרטן, וואָס איז אָבער גאָר אָנזעעוודיק מיט זײַנע ראַנגצייכנס פון אַ העכערן עס־עס — וואַרפט אַרײַן אין אַ פּאַניק דעם גאַנצן אַרבעטס־פּלאַץ. און אַן אומרו באַנעמט אַפילו זײַנע אייגענע דײַטשע קאַפּאָס. זײַנען גאָר קנאַפּ באַגײַסטערט אויך די מײַסטערס. וואָס לענגער ער דרייט זיך דאָ אַרום, ווייסן זיי, ווערן די קאַצעטלער אַלץ מער אויסגעשעפּט, און נאָך זײַן אַוועקגיין פאַלן זיי אין גאַנצן פון די פיס. העלפט שוין דעמאָלט אויך גאָר שוואַך דער שטאָק, און אויס מיט אָרדענונג!

— הײַטער, לעבעדיק, פריילעך!.. — רײַסן זיך שוין איבער דעם פעלד פון אַלע זײַטן העלדזער פון די קאַפּאָס, וואָס פלײַסן זיך יעדער איינער אין אויסזינגען וואָס הילכיקער די באַליבטע ווערטער פון דעם מעכטיקן הערשער, און גאָר אומזיסט זײַנען די שטאָקן זייערע פאַרמאָסטן איבער די פּלייצעס וואָס ברענען אַזוי אין דער אַרבעט.

די פריילעכקייט פון דעם שטורמבאַנפירער איז אין לאַגער גוט באַקאַנט. ניט ווייניק זײַנען די קרבנות פון זײַנע רישעותדיקע אײַנפאַלן. אויפגע־פרעסן איז ער באַזונדער פון זײַן קורצן וווקס, וואָס איז צו שפּאָט אויך בײַ

זייַנע אונטערגעאָרדנטע עס־עס; „דרעקל" רופן זיי אים אין דער שטיל צווישן זיך. און ווי מען האָט אים אונטערגעטראָגן, קוויקן זיך גאָר באַזונדער מיט דעם צונאָמען — די קאַצעטלער... שפּירט זיך זייַן גיפט אויף יעדן טראָט, און אַ ליכט איז אין די אויגן אַז ער רינט שוין אויס און לאָזט זיך אָוועק מיט זייַנע אינספּעקציעס איבער די אַנדערע לאַגערן און נאָך אַנשטאַלטן פון די עס־עס... פאַלט ער אַהער ווידער אַרייַן, איז ער באַלד בייַ די אַרבעטספּלעצער. אים טראָגט פון שטעל צו שטעל, און די מענטשן דערזעען שוין דעם גאַסט... אויך הייַנט וואַרפט ער זייַנע ערשטע ווערטעלעך צו די קאַפּאָס. פאַרכמורעט זעען זיי אים עפּעס אויס. אַנטשולדיקט ער זיך, וואָס ער האָט זיי געוויס איבערגעריסן אַ זיסן דרעמעלע; די זון באַקט, און דערבייַ דאָך קוסטעס מיט געדיכטן מחייהדיקן שאָטן...

אַ צופרידנקייט לויפט אַדורך די מענטשן, וואָס זייַן קוקעלע שטעכט זיך דער עיקר אין דעם „מאַלפּען". ווי הייליק דער אָדון איז ביי אָט דעם קאַפּאָ! ער קייַעט דאָך כּסדר איבער ווי אַ מאַלפּע זייַנע ווערטלעך און גיט נאָך חשיבותדיק אין זיי אַרייַן אייגענע פּירושים. און אַפילו זייַן קולכל צו די קאַצעטלער דערמאָנט אַזוי אויף גריפן בכבודו ובעצמו... זייַנען שוין די יידן געוווינט צו די טיפן און רופן זיי מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „מפרשים". גריף אַליין וואָס וואַרפט אָפּט מיט ווערטער פון היטלערן און איז מוסיף זייַנע אויסטייַטשונגען — האָט ער דאָ דעם צונאָמען „רשע הטמא". און אַ סך פרומע יידן פאַרטראָגן ניט אָט דעם אָנקלאַנג אויף רש"י הקדוש, דעם גרויסן מפרש פון די הייליקע ספרים. און זיי געפעלן ניט נאָך ענלעכע אָנרופעניש. זייַנען זיי אויך שטאַרק קעגן וואָס אַזאַ קאַפּאָ איז באַטיטלט געוואָרן מיטן נאָמען „מאַלפּען" — ווידער גאָר אַ מין סמיכות־הפּרשה מיט אַ גרויסן תּנ"ך־מפרש, דער מלבים!

אַ שטענדיקן חשבון פירט גריף מיט דעם אַלטן מייַסטער, וואָס הייסט דאָ ביי יידן „בעל־הטורים", ווייַל זייַן „פּירוש" אויף דער צוואַנגאַרבעט דרינגט זיך אויס דאָס רוב נאָר מיט בורטשען און לייַכטן טורען. אויף אים גיסט זיך אַ באַזונדער חוזק אין דער באַגריסונג פון דעם געהויבענעם מאַן:

— נאָך אַלץ פאַרצאָגט, שווערמוטיק, טיף ערנסט... יאָ, סאָליד, און די

פאַרשימלטע פּרינציפּן!.. מיט אַזאַ עקלדיקער טרייַקייט צום פירער קאָן טאַקע ווערן געבויט די נייַע אייראָפּע!..

— די כּפּרה חדשה... — קלינגט אַ הייזעריקלעכע שטים פון אַ טיפן גראָבן, און טראָגט אָן אַ מוטיקן אָפּכאַפּ ביַי די ייִדן אין דעם רוצחידיקן אָנטרייַב.

די שטים איז אין דער קאָמאַנדע גוט באַקאַנט. אָשר ווידוקלע, ווי אים פעלט ניט דאָס פּאַסיקע וואָרט, און אַ שאַרפן חלק האָט ער בכלל אין די צונעמענישן וואָס ווערן דאָ צוגעטראַכט!.. היטלערס „נייַע אייראָפּע”, וואָס גריף דערמאָנט אַזוי אָפט, האָט צווישן די ייִדן פריִער געהייסן „נייַע ראָפּע”, אָדער „ראָפּע חדשה”, אַ נייַער וווּנד מיט אייַטער פאַר דער וועלט. האָבן זיך אָבער די דייַטשן גענומען פאַרפעסטיקן אין זייערע אָקופּירטע לענדער און אַרויסשלעפּן דאָס גוטס, איז שוין אַוועק דער נאָמען „פּרה חדשה”, אַ מעלקעדיקע בהמה. בריקעוועט זיך גאָר די קו מיט פּאַרטיזאַנער און מיט נאָך מרידות, און קיין ייִדן צו שטילן מיט זיי דעם נקמה־דאָרשט זייַנען שוין דאָרט ניטאָ, גיסט זיך דער דייַטשער צאָרן אויף דער גאַנצער אַרישער באַפעלקערונג, אַ כּפּרה חדשה... ווידוקלע, ווי ער האָט שוין אַ פּריש ווערטל! און די דייַטשן וואָס שטייען איבער די קעפּ, זיי וועלן זיך שוין דאָ געוויס ניט קענען אָנשטויסן אויף דעם באַטייַט...

— אויף נאַכאַלנע!.. — ברומט אָפּ וועגן דער ביטערער אַרבעט אַ יונג בחורל מיט אַ ווייטאָגדיקער וואָרענונג, מען זאָל אַרבעטן פעסט, ווייַל גריף נעגטערט זיך. „אויף נאַכאַלנע” איז דאָ ביַי די ייִנגערע אַן אויסדרוק אויף אַלץ וואָס שטאַרק און באַזונדערש, פון אַ גוט געדיכטן זופּ אָדער הערלעכן וועטער ביז אַ הייסער ליבע און אַן אכזריותדיקן קלאַפּ.

מיט זייַנע קאָקעטישע טריטעלעך לאָזט זיך גריף צווישן די רייען. טעאַטראַליש שוועבט דער בליק איבער זייַנע קאָצעטלער. און אָט שטייט ער לעבן איינעם אַ דאַרן און אויסגעצויגענעם, דער „לולב”, ווי חברה גיט זיך אַ מאָל אַ חכמה איבער זייַן לאַנגער און טרייסלדיקער פיגור. מיט אַ קונציקן באַוועג טוט דער קאָמענדאַנט אַ ריס פון דעם מענטשנס האַנט דעם רידל, און וווּנדערט זיך מיט אַ שפּילעוודיקן טאָן:

— ניט וויסן צו האַלטן אַן אינסטרומענט, אויך אַזאַ איינפּאַכן!..

— אַז דער טל־ומטרל דערזעט אַ הויכוווקסיקן, אַפּילו אַזאַ שאַרבן...

— שושקען זיך איבער פאַרביטערט די ייִדן — אָבער דער כּוח זייַנער, די יוכּע!..

די שמאָלינקע פּלייצעס פון דעם דריבנעם פיגורל הייבן זיך מיט הער־שערישער איראָניע. פאַרשטיין קאָן ער ניט, דער קאָמענדאַנט, די קומער־פולע פּנימער פון די ייִדן. זייערע אײַנגעביסענע ליפּן און צעשראָקענע אויגן וואָס פיבערן אַזוי מיט רחמנות; זייערע אַלע בליקן ציִען זיך עפּעס צו דעם מאַן פונעם רידל, וואָס ליגט אויף דער ערד, דרייט זיך און האַלט זיך פאַר־קראַמפּט בײַם אָרעם... גריף זאָגט דאָ אויך זײַן וואָרט וועגן דעם צעקאַ־ליעטשעטן און וועגן ייִדן בכלל:

— שוין אַזוי אײַנגעלעבט מיטן אינסטרומענט, אַז קוים אַרויסגעריסן; דער פאַרדראָס נאָר פון דעם שיידן זיך אַ ווײַלע!.. רעטעניש־פול אויך דער זויערער אָנבליק פון דעם גאַנצן געזינדל. אַ לעגענדע טאַקע ניט מער דער אויסרעקלאַמירטער ייִדישער הומאָר...

— הײַטער, לעבעדיק, פריילעך!.. — צעהילכן זיך מיטן באַנײַטן אימ־פּעט די קאַפּאָס אין אַרויסבאַגלייטן דעם לוסטיקן הערשער. און די ייִדן באַ־דויערן שוין די אַרבעטער פון די דערבײַיִקע פּלעצער; אָט־אָט וועלן זיי שוין אויך האָבן דעם גאַסט!..

זעט זיך שוין ניט גריף, און נעלם ווערט אויך דער „מאַלפּען". אָטעמט אָפּ פרײַ דער גאַנצער פּלאַץ. לעבן דעם ייִדן וואָס קאָרטשעט זיך אין יסורים שטייט שוין אָשר ווידוקלע. קליין און טויט אויסגעדאַרט, אָבער לײַכט אויפן פּוס, זוכט ער אויף באַלד גינזן, וואָס איז יאָרן געווען אַ דאָקטאָר מיט גרויסער פּראַקטיק. קען דאָ אָבער דער מומחה ניט פעסטשטעלן וואָס מיט דער האַנט, און היט זיך אַפּילו מיטן באַרירן. שטילט אָשר דעם געשעדיקטן, גיט אים זופּן וואַסער, שטאַרקט זײַן האַרץ מיט אַ ביסן ברויט באַשמירט מיט מאַרמעלאַד, קריגט פאַר אים אַפּילו אַ בראָק עפּל. און מוסרט אונטער מיט אַ געבייזער:

— נאָר אָן יגון ואנחה, רב ירוחם!.. בפני קהל ועדה פון די כּלבים, לא יזכר ולא יפקד אַוועלכער סימן פון צער און יסורים... ביטחון, ביטחון, רב ירוחם!..

מיט דעם פאַרשטעלטן לשון פון די ייִדישע קאַצעטלער בעט זיך ווידוקלע בײַ דעם מענטשן, ער זאָל וואָס ווייניקער אַרויסווײַזן זײַן ווייטאָג און ניט אָנטאָן קיין הנאה די שׂונאים. ער וואַרפט נאָך צו די טענה פון ביטחון, ווײַל אָט דער ייִד אַליין, דער פאַרוווּנדעטער, הערט ניט אויף צו ריידן פון דעם. דערמאָנט מען וועגן אַ נײַעם דײַטשן ניצחון אויף די פראָנטן, אָדער עס צעטראָגט זיך אַ ידיעה וועגן אַ נאָענטער אַקציע אין לאַגער, אָדער אַן אַנדער צרה, איז ער באַלד מיט ביטחון; תּשועת השם כּהרף עין, די ישועה קאָן דאָך קומען מיטן אויגפּינטל!.. ווידוקלע לאָזט אים אַליין ניט אָפּ:

— רב ירוחם „יסורים ממתּיקין את הגוף", יסורים גיבן דאָך אַרײַן אַ זיסקייט אין גוף... מיט אָט דער האַנט וועט איר, אם־ירצה־השם, נאָך נעמען דעם פעסטן שלום פון אײַער חסידישן רבין און מיט קנאַק פליאַס־קענען בײַ אַ ריקודל!

אין זייער שווערער אַרבעט, הערן אָבער ניט אויף די ייִדן נאָכצוקוקן ווידוקלען. ניט איינער איז אים פּשוט מקנא. מיטן אַרײַנרײַס פון די דײַטשן אין ליטע האָט ער אויך פאַרלוירן אַ סך פון זײַן משפּחה. קוים אַריבער אין זײַן שטאָט די גרויסע כוואַליע פון די פּאָגראָמען און אַקציעס, איז ער געוואָרן געכאַפּט און אַרויסגעריסן פון זײַן ווײַב און קינדער, און ער ווייס ניט פון זייער גורל. גייט ער שוין אַזאַ צײַט פון לאַגער צו לאַגער דורך הונגער און פּײַן, און אַדורך ווידער און ווידער אַקציעס... בײַם מוט איז ער אָבער שטענדיק, פאַרלירט זיך ניט. און זײַנע ווערטלעך!.. פאַלט דאָ איינער פון די ייִדן אַרײַן אין אַ פילאָסאָפיע:

— מענטשן געפּלאָגטע און וואָס לײַדן פון אַ דערנידערונג, וואַרפן זיך אַ סך פון זיי, אין געוויינלעכע צײַטן, וואַרפן זיך צום פלעשל; אין שיכּרות זוכן זיי צו דערטרינקען די פּײַן... און אין קאַצעט זיפצט מען און מען שיט זיך אויך אָפּ צווישן זיך מיט קללות און זידלערײַען. און אַזאַ ווי ווידוקלע, דערטרינקט ער די צרות אין אַ זאָג אַ לעבעדיקן, אין געלעכטער...

דערציילט אַ ריגער ייִד, ווי נעכטן פֿאַר נאַכט, נאָכן צוריקקער פֿון דער אַרבעט, האָט ער געזוכט ווידוקלען, און געוואָלט צוזאַמען מיט אים אַ טראַכט טאָן וועגן אַ יונגן אַ בחורל מיט אַ גאָונישן קאָפּ, וואָס זײַן טאַטע איז אין לאַגער מיט אַ וואָכן צווײ צוריק אומגעקומען. איז איצט דער יתום אין גאַנצן עלנט און אומבאַהאָלפֿן. די טעג איז ער גאָר אַרײַנגעפֿאַלן אין דער מעטאַל־קאָמאַנדע און ברעכט זיך צוזאַמען פֿון טראָגן די שווערע רעלסן... לאָזט ער זיך, דער ריגער, איבער דעם גרויסן לאַגער און ווייס ניט ווו צו טרעפֿן דעם ליטוואַק און זיך מיט אים מישב זײַן. ערשט פֿון ווײַטן אַ רעדל מענטשן שטייען און לאַכן. אַ פֿריילעכע שטימונג אין קאַצעט, נאָך אַ טאָג מאַטערניש און פּלאָגעניש; און איידער מען ווערט דערזען די פֿאַרציע ברויט מיט די צוגאָבן איז נאָך צו דורכמאַכן אַן אַפּעל, דעם אָוונט־אַפּעל!.. גערירט איז נאָך דער ייִד:

— גיי איך שוין גלײַך צום רעדל. נו, יע, איז גאָר אַ הײַטערקייט בײַ אונדזערע אויסגעפּײַניקטע און פֿאַרייִאושטע; איז וועמען זע איך דאָרטן דעם גאַנצן ריידער? ווידוקלע!..

## קלאַסישער קאַצעטלער

מיט יעדן טראָט צוריקוועגס צום לאַגער, שטײַגט בײַ די קאַצעט־לער די מורא. גריף, דער שטורמבאַנפֿירער, איז דאָך דאָרט הײַנט דער גאַסט! באַזונדערע אכזריות ווײַזן די קאַפּאָס אין זייער אָנפֿיר מיטן צוריקמאַרש. נאָך איידער די קאָמאַנדעס האָבן זיך אַרויסגערירט פֿון אַרבעטפּלאַץ, איז געוואָרן דורכגעפֿירט אַ שטרענגע אונטערזוכונג. זאַכן האָט מען צוגענומען און מענטשן האָבן באַקומען געשלאָגן אַפֿילו פֿאַר אַ שטיקל ברויט, אין חשד אַז בגניבה אײַנגעהאַנדלט פֿון די אַריער וואָס אַרבעטן אין אַ נאָענטער שטעל. גריפֿס פּנימל מיט דעם קרומען שמייכעלע שטייט שוין פֿאַר די אויגן פֿון די רייען אין זייער מאַרש, נאָך ווײַט־ווײַט איידער זײַן בליקעלע אַליין וועט זיי אַרומכאַפּן. בײַ זײַן לעצטן באַזוך דאָ, האָט ער זיך בגילופֿינדיק אָנגעזעצט אויף דעם אָוונט־אַפּעל, אָפּגעהאַלטן די מענטשן איבער צוויי שעה,

און פון זײַנע „גימנאַסטישע איבונגען" און נאָך קאָמישע שטיק זײַנען עטלעכע געבליבן אין גאַנצן ליגן...

אין שטרענגן גאַנג מערקן ניט די קאַצעטלער דעם שיינעם פאַרנאַכט, ווי די זון ברייטערט זיך און שווימט דורך אַ העליש־רויטן הימל צום ים, און מען פילט ניט דעם ווינטל וואָס בלאָזט פון דאָרט אַזוי מילד. קיינעם פאַלט אויך ניט אײַן צו נישטערן מיט די אויגן אויף אַרונטער און דערוועגן זיך אויפצוהייבן אַן עקל סיגאַרעט אָדער אַן אַנדער געפינס בײַ דער זײַט וועג. אויף זייער צווישנזיכיקן לשון ריידן אויך ניט די מענטשן פון פּאָליטיק, ווייניק פליִען אַפילו די פּראַגעס און השערות וועגן דער דערוואַרטער פּאָרציע ברויט, „אויף וויפל חתנים גייט הײַנט אַ כּלה". אַ כּלה הייסט דאָך בײַ די דײַטשן בראָוט, און צו דעם לעבל ברויט וואָס די דײַטשן גיבן אין לאַגער נאָך דעם אָוונט־אַפּעל, מוז מען יעדן טאָג האָבן אַ באַזונדער מזל. גאָר גוט אַז דאָס לעבל איז פאַר פיר קאַצעטלער ; דאָס רוב גייט עס אָבער אויף זעקס, און אָפט מוזן זיך גאַנצע אַכט מיט דעם פאַרטיילן.

— איינס, צוויי, דרײַ, פיר !.. איינס, צוויי... — שנײַדן זיך רגזניש די שטימען פון די קאַפּאָס, וואָרענען די רייען צו שליסן זיך פעסט און שטראָם און טרייסלען בײַ די מענטשן אַרײַן די גאַנצע נשמה אין די קנעכ־לעך, און וויי, ווער עס שטעלט פאַלש דעם פוס און פאַרבײַט לינקס אויף רעכטס !

דעם גאַנצן לאַנגן וועג זעט ווידוקלע אונטערצוהאַלטן רב ירוחמען, וואָס דער אָרעם זײַנער איז שוין גאָר הויך אויפגעלאָפן. מוטיקט ער אים מיט אַ וואָרט און לאָזט ניט אָפּ אַן אויג פון זײַנע פיס. און ווי נאָר אַ פאַרגרײַז אין שטעלן דעם טראָט, אײַלט ער אים אונטער ווי שנעלער אויס־צובעסערן נאָך איידער עס פאַלט דער קלאַפּ פון קאַפּאָ, וואָס קומט אָפט מיט אַ צוגאָב — דורכצומאַכן אין לאַגער אַ באַזונדער „קורס" פון גימנאַסטישע איבונגען.

— האַלט מאַרש, רב ירוחם !.. — און מיט די יסורים פון אײַער יד זײַט מכוון דעם „הא" מיט זײַן שיברי־ראש, און די חיילות זײַנען אין זייער מאַרש־ויברח פון דער „חרפּה חדשה"...

צעשמייכלען טאַקע רב ירוחמען די הייַטערע ווערטער וועגן דעם „הא״, וואָס מיינט היטלערן, און פון די דייַטשע מפּלות, און אויס מיט דער נייַער איראָפּע; שוין אַ חרפּה חדשה... די אַרייַנגעוואָרפענע אָבער ווערטער, שיברי־ראש, טיאָכקענען אים אונטער, דעם פאַרווונדטן, מיט דער מורא, אַז זייַן אָרעם וואָס ווערט אַלץ מער געשוואָלן, זאָל טאַקע זייַן געבראָכן... זעט באַלד ווידוקלע צו באַרויִקן אים מיט אַ שטיקל פּסוק: „ובוטח על השם ידושון״ — דער וואָס פאַרזיכערט זיך אויף גאָט, ווערט פעט...

טרייסטן רב ירוחמען און מילדערן זייַנע ווייטאָגן, איז הייַנט ניט לייַכט אויך ווידוקלען. וואָס אין לאַגער איז דעם אָוונט צו דערוואַרטן — איז דורכגעפּילט דער גאַנצער מאַרש. ווילט זיך אים אַ רייד טאָן וועגן דער געגנט ווו זיי גייען דאָ, איז שוין אָבער חדשים ווי די קאָמאַנדע מענטשן מאַכן דורך טעגלעך דעם וועג פאַרבייַ פעלדער און דורך גאַסן און פּלעצער מיט אַלערליי געבייַדעס — און ווייסן ניט ווי עס זעט אויס אַ טראָט אָן אַ זייַט פון דער פאַטרולירטן מאַרש. קאָנטיקע פונקטן נאָר דינען זיי ווי אַ זייגער צו קענען אַ חשבון טאָן, וויפל צייַט האָבן זיי נאָך צו גיין... כאַפּט זיך ווידולקע אָן די חשבונות מיט גימטריות, וואָס איינער אַ לומדישער ייִד אין לאַגער איז מיט זיי פאַרחקירהט:

— די אותיות „היטלר״ באַטרעפן 254, אַקוראַט די זעלבע צאָל פון „המן קטן״; איז דאָך שוין קלאָר זייַן גיכע מפּלה!.. און ווו איז יענער גאולה־ווונק „שמר מה מלילה״? די דרייַ ווערטער פון דעם רמזדיקן פּסוק באַטרעפן דאָך 700, ת״ש, וואָס אין אָנהייב פון אָט דעם ייִדישן יאָר איז פּוילן געפאַלן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער לילה, דער פינצטערער חורבן. אָפּכאַפּן האָט זיך גענומען די פרייַע וועלט אין תש״ב (1942), „ושבתה הארץ שבת לשם״, שבת־תש״ב. און ציִען וועט זיך עס ביזן „ושב ה׳ את שבותך״, ביז שבו״ת, וואָס דאָס איז תש״ח (1948). אָט דעמאָלט וועלן שוין ייִדן פון אַלע עקן וועלט זיך קערן קיין ארץ־ישׂראל!..

פלוצעם דערזעען דיביידע ווי זיי זייַנען שוין מיט דער קאָמאַנדע בייַם לאַגער־טויער, און עס שטייט טאַקע אויף ער אַליין, גריף — גיט ווידוקלע אַ פאַל פון זייַנע רייד:

— בטח בשם ועשׂה טוב, ביטחון איז דאָך ניט שייך, רב ירוחם, אָבער דעם טראָט שטעלט אָקאָרשט גוט־גוט!..

ער האָט זיי שוין אָבער באַמערקט. מיט אַ שמייכלדיק ווינקעלע באַפעלט ער ווידוקלען און רב ירוחמען אַרויסצוגיין פון דער קאָמאַנדע און זיך שטעלן לעבן אים, אין דער ריי פון נאָך אָפּגעהאַלטענע... באַזונדערע מאַנירן האָט גריף אויך אין איבערנעמען ביים טויער די קאַצעטלער, אין זיין באַקוקן דעם אָנקום פון דער אַרבעט. ביז עס באַווייזט זיך נאָך אַ קאָמאַנדע, נעמט ער זיך איצט צו איינעם וואָס שטייט שוין אין ריי פון פריִער. דערקלערן זאָל אים אָט דער, פאַר וואָס דאָס פּנים איז ביי אים פאַרזויערט, עפּעס אַזאַ אומעט אין זיינע אויגן, גאָר אַ פּעסימיסט; אַרבעט פאַרשאַפט דאָך פרייד!

— קען דער שטורמבאַנפירער דעריבער ניט פאַרשטיין די שטימונג פון דעם ייִדן.

— וואַרשיינלעך צו שוואַך געאַרבעט, אָט דער פּעסימיסט... — באַלעקט זיך מיט זיין סברה רינקע, דער לאַגער־פירער, וואָס בייגט טיף זיין הויכע פיגור צום אויער פון גריפן, כדי דער גאַסט זאָל גוט באַנעמען ווי ער קייעט עס איבער הנאהפול זיין צוגעוואָרפענעם נאָמען פאַר דעם ייִדן — יאַוואָל, פון מאָרגן אָן האָט דער פּעסימיסט זיין מער־פּאַסיקע אַרבעטס־קאָמאַנדע.

גריף נעמט ווידער איבער אַ קאָמאַנדע וואָס קומט אָן צום טויער. זיין בליקעלע וואַרפט זיך אָבער כסדר און שלייפט זיך אויף די אָפּגעהאַלטענע, אויף די מענטשן וואָס שטייען אין דער זייטיקער ריי. האַסטיק טוט זיין קוק אַ שאָס אין ווידוקלען:

— דיך האָב איך ווו געזען... געהאַט געזען!!..

דער ייִד איז נאָך אַ ביסל נידעריקער פון אים און ביידע קוקן זיך גראָד אָן. ווידוקלע קאָן דעם גרויליקן אָדון געניטי דערמאָנען. אין לאַגער בראַנד־האָף אין די גרויסע פרעסט, האָט אים, ווידוקלען, געהאַט געטאָן אַ טובה אַ שניידער, אַ שכן זיינער פון זעלבן באַראַק, און אים אַריינגענומען ווי אַ געהילף אין דער שניידעריי. האָט ער געאַרבעט דאָרט אונטער אַ דאַך און אין דער וואַרעם. ניט פאַרביי קיין וואָך, איז גריף אַ גאַסט אין דעם לאַגער, און שפּרינגט אויך אַריין אין דעם וואַרשטאַט. אַ וואָרף אָן

אויג איבער די מענטשן, און האַלט זיך אָפּ אויף אים, ווידוקלען. רופט ער אים צו און שטעלט זיך אַליין אַוועק גרייט — אַ מאָס אויף הויזן זאָל אים אָט דער נעמען... צום גליק איז ער דעמאָלט געפּלויגן נאָר מיט אַ פּאָר פּוסבריקעס און באַקליידט מיטן טיטל „הער שניידערמייסטער”... די רויטע אויגן וואָס פייערן איצט אַזוי אויף אים, און די הייזעריקע שטים, זאָגן ווידוקלען אונטער, אַז דער שטורמבאַנפירער איז נישקשה אָנגעשנאַשקעט. זעט ער נאָר ניט אַרויפצוברענגען אים אויף אָט יענער באַגעגעניש און כאַפּט זיך אויף אַן אַנדער מקום, וואָס אויך דאָרט פלעגט זיך ווייַזן גריף:

— יאָ, אין לאַגער האָלצהיים.

— ווען? גענוי! — בליצט גריף פאַרשעריש.

— פרילינג 1943.

פון אויבן אַרונטער פאַלט רינקעס קוק אויף די צוויי, וואָס זעען אויס ווי ליליפּוטן קעגן זיין צעוואַקסנקייט. נעמט ער אויך ווייַזן זיין געניט אויג:

— אויך איך האָב דיך שוין ווו געזען!

— יאָ, אין לאַגער האָכוואַלד, פרילינג 1944.

— אויך איך ווו... — קומט פון דער זייט אַ ניט־דרייסטע שטים פון אַן אונטערשאַרפירער.

— יאָ, אין לאַגער פעלדרינג, זומער 1943.

— אַ קלאַסישער קאַצעטלער!.. — האָט שוין גריף אַ נאָמען פאַר דעם ייִדן, און אויך אַן אידעאָלאָגישן געדאַנק — אַלזאָ, אין בוי פון דער נייַער איראָפּע איז ניט אַוועקצומאַכן אָט די אַנשטאַלטן. די קאַצעטן האָבן טאַקע באַוויזן איבערצודערציִען אויך אַזאַ איינעם פון דעם ציגייַנער־פאָלק, אַרייַנגעבן אַ געפיל פון קאַמעראַדשאַפט; איך האָב שוין פון ווייַטן באַמערקט דיביידע ציגייַנער אין מאַרש, ווי איינער האַלט אונטער דעם צווייטן, אָט דעם הויכן. דערציט שוין יאָ אַ קאַצעט?.. איך וויל עס טאַקע הערן פון דיר אַליין, קלאַסישער קאַצעטלער!

— מיר זייַנען דאָך ייִדן... — מורמלט אַרויס ווידוקלע.

— לעכערלעך, טייַוולאָניש! — איז איבערראַשט גריף — ווירקלעך, די ווערטער קלינגען לעכערלעך און טייַוולאָניש...

אַז זײַן אויג נאַרט אים ניט אָפּ, איז גריף אײַנגעגלייבט פון שטענדיק. און אויך די צוויי האָט ער ניט סתּם אַרויסגענומען פון דער ריי. איז שוין גאָר ערנסט זײַן טאָן, און מיט פּאַרטיפּטן געדאַנק:

— אָך, די ייִדישע סאָלידאַריטעט; „אַכדעס״, „קאַהאַל״, ווי עס שרײַבט טאַקע די הײַנטיקע צײַטונג, און דער פירער האָט שוין געזאָגט... יאָ, די געהיים־מוניציע אונטערצוציִנדן די וועלט!.. ייִדעלע דו, איז אויך בײַ דיר, נאָך אַ ריי לאַגערן, איז בײַ דיר נאָך אויסבאַהאַלטן פון דעם וואָפן, פאַר־שטעקט?!

גײַסטרײַך ווי דער גאָר חשובער עס־עס, זײַנען ווײַט ניט די קאַפּאָס, וואָס שטייען אָנגעשפּיצט אויף יעדן קלאַנג און מינע פון אים. פון די הויכע רייד אָבער שטויסן זיי זיך מיטן אויגפינטל אָן אונטערצוזוכן אַקאָרשט גרינדלעך דעם ייִדן. קערן זיי באַלד אויס זײַן טאָרבעלע וואָס איז אין גאַנצן ליידיק. נאָר שיטערע ביינער דערטאַפּן זיי אויף דעם אויסגעדאַרטן און אײַנגעשרומפּטן קערפּער. אָבער אָט טיף־טיף אין אַ ווינקל פון הויזן־קעשענע עפּעס־עפּעס — אַ שטיקל בלײַפעדער.

שוין לענגער האָט מען אין די לאַגערן גענומען אַרויסזוכן בײַ די ייִדן „יעדע נאָכשלעפּעניש און אומנוצלעכס״, און בעת די אָוונט־אַפּעלן פלעגן פאַר זייערע אויגן ווערן פאַרברענט בערגלעך פון די זאַכן, דער עיקר ציצית און תּפילין און ייִדישע ספרים. מיט דעם פײַער איז אויך אַוועק ווידוקלעס לעצט בילדל פון זײַן ווײַב און קינדער... מיט אַ וואָך צוריק האָט ער אויף דעם אַרבעטפּלאַץ געפונען דאָס שטיקל בלײַער און שוין ניט איין מאָל געהאַט באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון דער סכּנה. אָבער ווי נאָר געפּרוּווט אַרויסוואַרפן, קומט פון האַרצן אַ טיאָכק און וואָרנט פון אַן אָפּרײַסן זיך אין גאַנצן פון אַ פאַרגאַנגן לעבן, פון דער פרײַער וועלט. איז די מציאה בײַ אים ווי עפּעס אַ קמיע.

גריפן געפעלט דאָס געפינס. גרינע פײַערלעך צעטראָגן זיך פון זײַן קוק. ער הייבט אויס דאָס בלײַערל, דרייט צאַצקעדיק אין דער לופטן, שטעלט צו ווידוקלען צום פּנים:

— אַ שראַפּנעל... דיין אַרמאַטור ?.. יאָ, אַ קלאַסישער קאַצעטלער ווייס גאָר ווויל, אַז עס ווערן ניט פאַרטראָגן אַזעלכע שפּילערייען !..

אַז אין אַ קאַצעט מוז יעדער אַליין אויפכאַפּן ווי צו פירן זיך און פאַר־שטיין וואָס איז ניט דערלויבט — נעמט גריף דערציילן אַ „קוריאָז״. אין נאָך איינעם פון זיינע לאַגערן איז די טעג געבראַכט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט ייִדן, אָט אַקאָרשט פון זייערע היימען. אויף מאָרגן ווענדט זיך צו אים איינער פון די נייע געקומענע און שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז אַ בערלינער פון דורות און איז אַ דאָקטאָר פילאָסאָפיע און געווען פּראָפעסאָר פון רעכטס־וויסנשאַפט. קען ער זיך דאָ ניט אויס אין דעם אָרט, און דער שטאָק גייט איבער אים, און אַרויסגעזעצט צוויי ציינער. פרעגט ער, פאַר וואָס זעט מען ניט אין די באַראַקן וועלכע שריפטלעכע פאַראָרדענונגען וועגן די געוויע פאָדערונגען, וואָס דער מענטש מוז דאָ דערפילן... פון דעם פּראָפעסאָר איז גריף נאָך אַלץ עמפּערט:

— האָב איך אָט דעם קאָמישן געלערנטן גאַנץ העפלעך דערקלערט, אַז קאַצעט האָט ניט צו טאָן מיט געשריפטן און יוריספּרודענץ; אַן אַנשטאַלט איז דאָ פון נאַטירלעכער דערציִונג און איבערדערציִונג. און אונדזער מעטאָד איז אַ גאַנץ פּשוטער: פון שטאָק ביז שטראַנג.

ביי זיינע לעצטע באַזוכן דערמאָנט גריף צו אָפט דעם שטראַנג. פאַר דעם לאַגער מיינט עס די תּליה־שטריק וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער פאָדערוואַנט פון דער שרייבשטובע. און מיט עטלעכע טעג צוריק איז ביים אַפּעלפּלאַץ שוין אויך צוגעקומען אַ גאַנצע „איינריכטונג״... דאָס מאָל איז אָבער דער שטראַנג אַרויס פון זיין מויל אָן אַ באַזונדער באַטאָנונג און ווי אָן אַוועלכער כּוונה, און זיין קוק איז שוין אויסגעדרייט צו רב ירוחמען:

— דו האַלטסט זיך ביים אָרעם. שיק איך דיך אין אַ היילאַנשטאַלט; און דו באַקומסט דאָרט אויך נאָכקור אין אַ סאַנאַטאָריע, אַן אויסערגעוויינלעכע!

— ניין־ניין, אַ דאַנק! — שטייען שוין פאַר דעם ייִדנס אויגן די גאַז־קאַמערן מיט דער קרעמאַטאָריע — קיין זאַך ניט מיט מיין אָרעם, איך קאָן נאָרמאַל אַרבעטן...

— נאָרמאַל אַרבעטן... — פֿאַרקוועטשט גריף אַן אויג און די צווייטע צעפּינקלט זיך גרין — ווערטו נאָך היינט וויזן דיין נאָרמאַלקייט און אַרויפּ־טאָן דעם שטראָנג אויף דעם פריינד דיינעם און אָפּגעבן אים דעם לעצטן כבוד... יאָ, יידישע סאָלידאַריטעט, אַכדעס...

## אַ קראַנץ מיט ניסים

ניט אָפּצורוען זיך כאָטש עפּעס דעם פֿאַרנאַכט אין לאַגער. די קאַצעט־לער נאָר וואָס פֿון דער אַרבעט צוריקגעקומען, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש. ביי צוויי געביידעס פֿאַרלייגן האָט זיך גריפּן, דעם קאָמענ־דאַנט, פֿאַרוואַלט, און צום צאָם אַרום דעם לאַגער שטעלט ער צו נאָך אַ ריי עלעקטריזירטע דראָטן. אַזעלכע „אינערלעכע אונטערנעמונגען" גייען אָבער ביי אים ניט אויפֿן חשבון וואָס די קאָמאַנדעס דאַרפֿן אַרבעטן פֿון גאַנץ פֿרי אויף די פֿאַרשיידענע שטעלן. איצט, אַז די מענטשן זיינען צוריק אין לאַגער, האָבן זיך די קאַפּאָס אַ לאָז געטאָן און כאַפּן צוזאַמען די בייטיקע צאָל הענט פֿון דרויסן און פֿון די באַראַקן — און גריפּס אייגעלעך קאָנען זיך שוין זעטיקן מיטן אָנגעטריבענעם שוונג.

איבערגעמאַטערט דורכן גאַנצן טאָג, זעט ניט קיינער פֿון די ניי־איינ־געשפּאַנטע די שקיעה־שטראַלן, וואָס שפּילן זיך כּישופֿדיק איבערן פּנים און איבער די אָרעמס און נאַקן. דאָס געמיטלעכע ווינטל, ווי עס באַרירט אַפֿילו ניט דעם צעהעלישטן קערפּער, וואָס ברענט אונטער די אָנטרייבע־רישע באַוועגונגען פֿון די קאַפּאָס מיט די שטאָקן. מיט די רידלען אין גראָבן די פֿונדאַמענטן און אין מישן דעם בעטאָן, זיינען זיך די יידן אויף מיאש פֿון הערן היינט נייס. זיך דערוויסן פֿון דער מילחמה, אַ דערמונטער באַקו־מען. אין די שעהן קערן זיך דאָך די קאַצעטלער צוריק פֿון די אַלערליי שטעלן ווו זיי האָבן פֿאַרן טאָג געאַרבעט. האָט ניט איינער געוויס געשמועסט מיט אַריער, אַנדערע האָבן בגנבה אפשר אויף געכאַפּט אַ קוק אין אַ צייטונג. עס זיינען דאָ געציילטע, וואָס ביי דער אַרבעט שאַרן זיי זיך צו געהיים־געהיים צו אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט און שטעלן אָן לאָנדאָן, און ס'טרעפֿט אַז זיי פּאַקן אַ סטאַנציע נאָך אַ בעסערע...

בליקן גאָר ווייניק הייבן זיך פון דער אַרבעט און לויפן נאָך די צוויי ייִדן וואָס „מאַלפּען״, דער גוט־באַקאַנטער קאַפּאָ, פירט זיי פון לאַגער־טויער און שטעלט זיי אַוועק דערבײַ, לעבן דער שרײַבשטובע. די אויגן צעשפּיזלען זיך, ווען דער זעלבער קאַפּאָ טראָגט אַרויס די שטריק וואָס הענגט דאָרט אינעווייניק אויף דער וואַנט, און גיט אַ ווײַז רב ירוחמען אַרויפצוטאָן אויף דעם האַלדז פון אָשר ווידוקלע, און לאָזן אים אַזוי אויס־געשטעלט.

— זע נאָר, אַזוי אויף נאַכאַלנע!.. — קאָנען זיך שוין ניט באַרויִקן עטלעכע פון די ייִנגערע און צעכראַקען זיך פון אויפרעגונג.

— ווידער אַ חידושל פון דעם רשע־הטמא — זיפצן אָפּ די עלטערע און זעען שוין אַ נײַע צוטראַכטעניש פון גריפן.

רב ירוחמען הייסן די אדונים פון שרײַבשטובע, ער זאָל גיין אין באַראַק זײַנעם און זיך פאַררוען ביזן אַפּעל, ווײַל „די רעכטע אָנשטרענגונג פאַר דעם פרײַנד״ וועט ער דאַרפן ווײַזן ערשט אויפן אַפּעלפּלאַץ... לאָזן די מענטשן ניט אָפּ דעם חושכדיקן ייִדן, וואָס שלײַכט זיך אָט פאַרבײַ מיט פלאָנטערנדיקע טריט און שעפּטשעט פאַרגלאָצט עפּעס פּסוקים. אויף די פרעגנדיקע בליקן, ציטערן אויס זײַנע ליפּן:

— אַ פּעטליע אָנשטאָט אַ פּענטע, האָט ער אויף זיך אַליין אַ זאָג געטאָן, ווידוקלע, און זיך נאָך צעשמייכלט...

קאָפּ־שאָקלענישן נעמען אויף די ווערטער מיט ייִאושדיקן צושטים. די אויסגעהונגערטע און טויט האַרעוודיקע, זיי נעמט די שטריק אויף ווידוקלעס האַלדז טאַקע אויסזען בעסער פאַר די קאַצעט־קייטן, אָט דאָס געפּענטעטע לעבן אין אַזאַ מאַטערניש און עינויים. דורך דער פּעטליע ווערט דאָ באַלד אַ מענטש פּטור פון דער גאַנצער פּײַן!.. דערמאָנט אויך ווער דאָס ווערטל „הגואל ממוות״, אַ דערלייז אין לאַגער קאָן קומען נאָר פון טויט. און עס פאַלט שוין אויך אַ גראַם: אין שטריק — דאָס גליק. אַנדערע וואָס קענען נענטער אָשר ווידוקלען, דערוועקט זיך בײַ זיי אַפילו אַ קינאה. זײַן שטענדיקע מונטערקייט, און אַ הומאָר אַ קוואַליקער! געוויס פינקלט אַרויס פון זײַנע אויגן דער טיפער שמייכל אויך איצט בײַ דער שרײַבשטובע...

פון זייער הייבן צו אָפּט די קעפּ צו דעם וואָס מיט דער שטריק אויפן האַלדז, און שוין אַריינפאַלן אין אַ מחשבה וועגן דעם גיכן סוף פון די ליידן — האָבן באַלד די זעלבע קאַצעטלער שוין אויך אַ גליקלעכן פון זיי גופא. אין אַ קאָפּ אַ פאַרטראַכטן זעצט רוצחיש אַריין זיין שטאָק איינער פון די קאַפּאָס, וואָס קאָמאַנדעוועט ביים גיסן דעם פונדאַמענט, און דער מענטש איז אַני־דערגעפאַלן, און רירט זיך ניט.

— דער „שמע קולנו"... — צעזיפּצן זיך שטימען וועגן דעם ייִדן וואָס איז געווען פון די ראַדיאָ־הערער און אָפּט געבראַכט אין לאַגער גוטע ביים. און די געמיטער ביי די מענטשן פאַלן ווידער אין אַ יִיאוש; אַ פאַרלאָר אָט פון קלאַנגען, קלאַנגען וואָס דער „שמע קולנו" פלעגט אַריינטראָגן פון ווייט־ווייט, פון אַ וועלט אַ גערעכטער וואָס גיט נאָך האָפענונג אויף וועט־וועט...

נאָר איינער ריזיקירט איצט און הייבט דעם קאָפּ פון דער בעטאָן־מישונג. דער בליק זיינער כאַפּט אָבער ניט אויף אַוועלכן ריר פון דעם וואָס איז אויסגעצויגן אויף דער ערד; קיין צאַפּל, קיין באַוועג. צעבורטשעט ער זיך:

— אַ פּאַרציע ברויט קומט ער מיר... פאַר אַ נאָדל מיט אַ לאַנגן באַוול און 2 קנעפּלעך... דאָס ברויט האָט ער מיר צוגעזאָגט אויף היינט אָוונט...

מיטן באַוויַיזן זיך פון גריפן איז שוין פון די מענטשן פאַרפלויגן יעדע מחשבה, און מער קיין וואָרט. נאָך זיין אָוונטברויט פאַרנעמט ער זיך עס, דער אדון, איבערן לאַגער. אַהאַ, צו דער שרייבשטובע קערעוועט זיך זיין הערשערישער טראָט. שטייט ער אָט אַקעגן דעם קאַצעטלער מיט דער שטריק אויפן האַלדז און זיין שמייכעלע גליטשט זיך אים פון דעם בלויען נאָז און צעגיסט זיך איבער זיין שמאָל פּנימל. באַלד איז ער שוין ווי צעבליצט פון אַ נייער אידעע, און אויף זיין שפּילעוודיקן זאָג און ווונק ווערט אים אַרויסגעטראָגן אַ שטיקל זייף. גרויסמוטיק גיט ער עס אַליין איבער ווידוקלען:

— זייף אַקאָרשט גוט איין דעם שטראַנג, עס זאָל זיין איינס־צוויי... ביזט דאָך אַ קלאַסישער קאַצעטלער, האָב איך פאַר דיר אַ באַזונדערן איינזען!

— דאַנקע, הער שטורמבאַנפירער — קומט באַלד ווידוקלעס ענטפער — צום זייף פאָדערט זיך דאָך אויך וואַסער.

— דאָס קאָנסטו דיך אַ מעלק טאָן פון זיך אַליין, כאַ־כאַ!..

— אַלזאָ, איז דער געשענק גאָר אַ קנאַפּער; אויך דאָס זייף איז דאָך פון ייִדנפעטס... — פאַלן ווידוקלעס ווערטער שוין אונטער דעם גאַנג־געקלימפּער, וואָס נעמט רופן צום אָונטאַפּעל, און גריף איז שוין אין זײַן ווײַטערדיקן וועג.

אויפן אַפּעלפּלאַץ אַליין דערשײַנט דער גאַסט נאָך אַ געמאָטערט וואַרטן אויף אים. אויסגעמושטירט־גרייט שטייען שוין אַ צײַט אין לאַנגע־לאַנגע רייען די אַלע מענטשן פון לאַגער. קוים אויף די פיס האַלטן זיי זיך און פאַר די אויגן שוועבט די ראַציע שפּײַז, וואָס קומט יעדן אָוונט נאָך אָט דעם שפּיל. אויף דעם פּײַערלעכן אויסזען פון אַפּעל האַלטן אַ שטרענג אויג די קאַפּאָס און שטורמאַנס און ראָטנפירער. די הויכע שווערע פיגור פון רינקען האָט מיט איר באַוויַיזן זיך ענדלעך אָנגעזאָגט, אַז געענוי דרײַ טריט פאָרויס פון אים גייט עס גריף, דער קאָמענדאַנט. אַזאַ דיסטאַנץ איז שוין דאָ אײַנגעשטעלט בײַ דעם פאַרריסענעם עס־עס, וואָס פילט זיך געקרענקט צוליב זײַן מיזערנעם וווּקס.

צוגעקומען און איבערגענומען מיטן גאַנצן קנאַק דעם אַפּעל, שטייט שוין גריף אין פּראָפיל צו די רייען און די הענט פאַרלייגט מאַיעסטעטיש איבער דער שמאָלער ברוסט. צערעמאָניעל נעמט ער באַלד נייגן דעם קאָפּ קעגן די צוויי ייִדן וואָס ווערן צו אים צוגעפירט. דאָס פּנים קוועלט מיט קאָמישע תּנועות און שפּיגלט זיך אין דעם אָנבליק פון דעם קאַצעטלער מיט דער שטריק אויף דעם האַלדז און פון דעם צווייטן מיטן וואַקלדיקן אָרעם.

— כאַ־כאַ!.. אַ בלײַשטיפט אויסבאַהאַלטן... דו, געוויס בוכפירער, אַדוואָקאַט, זשורנאַליסט... וואָס האָסטו עס געמיינט צו פאַרצייכענען דאָ אין מײַן לאַגער? „דעספּאָטיע, ברוטאַליטעט, באַרבאַריזם״, די באַקאַנטע ייִדישע גרויל־פּראָפּאַגאַנדע קעגן דעם פירער, דריטן רײַך!.. מיט אַ בלײַ־

שטיפט קאָנט איר דאָ נאָר סומירן טויט; בלייַבן וועלן נול־נול... נול־נול, ווי די היינט קראַפּירט איר אַלע, אַלע־אַלע!.. די נייַע איראָפּע וויל אייַך ניט אָנזען, און אַן ענדע קומט צו דעם יידישן געלט־איינפּלוס, אויס וועלט־הערשער!.. דו־דו, קלאַסישער קאַצעטלער, ווייסטו כאָטש אָפּצושאַצן וואָס דו ביסט ביי מיר דער ערשטער צום שטראַנג?.. אַ בלייַשטיפט; אַלע־אַלע קאָנט איר זיך טיף פאַרצייכענען: נול־נול... כאַ־כאַ!..

ער איז שיכּור, לויפט אַ געווינק צווישן די רייען. ביים לאַנגן וואַרטן האָבן זיך טאַקע די קאַפּאָס געשושקעט, אַז אין דער לייטונג האָט זיך גריף געכאַפּט צום פייַערן דעם „ערשטן שטראַנג", און רינקע מוז אים גיסן גלעזל נאָך גלעזל... איז אָט רינקע אַזוי באַפאַלן מיט אַ בלאַסקייט. צום חוזק איז דאָך אַזאַ ריידן, צעשוומען און מטושטש; צום חוזק אין די אויגן פון דעם גאַנצן לאַגער ווערט ער דאָך, זיין אייבערהאַר... און גאָר האַרב! ער לאָזט דאָך פאַלן ווערטער וואָס זיינען פונקט קאַפּויער ווי אין די אינסטרוק־ציעס פון בערלין. קלאָר און דייַטלעך ווייַזן אָן די העכסטע אינסטאַנצן, אַז אין די קאַצעטן זאָל ניט ווערן געשראָקן מיט אומקום. באַפוילן איז צו ריידן צו די קאַצעטלער דער עיקר וועגן אָרדענונג און ערנסטקייט, און וועגן ליבע צו דער אַרבעט; און אַז אויסן איז מען נאָר די אייגענע טובה פון די יידן. מוזן זיי זיך לאָזן איבערדערציִען בוצלעך... דאָס טרינקען, גריפּס אַרייַנלאָזן זיך אַלץ מער אין זויפעריי, האָט אים אָט פאַרפירט, גע־בראַכט צו דעם געפערלעכן פלאַפּלען!. און אים, רינקען, צוזאַמען מיט די פירער פון די אַרומיקע לאַגערן, איז דאָך שטרענג־פאַרטרוילעך אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך שטאַרק באַמיִען און פאַרמייַדן אים פון אַן איבעריק טרונק, און באַזונדער־באַזונדער ווען ער גייט זיך ווייַזן פאַר די קאַצעטלער...

אין זוכן צו ראַטעווען דעם כּבוד פון זיין שעף, און נאָך מער אין מורא פאַרן אייגענעם פאַרזען, כאַפּט זיך רינקע צו פאַרענדיקן וואָס שנעלער דעם אַפּעל. און שוין נעמט ער, ער אַליין, קאָמאַנדירן מיט די צוויי יידן, זיי פירן צו דעם תּליה־סלופּ.

גרין־העליש צעפלאַקערן זיך גריפּן די אייגעלעך. אַ חוצפּה אַזאַ קעגן אים, און נאָך בייזער — אַ שענדלעכע גרינגשעצונג! העכער־העכער פאַר־

רייסט זיך זײַן קעפּל און דער צעקאָכטער בליק שטרענגט זיך אַרײַנצו־גיפטן אין סאַמע פּנים פון דער אַטלעטישער פיגור. מיט אַ ריטש איז ער אויף דעם געהילף זײַנעם:

— דיר געפעלט ניט מײַן פירונג? מײַנע אידעעס!.. דראַגאָנער דו, לאַנגער פראַנץ, לאַנגער!!

אין אויער גייען אים ניט, גריפן, די פאַרענטפער־רייד פון דעם שאַר־פירער, וואָס האָט זיך קעגן אים געגעבן אַ שטעל מיט הויכאַכטונג און אַזוי אויסגעצויגן. די קני טרייסלען זיך טאַקע ביי זײַן צעטומלטן אונטער־טענצער, אָבער זײַן וווקס, געביי — אַזאַ מאַסיוו!

רינקע ווייס גוט דעם אונטערשייד פון זײַן ראַנג קעגן דעם גאָר הויכן פון דעם קאָמענדאַנט. אין ציטער איז ער נאָך מער פאַר גריפס באַרימטקייט. זײַן צוואַנציק יאָריקע מיטגלידשאַפט אין דער נאַצי־פּאַרטיי, ווי הערלעך איז אים ניט לאַנג געפּײַערט געוואָרן! די רעדעס, און די טעלעגראַמעס פון די גרויסע־גרויסע!..

קריכעריש־אונטערטעניק באַמיט זיך רינקע פאָרט איבערצוצײַגן אין זײַן איבערגעגעבענער גרייטקייט מיטצוהעלפן דאָ אין אויספירן דעם פאַר־נונפטיקן ווילן פון זײַן הויך־פאַרערטן שעף... און גריף — קוואַלט מיט אײַנפאַל:

— אַך, מיטן אָנפירן ביים שטאַנג ווילסטו עס, דו... דײַנע גאָר די גאַנצע אידעע, דער שטראַנג, דער שטאַנג... כאַ־כאַ! און דו אַליין ביסט ניט קיין שטאַנג?.. אַ זײַל!.. אַ לעכערלעכער מאַסיוו אַזאַ; אַ געביי פון אַ קערפּער, כאַ־כאַ!.. דאַרף מען אויפהענגען אַזאַ פעדעמל, מײַן קלאַסישן קאָצעטלער, מוז זיך ניט אַנדערש אַזאַ מאַסיוו זיך לאָזן צום באַגלייטן אים אַזש צום ווינקלפלאַץ, צום שטאַנג? דו, אויף די שטאָלצעס דײַנע, און פיס פון אַ קאַוואַלעריע־פערד, כאַ־כאַ!.. די הענט ווי וויאָסלעס, נייטיקן זיי זיך אין דער הילף פון דעם צווייטן ייִדן, צום ציִען דעם שטראַנג. זעסט גאָרניט זײַן אָרעם?.. שוין דאָ אויפן אָרט, גיב אָט דעם ערשטן אַ נעם פאַר דעם שטראַנג און אַ הייב!.. וואָס קערסטו אַזוי מיטן קאָפּ? די אָקסנ־

אויגן זיך צעטאַנצט, כאַ־כאַ!.. אַלזאָ, איינס־צוויי, באַפעל: הויך, הויך־הויך!..
האַלט! צוריק, אַרונטער־אַרונטער!..

גריפס פּלוצלינגער טריק מיטן לאָזן לעבן דעם ייִדן, מערקט זיך באַ־שײַמפּערלעך אַז געמאַכט האָט ער — אויפן חשבון פון רינקען. צעקוויקט איז דער קאָמענדאַנט מיט אַ נקמה־זעטיקייט. אין קוקן ווי דער געהילף נעמט זיך באַלעקעריש צום קאַצעטלער און הייבט אים, און וואַרפט אַ הנאה־שמייכעלע אויף זײַן זײַט — איז אים, גריפן, געוויס דורכגעלאָפן פּלוצלינג אַ געפיל, אַז אין דעם קליינוווקסיקן ייִדל שטעלט זיך עס רינקע פאַר — אים, גריפן, ווי עס וויגט זיך און צאַפּלט זיך אונטער זײַן האַנט דאָס „דורעקל״, ווי ער רופט אים אונטער די אויגן...

אָשר ווידוקלע שטייט צוריק אויף דער ערד. זײַנען נאָך ניט זיכער די פיס, בייגן זיך קאָנוווּלסיוו, און דער גאַנצער קערפּער וויגט זיך, אויך אַז רב ירוחם כאַפּט זיך אונטערצוהאַלטן. דאָס פּנים לויפט אין רויט און קאַלך, און די אויגן ברייטערן זיך אַזש אין שטערן אַרײַן, שליסן זיך פאַרקוועטשט, און ווידער צעעפנט. ער שטרענגט זיך מיטן אָטעם און די הענט טאַפּן די שטריק, לייזער־לייזער מאַכן פונעם האַלדז. און אָט — ווידער זײַן שמייכל!

גריף קײַכט. און אַ בלינצל זײַנער גיט גאָר אַמוזאַנט אַ פאַל צו ווידו־קלען, גלײַך זיי בײדע זײַנען דאָ די זעלבע שותּפים אין דעם אָפּשפּיל מיט דעם גרויסן בעל־גוף. עס גיט צו אים אויך אַ זאָג:

— קליינע שטעלן אין שפּאָט אויף ריזן...

גריף איז שוין ווי באַרויִקט, ווי אויסגעניכטערט. און צוריק אין זײַן פּולער פּאָזע בײַם אָפּלאָזן די רייען. ער שליסט דעם אַפּעל מיט אַ דערקלער און וואָרענונג:

— אַ מאַנעווער איז עס דאָ הײַנט בײַ מיר געווען. נאָר הײַנט!.. שטראָנג און שטאָנג וועלן שוין דאָ פיגורירן, צוועקמעסיק, אַבסאָלוט!.. און דו, קלאַסישער קאַצעטלער — גיט זיך דער קאָמענדאַנט אַ ווענד צו ווידוקלען — דו ביסט בײַ מיר אויפן אויג, דו און דײַנע אַלע ברידער; ייִדישע אַכדעס... אָבער די נײַע איראָפּע בויט זיך; און אַהאַסוועր, דער אייביקער ייִד, מיט אַ שטראָנג אויף דעם האַלדז, כאַ־כאַ!..

— און ייִדן לאַכן פֿון דיר מיט דײַן נײַער אײראָפּע און דעם טויזנט יאָריקן רײַך... — טראָגט זיך אַ שושקערײַ מיטן צעשפּרייטן זיך פֿון די רייען.

— אַ נס, אַ נס! — לויפֿן באַלד פֿון אַלע זײַטן באַגריסונגען צו ווידוקלען.

— כּל־זמן די רישעות הערשט — לאָזט הערן אַ שטים — אוי, פּילט דער ייִד אויף זײַן האַלדז די שטריק!

— און אַז מיר לעבן — שמייכלט אונטער ווידוקלע — איז די שטריק אַ קראַנץ מיט די משונהדיקסטע ניסים...

# איבערגאַנג

(קאַפּיטלען)

**גרממיה**

אַז דײַטשלאַנד האָט שוין טאַקע באמת פאַרשפּילט די מילחמה און שטייט אויף די קני פאַר די בעלי־נצחון ; און דער סוף פון דעם וועלטפּײַער הענגט ממש אין דער לופטן ; און אָט גאָר שטאַרקע קלאַנגען אַז דער קייסער ווילהעלם גייט אַרונטער פון זײַן כּיסא־מלכות — הערט עס אַלץ אויס רב אביגדור מיט אויפגעשטעלטע ברעמען און פאַרטיפטע קנייטשן איבער זײַן ברייטן שטערן. אַ שאָקל אַ צושטימיקן מיטן גרויסן גרויען קאָפּ, און די אויגן ווידער אין דעם ספר וואָס ליגט פאַר אים.

די שנעלע הסכמה פון דעם שטאָט־רב אויף דעם גאַנצן פּאָליטישן אויסלייג, מאַכט שטאַרק חידושן רב רפאל לוקניקן, דעם גבאי, וואָס האָט עס געבראַכט די נײַס. איין מאָל און נאָך אַ מאָל ווישט ער איבער די גאָלדענע פּענסנע וואָס זײַנען געווען פאַרטראָפט פון דעם האַרבסטיקן דרויסן, און אין שטוב דאָ טויען זיי פון דעם הייצנדיקן אויוון. טשיקאַווע באַטראַכט ער דעם רבס פּנים און קען ניט פאַרשטיין זײַן גלײַכגילט. גאָר ווי אַ זיכערער נצחון איבער די דײַטשן איז פאַר אים שוין לאַנג גלוי וידוע, און אַזוי זאָל האָבן געווען זײַן מיינונג פאַר די איבער פיר יאָר פון דער מילחמה...

אַ בולטן רושם, זעט דער גבאי, האָבן אָבער זײַנע בשורות געמאַכט אויף דער רביצין. שלאַבערדיק האָט זיך איבער די אײַנגעפוילטע ברעטער

פון זײַנקענדיקן דיל אַ לאָז געטאָן אַ מאָגער הינדל. פון איר באַהעלטעניש האָט עס די באַלעבאָסטע באַפרײַט דעם עוף, וואָס איז ניט געווען רעגיס־טרירט אין מיליטערישן אַמט. די דײַטשן, פון דעם טאָג ווי זיי האָבן פאַר־נומען די געגנט, הערן זיי ניט אויף מיט די רעקוויזיציעס און קאָנפיס־קאַציעס. זיי האַלטן אין איין צאַפּן און אַרויספּרעסן. אַ שטרענגן חלק האָבן זיי אין דער תּבֿואה פון פעלד, און אין די מילך פון קו און ציג, און אין די אייער פון יעדער הון. אויף אַלץ איז אַרויפגעלייגט זייער אײַזערנע האַנט... אין דער זיכערקייט אַז די שווערע יאָרן ענדיקן זיך שוין, וואַרפט צו די רביצין אין אויוון נאָך אַ שײַטל האָלץ. באַלד כאַפּט זי אַרויף איר אויסגעלאָטעטע פאַטשיילע אויף דער צעדאַרטער פּלייצע, און דורכן פענצטער זעט זיך ווי אין דעם גוס־רעגן שנײַדט זי אַדורך די בלאָטיקע גאַס. מיט דעם באַרג נײַס גיט זי עס אַ ברייטן עפן די טיר בײַ דעם קעגנזייקן שכן.

שטאָט ווייס אַז לוקניק, דער גבאי, איז שטאַרק אין פּאָליטיק. נאָך יאָרן פאַר דער מילחמה פלעגט ער באַקומען דורך פּאָטשט יעדן טאָג אַ בלאַט. און אויך איצט, אין דער פאַרשפּאַרטער וועלט, איז ער אויסגעב־בונדן מיט ניט ווייניק מענטשן. הערט ער זיך אָן. אָנגענומען איז ער בײַ די אַרומיקע פּריצים און זיי באַראַטן זיך מיט אים. געווען איז ער אויך געערט אין דער רוסישער אַדמיניסטראַציע און גוט באַפרײַנדט מיט די העכערע טשינאָווניקעס. און נאָכן אַרײַנמאַרש אַהער פון די דײַטשן, איז ער אַן אָפּטער אַרײַנקומער אין זייערע אַמטן, מיט יידישע בקשות און השתּדלותן. ער ווערט אַפילו אויפגענומען פון דעם קאָמענדאַנט אַליין, וואָס קוועלט פון זײַן פּיקחות און צעשמועסט זיך מיט אים גאָר ברייט.

ווי יעדן וואָכנדיקן מאָרגן, פאַרפעלט ניט דער גבאי, אויף זײַן צוריק־וועגס פון דאַוונען, אַרײַנצוגיין צו רב אביגדורן. ווייס ער ווי שווערלעך עס איז מיטן אַרויסרײַסן דעם פאַרטיפטן קאָפּ, אַרויסרײַסן דעם רב פון זײַנע צעעפנטע ספרים איבער דעם ברייטן טיש, אָדער פון זײַן פעדער מיט די חידושי־תּורה. ניט לײַכט איז אַפילו מיט די קהלשע ענינים צו פאַרנעמען די צײַט בײַ דעם מרא־דאתרא... פאַלט אים ניט אײַן אויך הײַנט,

לוקניקן, אַרײַנצוגיין ברייטער מיט דעם רב אין דער וועלט־פּאָליטיק. און אַפּשיטא שוין צוואַרפֿן אַוועלכן רמז אויף דער אומגעריכטער ענדערונג בײַ אים, רב אביגדורן. בײַ אַ הנחה גאָר־גאָר אַן אַנדערער האָט ער זיך דאָך געהאַלטן וועגן דעם אַרויסגאַנג פֿון דער מילחמה. הערן האָט ער אַפֿילו ניט געוואָלט פֿון אַוועלכער אַנדערער סברה...

מינוטן נאָך ניט פֿאַרבײַ פֿון זײַנע געבראַכטע נײַס, איז שוין רב רפאל גאָר ניט זיכער אַז דער רב איז מיט אים אין גאַנצן מסכּים. אַ הייב האָט זיך אָט געגעבן רב אביגדורס קרומלעכער אַקסל, וואָס שלעפּט אַוועק דעם אָרעם פֿון אונטער דעם אָנגעשפּאַרטן קאָפּ. די צווייטע האַנט ליגט שוין ניט איבערן ספר. צעשטרעקט איז זי מיט דער גאַנצער ברייט פֿון דלאָניע, און די פֿינגער גייען אין ספֿיקות. וועגן מצב־המילחמה וואָס ער האָט געהערט, עפּעס לייגט זיך אים קשהדיק אויפֿן שׂכל. אַרום אויער דרייט ער פֿעסט דאָס שנירל, וואָס דינט אים אין די מילחמה־יאָרן פֿאַר אַ האַלאָבליע צו זײַנע ברילן. און די ביידע גלעזער גלאַנצן צו לוקניקן מיט תּמיהה. דאָס קול מיט אָפּפֿרעג:

— איך בין דאָך אויך געווען אין גאַס, געזען מענטשן...

אין גאַס איז דער רב געווען, מענטשן געזען... — באַהאַלט רב רפאל אין זיך דעם שמייכל. טשיקאַווע קוקט ער אָן דעם יושב־אוהל, וואָס גראָבט זיך שוין ווידער אין די ספֿרים. זײַן אײַליקער וועג פֿון שטוב צום בית־מדרש און צוריק, און די קאַרגע ווערטער זײַנע מיט מענטשן — זײַנען עס בײַ אים די גאַס און די פּראַקטישע וועלט. אויך אין קאָמערציעלע ענינים דינט דעם רב די אָ וועלט זײַנע. באַקאַנט איז שוין זײַן לשון צו די צדדים וואָס שטייען פֿאַר אים בײַ אַ דין־תּורה:

— אָט האַנדלט ווי איך לייג אײַך פֿאָר, און אַזוי וועט מען אויך אין גאַס אײַך עצהן; אַז בכלל, אַזוי פֿירט זיך דאָך אין דעם עולם־המיסחר, עולם־המעשׂה!

פֿאַרפֿלויגן איז שוין פֿון גבאי זײַן אויסרעכענונג, ער זאָל פֿאָרברענגען פֿאַרן מרא־דאתרא, ווי יעדן טאָג, עטלעכע קהלשע ענינים. פֿאַר זײַנע אויגן שווימט גאָר אַרויס נאָך איינער אַ פֿרימאָרגן מיט גרויסע נײַס. אַ

פּרימאָרגן שוין פון לענגער, אָבער דערמאָנט זיך אַזוי היינט. און אויך דעמאָלט האָט רב אביגדור גענומען אָפּפרעגן — מיט זיין גאָס.

פיר יאָר און נאָך עטלעכע חדשים זיינען שוין פאַרלאָפן פון יענעם טאָג, ווי אין דער זעלבער שטוב איז ער עס אויך געווען אַריינגעקומען, לוקניק, מיט זיין מאָרגן־באַזוך. און ווי שטענדיק איז דער רב שוין געזעסן אַריינגעטאָן אין תורה ביי אָט דעם טיש. זיין מינהג איז דאָך אויפצושטיין האַלבע נאַכט, צום אָפּריכטן חצות, תיקון־חצות. אויף דער ערד זעצט ער זיך, די פיס נאָר אין זאָקן, און ווי תשעה־באָב באַוויינט ער מיט קינות דעם חורבן פון בית־המיקדש און גלות־שכינה. פאַר זונאויפגאַנג גייט ער זיך טובלען אין טייך אָדער אין מיקווה. תפילת־שחרית איז ביי אים מיטן נץ; דער ערשטער שפּראָץ פון זון, מאַרקירט ער, זאָל פאַלן צווישן זיין ענדיקן די ברכה גאל־ישראל און דעם שטעלן זיך שמונה־עשרה. אין דעם טונקעלן און כמעט ליידיקן בית־מדרש קאָן ער זען ביי זיין דאַווגען נאָר דעם מנין יידן פון טיפן עלטער, די „משמרים לבוקר", וואָס פעדערן זיך אין די מאָרגנס לעבודת־הבורא.

פון בית־מדרש לאָזט זיך רב אביגדור איבער די הייזער ווו עס ליגט אַ קראַנקער. ער בלייבט נאָר ביי דער טיר און פרעגט נאָך ביי די שטוביקע, ווי עס שפּירט זיך דער חולה און ווי איז אים אַדורך די נאַכט. איז עס אַ שטוב פון אַ ניצרך, האָט ער ביי זיך אַ טוטעלע מיט מזומנים, פון דעם געלט וואָס ער באַקומט פון נדבנים, אָדער רייסט אַרויס פון די גבאים. די ווייב גרייט עס אים צו די טוטעלעך; מחמת ער איז ניט רגיל אין מטבעות, פלאָנטערט ער זיך אין דעם ציילן און אין אונטערשיידן... דעם חולה אַליין בעט ער מען זאָל אים איבערגעבן, אַז ער איז מתפלל פאַר אים אויף אַ רפואה שלמה; דריי מאָל אַ טאָג, אין דער תפילה „רפאנו", דערמאָנט ער אים מיטן פולן נאָמען און מיטן הנולד מהאשה, מיט דעם נאָמען פון דעם קראַנקנס מאַמען, וואָס דאָס איז אַ באַזונדער סגולה ביים אויסבעטן רחמים פאַר אַ מענטשן אין אַ סכנה. גלייך גיט אָבער דער רב יעדן מאָל צו:

— און דער עיקר, דער חולה אַליין זאָל זיין האָפענונג לייגן אויף דעם מלך רופא נאמן, דעם כול־יכול!

אויך אין יענעם טאָג מיט איבער פיר יאָר צוריק, איז נאָך דעם רבס חצות און טבילה, און בית־מדרש, און זײַנע חולאים — איז אויך רב אביגדור געזעסן דאָ אין שטוב אויף דעם זעלבן אָרט. אַ זומערדיקער פרײַטאָג געווען, 1914. אין דעם פרימאָרגן פון יענעם טאָג האָט ער, לוקניק, שוין ניט גע־וואַרט אַז דער רב זאָל אַרויסהייבן זײַן קאָפּ פון די ספרים און כתבים. גלײַך האָט ער געלאָזט פאַלן:

— אַ מילחמה! אונדזער רוסלאַנד קעגן דײַטשלאַנד...

— דײַטשלאַנד?.. — זײַנען אין דער רגע רב אביגדורס ברילן שוין געווען פאַררוקט הויך איבערן שטערן — דאָך פּרײַסן, ניט ווײַט פון אונדז!..

— נאָענט, רבי, הינטער אונדזערע פענצטער. בײַ דער דײַטשישער גרענעץ ליגט די גאַנצע געגנט אונדזערע, זאַמעט. און גאַנץ ליטע!

אַ הייב פון אָרט האָט זיך דעמאָלט געגעבן רב אביגדור. שרעק האָט זיך צעפינטלט פון זײַנע אויגן, און דער שטערן וויגט זיך אין טיפע קנייטשן. אײַנגעשפּאַרט מיט דיביידע הענט אין טיש, האָט זיך צעשאָקלט דער איבערגעבויגענער גוף, ווי דורכגעבליצט מיט אַ ברענענדיקן געדאַנק:

— גערמאַניע... פּרײַסן, דײַטשלאַנד, גערמאַניע... היינו הך... גערמאַניע, גרממיה של אֱדוֹם!..

האַסטיק האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו דער פּאָליצע ספרים בײַ דער וואַנט. זײַנע ציטערדיקע פינגער בלעטערן אין אַ כּרך פון דעם גרויסן ווילנער ש״ס, און דאָס קול באַלד מיט אַ טרויעריקן גמרא־ניגון:

— גרממיה של אֱדוֹם, שאילמלא הן יוצאין, מחריבין כּל העולם כּולו... מגילה דף וואָו, זעקסטע בלאַט; און אָט בײַם ראַנד זײַט, אין די הערות הגר״א, איז דאָס וואָרט גרממיה אויסגעטײַטשט: גרמניה. די גערמאַניע, ווערט עס געזאָגט, אַז די אַ מדינה גייט אַרויס אויף מילחמה, איז זי בכּוח חרוב צו מאַכן די גאַנצע וועלט. אַ בפּירושע גמרא!..

באַנעמען האָט ער ניט געקענט דעם גאַנצן ענין, רב אביגדור. אין יענעם פרײַטאָגדיקן מאָרגן האָט ער זיך ממש צעשריִען אויף דעם וועלן זיך פּאַרמעסטן מיט דער גרממיה. אַזאַ מוראַדיקער טעות פון דער מלוכה, מלכות רוסלאַנד!.. ביטולדיק האָט ער געמאַכט מיט די הענט און מיט זילזול זיך

צעשמייכלט אויף די יועצים און שׂרים פון פּעטערבורג, די עיר־הבירה, און אויף דעם קייסער ניקאָלאַי. איין מאָל און נאָך אַ מאָל האָט ער איבערגע־חזרט דעם פּסוק „משיב חכמים אָחור ודעתם יסכּל", פאַרדרייען טוט גאָט דעם מוח פון חכמים און פאַרנאַרישט זייער שׂכל. אַן עונש מן השמים...

באַלד אָבער האָט אים דעמאָלט אַ שלאָג געטאָן מיט ספיקות. ניט זיכער איז ער שוין געווען אין דער עצם ידיעה, אַז אַ מילחמה:

— איך בין דאָך אויך געווען אין גאַס...

בײַ דער אָ קשיה זײַנער אין יענעם פרײַטאָג, האָט זיך אָבער מיט האַסט אַן עפן געטאָן די טיר. פאַר די אויגן שטייט אים נאָך, לוקניקן, ווי עס האָט זיך געהאַט אַרײַנגעלאָזט אַ ייִד, און הינטער אים זײַן גאַנצע הויז־געזינד. אויף דער מילחמה איז דער מענטש גערופן, איז ער עס געקומען זיך געזעגענען. אַרום די פיס פון זייער טאַטן קלאַמערט זיך דאָס קליינוואַרג, און די גרעסערע לאָזן ניט אָפּ זײַנע הענט. מיט געכליפּ בעט די ווײַב אַ ברכה פון רב, אַז איר מאַן זאָל בלײַבן לעבן און וואָס גיכער זיך קערן אַ געזונטער אַהיים... ניט פאַרמאַכט האָט זיך שוין דעם טאָג די טיר; געקומען זײַנען נאָך און נאָך מילחמה־גערופענע...

אויך יענער פרײַטאָג, וויס גוט דער גבאי, האָט ניט געווירקט אויף דעם יושב־אוהל, אַז ער זאָל שוין אויפהערן מיט זײַן „גאַס" און מיט זײַן טרעפן זיך מיט מענטשן. ניזהר איז ער דאָך בכלל פון אַרײַנגיין מיט וועמען אין רייד וואָס זײַנען ניט פון דברי־תּורה און מוסר. סתּם אַ שמועס, הייסט בײַ אים ביטול־תּורה, דברים־בטלים... האָבן זיך דורך די יאָרן פון דער מילחמה ווייניק־וואָס געפונען בעלנים אויף דורכריידן זיך ברייטער מיט דעם רב אין פּאָליטיק. האָט אויך זעלטן ווער מעיז געווען צו באַשטרײַטן זײַן זיכער־קייט, אַז גרממיה, דײַטשלאַנד הייסט עס, וועט האָבן דעם נצחון — די הנחה זײַנע, געבויט אויף אַ וואָרט אין גמרא.

און אָט איז די מילחמה שוין בײַ סאַמע ענד. האָט ער עס הײַנט, לוקניק, געבראַכט דאָ אין שטוב די לעצטע נײַעס, האָט דערציילט וועגן דער גרויסער אַנטשיידענער מפּלה פון די דײַטשן, און אַז שוין בײַ זיי אחרי־ככלות־הכּל. און דער רב איז דאָך באַלד געווען מסכּים. פּלוצעם אָבער —

שוין ספיקות, ער ברעקלט זיך. צעהויבן זײַנען בײַ אים די פּלייצעס — ער איז דאָך אויך געווען אין גאַס, מענטשן געזען...

אַ וואָרט רעדט ניט דער קלוגער גבאי. דעם שמייכל אָבער לאָזט זיך אים ניט באַהאַלטן. פון דער זײַט מערקט ער ווי דער רב גיט זיך יעדע ווײַלע אַ דריי פונעם ספר, שאָקלט זיך הין־הער, און די אויגן שטײַף פאַר־קוועטשט. צווישן די ציין קײַעט זיך אַ שפּיץ באָרד. און אָט שלײַפט זיך די צונג צווישן די ליפּן. זיי שליסן זיך אָבער באַלד, און דער קאָפּ מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן צוריק איבערן ספר... נאָך מינוטן איז שוין רב אביגדור אַפּנים באַשלאָסן צו ווײַזן אַז ער איז כּלל ניט אָפּגעשטאַנען אין הוויות־העולם:

— אין פּלוג איז דאָך די דײַטשע מפּלה אין אַ שאַרפער סתּירה מיט דער גמרא, אָט דער מאמר „גרממיה של אֱדוֹם"... האָט מיר אָבער שוין לעצטנס אַ שײַן געטאָן, אַז די סתּירה לאָזט זיך יע איינזעצן. פּשוט, אין דעם מאמר איז וועגן גרממיה דאָך ניט געזאָגט „מנצחין", אַז דײַטשלאַנד קאָן באַזיגן. „מחריבין" שטייט נאָר געשריבן. די אַ מדינה, הייסט עס, איז בכּוח צו חרוב מאַכן די וועלט. האָבן דאָך די דײַטשן אין דער מילחמה טאַקע חרוב געמאַכט שטעט אויף שטעט און לענדער גאַנצע!

### צער-גידול-בנים

רב רפאל לוקניק, דער שטאָט־גבאי, האָט שוין געזאָגט דעם רב אַ גוטן־טאָג און אַ קוש געטאָן די מזוזה. איז פון דרויסן אָנגעלאָפן די רביצין און לאָזט אים ניט שטעלן אַ טראָט ווײַטער. דאָס פּנים פלאַמט איר:

— אַ ביזיון!.. פון קאָפּ הײַנט אַרויס דאָס גלעזל וואַרעמס; מישטיינס געזאָגט, דער גרויסער כּיבוד אין די איצטיקע מילחמה־יאָרן... איר וועט זיך זעצן, רב רפאל, וועט טרינקען!

די גוואַלדיקע מילחמה־נײַס וואָס לוקניק האָט געהאַט דאָ פריִער אין שטוב געבראַכט, האָבן עס אַ טראָג געטאָן די פרוי צו שכנים, איבערצו־

דערציילן פאַר מענטשן. אַן עק נעמט דאָך שוין צו דעם וועלטאומגליק און ווידער קומט שלום־ושלווה!.. פון אויוון כאַפּט איצט די רביצין אַרויס דעם דרומל און נעמט גיסן דאָס קאָכעדיקע וואַסער אין צוויי גלעזער, פאַר איר מאַן, רב אביגדורן, און פאַר לוקניקן. דאָס טעצל צוקער וואָס די באַלע־באָסטע שטעלט אַוועק אַזוי נאָענט צו זייַן גלאָז און דער שטרענגער בליק אירער וואָס פאַלט אויף זייַן האַנט, האַלט אָפּ לוקניקן פון אַ נעם צו טאָן פון וועסטל־קעשענע דאָס מיטגעבראַכטע צוקער און עס אַרייַנשיטן אין דעם וואַרעמען טרונק, ווי ער איז געוווינט אין די לעצטע יאָרן. ער זעט שוין ווי דורכגעדרונגען איז די רביצין מיט דעם געפיל אַז די מילחמה איז צו ענד, און דער גרויסער מאַנגל אין עסנוואַרג וועט אויך גיך פאַר־בייַגיין...

ווי יעדן מאָרגן פילט זיך דאָ דער גבאי ניט גאָר אַנגענעם בייַם טרינ־קען זייַן טיי מיט צוקער און אויך מיט אַ ביסל מילך. די גלאָז פון דעם רב, וואָס זיצט אַקעגן אים, איז נאָר היילע וואַסער. בייַ אים איז עולם־הזה אויך אַ געשמאַקערער טרונק, וואָס איז נאָר אויף מענג זייַן דעם גוף, און צעבאַלעוועט דעם חומר. מהאַי טעמא איז ער אַ קנאַפּער חסיד פון פלייש, וואָס איז דאָך סתם מטמטם הלב, פאַרגרעבט דאָס האַרץ. נאָך די תעניתים, וואָס זייַנען בייַ אים אָן אַ צאָל, פאַסט ער זיך אָפּ מיט גאָר קליינע פּישעלעך וואָס האָבן בײנדעלעך אַ סך. אַזאַ מאכל מוז מען עסן פאַרזיכטיק און פּאַוואָ־ליע. איז געצוימט דער אַפּעטיט.

דאָס מילדע פּנים פון רב אביגדורן און זייַנע געלאַסענע זופּן פון דער טיי, האַלטן שוין אָפּ דעם גבאי פון רירן זיך ווידער אַהיים. ענינים אַזוי פיל קהלשע בעטן זיך דאָך אַרומצוריידן מיטן רב. וועט ער אפשר טאָקע אַ פּרווו טאָן... ניט פאַרענדיקט אָבער דאָס טרינקען און נאָך פאַר דער ברכה־אחרונה, איז די רביצין פאַרלאָפן מיט אַ פאַמיליע־ענין:

— טאָ ווי איז הייַנט מיטן פאָרן צוריק פון מינסק?

די שרעק פון דער מאַמען וועגן דעם זון, וואָס מאָרגן ווערן שוין פינף וואָכן ווי ער איז אַוועקגעפאָרן און די לעצטע טעג וואַרט מען אין דעם רבס שטוב שוין אַזוי אויף זייַן צוריקקער — וואַרפט אָן אַן אומרו אויך אויף

דעם גבאי. ניט נאָר פון מינסק, ווייס ער, קאָן מען שוין אַהער ניט קומען מיט דער באַן, און ניט גאָר לײַכט אויך מיט אַ פור. אַפילו פון ווילנע, און פון דער נאָענטער קאָוונע, איז אַ סכּנה דאָס פאָרן. הפקר זײַנען דאָך הײַנט די וועגן פאַר יעדן רויבער!.. לוקניקס בליק גראָבט זיך אין דער ליידיקער גלאָז וואָס שטייט לעבן אים. ניין, פון מוח דראַפּעט זיך אים ניט אַרויס עפּעס אַ וואָרט אויף צו לינדערן דעם פּײַנלעכן איבערציטער פון די ביידע עלטערן. אין אַזאַ פאַרפלאָנטערטער צײַט האָט זיך געלאָזן זייער זון משה גאָר אין אַ ניט־נאָענטע נסיעה. געפאָרן איז ער קיין מינסק וועגן אַ ירושה וואָס איז געבליבן פון דער רביצינס אַ קרובה. און ער איז נאָך אַלץ ניטאָ צוריק.

טיף אין האַרצן פלאָגט זיך די מאַמע, פאַרשטייט לוקניק. זי! פון דעם טאָג ווי זי האָט פון מינסק באַקומען אַ ידיעה וועגן דעם טויט דאָרט פון איר מומען, וואָס איז געווען אַ רײַכע אלמנה און קינדערלאָז — האָט זי ניט גערוט. דערוווּסט האָט זי זיך, אַז פאַרן שטאַרבן האָט די מומע אַוועק־געלייגט בײַ אַ באַרימטן רב אַ סך פון אירע שטובזאַכן, אין דעם אויך טײַערע צירונג און אַ מענערשן גאָלדענעם זייגער מיט אַ גראָבער גאָלדע־נער קייט, און דערצו נאָך אַ שווער זעקעלע מיט גאָלדענע מטבעות... שעהן גאַנצע פלעגט די רביצין אים לעצטנס פאַרנעמען, רב רפאלן, מיטן העלפן איר מאַכן חשבונות פון דער ירושה. אויסצוגעבן איז דאָ אַ טאָכטער. אויף אַן אויפריכטונג וואָרט אויך די עלטערע טאָכטער וואָס איר מאַן קאָן זיך אַלץ ניט דערשלאָגן צו אַ רבנות, און די מישפּחה בײַ אָט דער פאָר וואַקסט.

אין אַ ספר קוקט שוין ניט רב אביגדור, אָן אַ זײַט אויך די פעדער מיט די כּתבים. דער מאָגערער גוף איבערגעבויגן איבערן טיש, שאָקלט זיך דער גוף מיט אויגן פאַרמאַכטע, וואָס די קנייטשן אַרום זיי פאַרקוועטשן זיך שטאַרקער און שטאַרקער. פילט לוקניק אַרויס די פּײַנלעכע מחשבותן וואָס זײַנען באַפאַלן דעם רב. בכלל האָט אים שוין אָט דער משה פאַרשאַפט גענוג צער. אַז עס איז געווען געקומען זײַן צײַט צו ווערן אַ תּלמיד פון אַ העכערער ישיבה, האָט זיך דער בחור אײַנגעשפּאַרט צו לערנען דווקא אין ווילנע. הערן האָט ער ניט געוואָלט, אַז אַ כּרך איז דער אומפּאַסיקסטער

אָרט פאַר אַ יונגן בן־תּורה, וואָס מוז זײַן אַרײַנגעטאָן נאָר אין גמרא. נאָך מיט יאָרן־יאָרן צוריק — איז געווען דעם טאַטנס טענה — האָט דער ווילנער גאון געעצהט זײַן באַרימטן תּלמיד רב חיימען, אַז די ישיבה וואָס ער האָט בדעה צו מיסד זײַן, זאָל ער זען צו מאַכן אין אַ קליינעם מקום. איז עס דעמאָלט געוואָרן אויסגעקליבן וואָלאָזשין, אַן אָפּגעלייגט שטעטל. אַפּשיטא שוין ווי מסוכּנדיק איז די הײַנטיקע ווילנע, אַ שטאָט פול מיט משׂכּילים, און סתּם דאָרט כּל המינים כּופרים!..

האָט די ווילנע טאַקע באַלד זיך געלאָזן שפּירן אויפן זון. דעם ערשטן יאָר, געווען געקומען אויף יום־טוב אַהיים — צווישן זײַנע זאַכן אַ רוסיש ביכל. אַ גזירה אַזאַ, האָט זיך משה גענומען פֿאַרענטפערן; די תּלמידים פון ישיבה מוזן אויך אַ ביסל לערנען לשון־המדינה... די לעצטע יאָרן איז ער שוין אויך אַ מחותּן מיט דײַטשע ביכער. און שוין אויך אַ פּאָליטיקער. דעם סוכּות האָט ער ניט אויפגעהערט צו ריידן פון עפּעס אַ דעקלאַראַציע וועגן אַ יידישער מדינה אין ארץ־ישׂראל, אַזאַ מין התחייבות וואָס האָט אונטער־געשריבן אַ לאָרד באַלפור, אַן ענגלישער מיניסטער. איז שוין אין ווילנע גאָר אַ גרויסע ציוניסטישע אויפלעבונג. אַ סך נעמען זיך גרייטן צום פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. מיטגעבראַכט האָט משה בילדלעך וואָס ווײַזן ווי חברה יונגע מאַכן אַזוינע קונצשטיק, וואָס הייסט „גימנאַסטיק". דעם טאַטן זײַנעם האָט ער אַפילו צוגעטראָגן אַ בילד ווי אויף הויך־אָנגעצויגענע שטאַנגען שטייען בחורימלעך מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף... איין מאָל אַ קוק און נאָך אַ מאָל אַ קוק מיט די ברילן זײַנע, האָט רב אביגדור נאָר געזאָגט:

— מיט די חכמות קען מען נאָך ניט פאַרענטפערן אַ תּוספות, אַפילו אַ ניט־האַרבן...

מיט גאווה האָט משה אויך דערציילט, ווי ער און נאָך ישיבה־בחורים אין ווילנע האָבן זיי זיך געמאַכט אַ מין חברה. לערנען זיי יידישע געשיכטע און נאָך חכמות. צוויי מאָל אַ וואָך טרעפן זיי זיך אַלע מיט איינעם אַ דאָקטאָר יוסף רעגנסבורג, וואָס איז אַ מנהיג בײַ די ציונים און בכלל אַ גרויסער מלומד. באַקענט ער זיי מיט דער פילאָסאָפיע, און שמועסן וועגן

ארץ־ישׂראל... אַ טאָג צוויי נאָך אָט דער בשׂורה טובה האָט שוין דער טאַטע באַשײַמפּערלעך געזען ווי מיט דעם חברה־מאַן האַלט. שמיני־עצרת בײַם עסן, האָט רב אביגדור גערעדט פון דער מגילה קוהלת, וואָס מען האָט אין דער פרי געלייענט אין בית־מדרש. אין מסביר זײַן די דברי־חכמה און דעם מוסר־השׂכל פון שלמה המלך, וואָס האָט די מגילה געשריבן, האַקט איבער משה און וואַרפט גאָר אַרײַן:

— די ביבל־פאָרשערס, די חוקרי־המיקרא, זײַנען בכלל מסופק, צי שלמה המלך איז טאַקע באמת געווען דער מחבר פון קוהלת...

— דו־דו, מה־למעלה־מה־למטה, פּי־פּי־לאָסאָפיע, דו־דו־או־או!.. — האָט זיך רב אביגדור פאַרהיקעט, ווי זײַן טבע שוין בײַ אַ שטאַרקן שוידער און בײַ פרעמדווערטער; אויסגיסן האָט ער גענומען זײַן רוגזה אויף די כּופרים און פילאָסאָפן וואָס פאַרקריכן אין גאָר הויכע דרכים, שרעקן זיך אַפילו ניט אָפּ פון אַרײַנגיין מיט חקירות אין די סודות פון מעשׂי־בראשית.

פאַרשטערט איז שוין געווען אין שטוב דער יום־טוב. ניט געוואָלט האָט דער רב אַפילו אויסהערן די איבערבעטענישן פונעם זון און זײַנע דערקלערונגען, אַז בעצם איז ער גאָר ניט מסכּים מיט די דעות־ניפסדות, וואָס עס זאָגן און שרײַבן די חוקרים:

— כּהוא־זה האַלט איך פון זיי ניט, כּהוא־זה ניט!..

דעם גרויסן חשש האָט שוין דער זון ניט אַרויסגעשלאָגן פון זײַן טאַטן, וואָס האָט נאָר אָפּגעקרעכצט:

— איך, אַוודאי ווילט זיך מיר גלייבן אַז דו גייסט אויפן דרך־הישר; אין הימל אָבער, צי דאָרטן האַלט מען נאָך פון דײַן ייִדישקייט, ווער ווייסט...

דעם חשד פון רב אביגדורן האָט די לעצטע וואָך פאַרשטאַרקט אַ גרוס פון מינסק. אַ געקומענער פון דער שטאָט האָט דערציילט, אַז משה מישט זיך דאָרטן מיט ציוניסטן און סאָציאַליסטן; געהאַלטן האָט ער אַ רעדע פאַר עפּעס אַ חברה יונגע, וואָס רופן זיך חלוצים; זײַנען אין זאַל אַלע געזעסן אָן היטלען, און אויך דער רעדנער...

דײַטלעך ביז גאָר זײַנען איצט פאַר לוקניקן די תּנועות וואָס פלאַטערן דאָ בײַם טיש איבער דעם רבס פּנים. הילפלאָז שפּרייטן זיך אים די בײדע אָרעמס, און די אויגן רחמנותדיק אויף אויבן:

— שולדיק וועגן מײַן משהן, איז טאַקע נאָר איך, איך אַליין... אַ קינד האָט זיך געהאַט אײַנגעשפּאַרט צו פאָרן לערנען דווקא אין ווילנע, אין אַזאַ מסוכּנדיקן כּרך; האָט אַ טאַטע בשום ענין ואופן ניט געטאָרט נאָכגעבן!.. מײַן שולד, מידי תּבקשנו, פון מיר וועט זײַן געמאָנט...

דער בית־דין־של־מעלה, דאָס שטעלן זיך אויפן הימל נאָכן טויט אָפּ־צוגעבן אַ דין־וחשבון פאַר די אַלע מעשׂים בײַם לעבן — די אָ מורא לאָזט ניט אָפּ רב אביגדורן. פּרוּווט לוקניק דאָך צו לינדערן דעם צער פון רב:

— סתּם זוכן אויף זיך חטאים... סכּנות אויף יוגנט לויערן ניט נאָר אין אַ כּרך...

ייִאושדיק שאָקלט רב אביגדור מיטן קאָפּ, שמייכלט ביטער. מבטל מאַכן וויל עס דער גבאי זײַן צער וועגן דעם מיטעלן זון. אָבער אָט איז שוין אין אים אויפגעריכט ווידער אַ ווונד. יעקב, דער בכור זײַנער, האָט געלערנט אין אַ קליין שטעטל, אין דער באַרימטער ראַדונער ישיבה, און דערגאַנגען צו גרויסער לומדות. איז דער מוסד־התּורה צוליב דער מילחמה געוואָרן פאַרוואָגלט ערגעץ אין רוסלאַנד, וואָס לעצטנס איז דאָרט פאָרגע־קומען אַזאַ גרויסע מדינה־איבערקערעניש. דערציילט מען, אַז יעקב איז געוואָרן אַ באָלשעוויק, און אַפילו עפּעס אַ קאָמיסאַר... ווי שאַרף אָבער דער אָ זון האָט ניט פאַרבראָכן מיט דער אמונה, איז דאָס אחריות זײַנע, פון דעם טאַטן, פאָרט ניט אַזוי האַרב. נאָגעניש און לײדן אָן אַ שיעור פאַרשאַפט אים דער ייִנגערער:

— וועגן יעקבן קאָן איך בײַם בית־דין־של־מעלה נאָך האָפן אויף אַ מליץ־יושר; געטאָן האָב איך דאַכט אַלץ, ער זאָל זײַן אַ בן־תּורה און אַן ערלעכער ייִד. וועגן משהן אָבער, אַ וואָרט דאָך ניט אָפּצוּוענטפערן דעם קטיגור!

לוקניק האַלט זיך שוין אָפּ פון מוטיקן דעם רב. אַרײַנלויבן קאָן ער אים דעם דריטן זון, משולמען, וואָס איז פון די מצוינים אין טעלזשער

ישיבה. ניט ווייניק שבחים לאָזן זיך אויך זאָגן וועגן די טעכטער. ער שווײַגט אָבער. ער ווייס, אַז ווי מען נעמט רב אביגדורן אויסרעכענען די קינדער זײַנע, דערמאָנט ער באַלד די דרײַ קליינע וואָס זײַנען בײַ אים אומגעקומען אין אַ מגיפה. און צעקרעכצט זיך מיט דעם מאמר: „בעוון ביטול תורה בניו של אדם מתים כשהן קטנים״, צוליב דעם מענטשנס חטא פון ביטול־תורה, שטאַרבן בײַ אים די קינדער קליינערהייט...

אין אַ ספר קוקט נאָך אַלץ ניט דער רב. אָן אַ זײַט אויך די פעדער מיט די כתבים. ווידער פאַרקוועטשט די אויגן, אין טיש אײַנגעשפּאַרט די ברוסט, און דער קאָפּ צעשאָקלט זיך פון אַקסל צו אַקסל מיט אַ מוטיקן גמרא־ניגון:

— חזר הקדוש ברוך־הוא על כל מידות טובות ליתן לישראל ולא מצא אלא עניות...

פון די אַלע מידות טובות, הייסט עס, וואָס גאָט האָט דורכגעזוכט צום שענקען זײַן פאָלק ישראל, האָט ער נאָר אײַנגעפונען די אָרעמקייט... פון דעם מאמר־חז״ל וואָס לוקניק הערט, ווייס ער שוין אַז דער רב איז בײַ זײַן מסכתא. יאָרן ווי ער האָט זיך אויסגעקליבן די מסכת חגיגה און האַלט זי אין איין אײַנחזרן אויסווייניק און גרינטלעך מסביר זײַן יעדן וואָרט. דאָס טוט ער לויט אַן אַלטער עצה נאָך פון דעם ווילנער גאון. געהאַט גערעדט האָט דער גרויסער צדיק מיט זײַנע תלמידים וועגן דעם יום־המיתה, און וואָס קאָן דער מענטש טאָן צו זײַן ערשטן דערשײַנען דאָרטן אויפן הימל. האָט דער גאון געגעבן אַ משל. איינער קומט פון אַ לאַנגן וועג אַהיים. אין זײַנע פּעק קאָנען זיך געפינען די בעסטע מתנות. אָבער איידער מען עפנט דעם גאַנצן באַגאַזש און מען קלײַבט פונאַנדער, ווייס מען נאָך גאָרניט וואָס דער גאַסט האָט מיטגעבראַכט. דער קלוגער האַלט אָבער אין זײַן האַנט גרייט איין קליינע שיינע מתנה. ווערט ער באַלד מיט זײַן באַווײַזן זיך וואַרעם אויפגענומען... כך, אַז נאָכן טויט קערט זיך די נשמה צוריק אין הימל, קאָן טאָקע זײַן אַז בײַם פונאַנדערקלײַבן די אַלע מעשׂים פון דעם מענטשן בחייו, אויף דעם עולם־התחתון, וועט דער בית־דין־של־מעלה געפינען בערג גאַנצע מיט תורה און מיצוות. אָבער וואָס־ווען, איז תכליתדיק אַז

מיטן באַוויַיזן זיך פאַר דער פמליה־של־מעלה, האָט מען שוין־גרייט אַ גוט איַינגעחזרטע מסכתא. און טאַקע באַלד אָפּגעזאָגט, בשלימות, מיטן ריכטיקן הסבר. באַקומט מען דאָך עפּעס אַ קבלת־פּנים!..

## אָבינו מלכּנו

— אָבינו־מלכּנו, און די אַנדערע הוספות, אָבער נאָך ניט אויפהערן...

דער אָנזאָג צו דעם גבאי וועגן די תּפילות אין בית־מדרש, גיט אַ פאַל פון דעם רבס מויל אָן אַוועלכער הפסקה אין זיַין לערנען אויסווייניק די גמרא. אין זיַין שאָקלען זיך, און כּמעט מיטן זעלבן ניגון, וואָרנט ער עס פון אַ געאיַילטער הנחה, אַז פאַרביַי איז שוין די מילחמה מיט אַלע אירע צרות. חושש איז ער, אַז דער עולם קאָן שוין אויפהערן מיט די תּפילות וואָס במשך פון דער מילחמה האָט ער געהאַט צוגעגעבן. און אָן אָן איבערגאַנג האַלט ער שוין, רב אביגדור, אַ פּאַפּיר ביַי די אויגן, אַ שאלה־בריוו צו אים פון אַ דערבייַיִקן רב. פון האַרבער פּאַרטיפקייט צע־לייענט ער זיך אויפן קול. אַ מעשׂה מיט אַ דאָרפגייער. שוין איבער פינף יאָר ווי ער איז פאַרפאַלן געוואָרן אויפן וועג מיט זיַין סחורה דורך אַ וואַלד, און באַוווּסט איז דער מקום מיט גזלנים. מעג זיַין וויַיב, די עגונה, חתונה האָבן?

כאַפּט זיך שוין ניט רב רפאל לוקניק, דער גבאי, יעדע וויַילע צו דער גראָבער גאָלדענער קייט וואָס ציט זיך יוסט איבער זיַין בויך צו דעם זייגער אין וועסטל־קעשענע. די ציַיט ברענט טאַקע ביַי אים, אָבער אָט זעט ער ווי דער יושב־אוהל נעמט אַריבערגיין צו דער מציאות, צום ממשותדיקן לעבן. דאָס זוכן אַ היתּר פאַר דער פאַרצווייפלטער פרוי — ווי זיַין שטערן איז שוין אָט פאַרגאַנגען אין טיפע קנייטשן. געוויס וועט ער זיך באַלד אַ ווענד טאָן צו אים, לוקניק, דעם אַלטן וואַלד־סוחר, וואָס איז אויסגעבונדן אין דער גאַנצער געגנט. נעמען וועט ער אַרומפרעגן וועגן דעם געגנויעם מקום וואָס דער מענטש איז פאַרפאַלן געוואָרן. וועט ער, דער גבאי, שוין אויך נעמען ריידן וועגן די קהלשע ענינים...

אַז מיט דעם רב וועט זיך אים שוין לאָזן ברייטער אַ שמועס טאָן, מיינט אַפּנים אויך די רביצין. אַ גלאָז טיי טראָגט זי אים ווידער צו, לוקניקן, און מיט אַ קליינעם צוביַיס.

— איר זיַיט דאָך ניט געגעסן... אַז איר מאָן קאָן זיך ביַים רב פאַרזעסן, ווייס מסתמא איַיער ריקל...

— אַ דאַנק. נאָר טרינקען, עסן אָבער ניט; צוליב דריַי טעמים... — און אַז טאַקע גענוי די צאָל דריַי, נעמט לוקניק מיט אַ תמימות ציילן אויף זיַינע פינגער — ערשטנס, איך האָב אַ שטוב; צווייטנס, איך האָב אַ וויַיב; דריטנס, איך האָב מורא...

קלות־דעת און ליצנות איז רב אביגדור שטאַרק ניט סובל, און בפרט פון זיַין ראש־הקהל. באַנעמען קען ער ניט, וואָס אַנדערע זיַינען דערביַי מלמד־זכות אויף אים. רב רפאל, זאָגן זיי, פאַרשוויַיגט כסדר אין זיך דער וויַיבס גוואַלדן. איז ביַי אים דערפאַר די געוווינהייט אויסצולאָדן אָפּט מאָל זיַין פאַרשטיקטן געמיט — אין אַ צוגעטראַכטער הלצה, אַ ווערטל. דאָס רוב לאָזט ער הערן די חכמות זיַינע טאַקע אין ביַיזיַין פון דער וויַיב, און זי איז פון די ערשטע וואָס לאַכן...

הסברים אַזעלכענע זיַינען אָבער פאַרן רב ניט מער ווי דברים־בטלים. זיַין צער דאָ איצט איז אויך צוליב דער רביצין, זיַין וויַיב. מיט איר אָנווונק צו לוקניקן וועגן דעם שלום־בית ביַי אים, האָט זי עס ווי גורם געווען אָט צו זיַין שפּאָגל־ניַיעם חכמהלע... אַז זי לאָבט זיך טאַקע מיט די חכמות זיַינע, ווייס רב אביגדור און האָט פאַרדראָס. שוין חדשים ווי זי דערציילט און דערציילט אַ קאַטאָוועס פון זעלבן גבאי. פאַריקן פורים איז ער געווען אַריַינגעקומען דאָ אין שטוב מיט טריט געבראָכענע און דאָס פנים פאַרדאגהט — אין דעם טאָג וואָס איז אַ בפירושע מיצווה צו זיַין לעבעדיק פריילעך, און אַפילו אָנגעשיכורט. מוטלאָז האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און אויף דעם טיש אַ לייג געטאָן זיַין חתונה־כתובה צוזאַמען מיט אַן אָפּשריפט. אַ חתימה בעט ער פון רב, אַז די כתובה איז ריכטיק גענוי איבערגעשריבן. דערביַי האָט ער פאַרגלאָצט די אויגן, זיך צעשאָקלט ווי

מיט אַ טיפֿן ציטער, און מיט פלאַטערדיקע תּנועות גאָר געגומען רײדן וועגן דעם וואָס קיין מענטש ווייס ניט זײַן לעצטן טאָג, וויפֿל אים איז באַשערט צו לעבן. ווײל ער, אַז אָט דער אָפּשריפֿט זאָל אים ווערן מיטגעגעבן אויפֿן וועג אַהין־אַהין. און ווי נאָר מען ווערט אויפֿן הימל דערזען ווער איז געווען זײַן פּלונית, און לויט דעם חתונה־טאָג וואָס איז באַצייכנט אין כּתובה ווערט געמאַכט ווערן דער חשבון יאָרן פֿון זײַן אויסשטיין פֿון דער ווײַב — פּירט מען אים גלײַך אין גן־עדן.

רב אביגדורס קוק אויף זײַן שפּאַסמאַכערײַ, ווייס לוקניק ניט פֿון הײַנט. איצט מערקט ער דאָ אין שטוב דײַטלעך זײַן בײַסן זיך מיט אַ רוגז די ליפּן, און דער קאָפּ זײַנער מיטן גאַנצן בליק קערט זיך אַלץ מער אַוועק און זינקט מיט די אויגן טיפער און טיפער אין דער תּשובה וואָס ער שרײַבט צום שכנותדיקן רב. פֿאַרכּעסט איז יעדער טונק פֿון דער פֿעדער אין טינטער אַרײַן; און וואָס נאָר אָנגעשריבן, נעמט ער האַסטיק מעקן. ווערטער מעקט ער און אויך שורות גאַנצע...

לוקניק איז שוין אָבער באַשלאָסן, פֿאָרט ניט אָפּצולאָזן הײַנט דעם רב. דאָס וואָס ער, רב אביגדור, האָט פֿריִער געהאַט אַ זאָג געטאָן וועגן די תּפֿילות אין בית־מדרש, קאָנען טאַקע זײַן גאָר פּאַסיק אויף אָנצוהייבן פֿון דעם אַ רייד. וועט ער שוין, דער גבאי, אין שמועס זיך קליגלען אַרײַנצו־שנירלען בפֿירוש פֿון די מחשבֿותן וואָס דריקן אים וועגן די דרכים און התנהגותן טאַקע פֿון דעם מרא־דאתרא אַליין. דער עיקר ווערט ער אָבער אַרויסברענגען קהלשע ענינים — צאַפּלדיקע און ברענענדיקע.

— רבי, מיט אײַער אָבינו מלכּנו דערמאָנען זיך אַזוי דײַטלעך יענע טעג פֿון אָנהייב מילחמה...

אַ פֿאַמעלעכער און לענגלעכער זופּ פֿון זײַן טיי העלפֿט צו דעם גבאי אין פּלאַנעווען ווײַטערדיקע דיבורים. מוט דערגיסט זיך אים דורך זײַן בליק, וואָס קרימט זיך פֿון גלאָז אַרויס און לויפֿט אויף דער זײַט פֿון רב. דער גרויער קאָפּ, מערקט ער, הייבט זיך פֿון דעם פּאַפּיר, און די פֿעדער אַוועקגעלייגט. אויך דאָס שטריקל, וואָס דינט די ברילן אַנשטאָט דער צע־בראָכענער האַליאָבליע, דרייט זיך אָפּ פֿון אַרום דעם האָריקן אויער. גע־

וועגדט זײַנען שוין רב אביגדורס צעברייטערטע אויגן און גאַנצער געהער צו די דערמאָנונגען אין לוקניקס מויל.

אַ פּאָלק קאָזאַקן זײַנען אָנגעקומען אין שטאָט גלײַך בײַם אָנהייב מילחמה, טאַקע אין דעם טרויערטאָג פון תשעה־באָב. פינצטער זײַנען גע־וואָרן די גאַסן דורך דעם שײַנדל און שטאָלץ פון דער רוסישער אַרמיי. שלאָגן און ראַבירן האָט מען גענומען די ייִדן. איז ער, דער גבאי, געקומען צו רב אביגדורן, דעם מרא־דאתרא, און גערעדט וועגן גיין צום מיליטערישן קאָמענדאַנט. ער, לוקניק, און צו אים נאָך צוויי חשובע בעלי־בתים וואָס זײַנען שטאַרק אין רוסיש, וועלן איבערגעבן דעם אָדון אַ בקשה צוזאַמען מיט אַ סומעלע, אַ מינחה לעשׂיו... האָט ער דעמאָלט אויסגעהערט, דער רב — דערמאָנט אים איצט דער גבאי געגוי — און נאָך אַ לענגערן טראַכטן געלאָזט הערן זײַן וואָרט. פון מאָרגן אָן, האָט ער געזאָגט, וועט יעדן טאָג אין דאַוונען ווערן צוגעגעבן די תפילה אָבינו־מלכּנו. און באַלד דערבײַ אויך געהאַט פאַרטרויט, אַז ער האָט בדעה אויסצורופן אַ תענית־ציבור.

די צונג שוין ניט אַזוי געבונדן, גייט איצט לוקניק ווײַטער מיטן דערמאָנען דעם רב פון זײַנע התנהגותן אין די מילחמה־יאָרן. ער האָלט זיך אַפילו ניט אָפּ, דער גבאי, פון נאָכצומאַכן די תנועות, ווי בײַ יעדער פרומער תקנה פלעגן זיך בײַ רב אביגדורן פאַררײַסן די אויגן צום הימל, און די שטים וויינענדיק:

— בעוונותינו הרבים, עת צרה ליעקב... תשובה טאָן, תשובה!.. אולי ירחם...

די צרות האָבן אָבער ניט אויפגעהערט — גיט רב רפאל אַ מיש אויף ווידער אַ בלעטל פון יענע טעג. מיט זײַן לעצטן זופּ פון קאַלטן טיי, צערעדט ער זיך פון דעם מוראדיקן בילבול. די ייִדן שפּיאָנירן לטובת די דײַטשן, האָבן די רוסישע קאָמאַנדירן זיך געהאַט צעטענהט, און אַרײַנגעוואָרפן די שטאָט אין גרויל. פּאָגראָם און גירוש זײַנען געהאַנגען איבערן קאָפּ. בײַ דער פורעניות איז עס פון רב געוואָרן אײַנגעפּירט, צו זאָגן מאָנטיק און דאָנערשטיק אויך סליחות... און אַז דער פראָנט האָט זיך ממש דער־נענטערט צו דער שטאָט, מיט די באָמבאַרדירונגען און שׂריפות — האָבן

ייִדן אַ שטראָם געטאָן צום רב. געוואָלט האָט מען הערן וועגן פאַרלאָזן די געגנט און זיך ראַטעווען פונעם פייַער. האָט דער רב ווידער גוזר געווען אַ תּענית. מענטשן זייַנען אָבער אין דער בהלה געלאָפן, און אַ סך פון זיי נאָך פאַרוואָגלט אין מרחקים איבער רוסלאַנד.

ריידן נעמט לוקניק פאַרן רב אויך וועגן די צרות וואָס די שטאָט שטייט אויס פון די דייַטשן. אַרויסגעטריבן האָבן זיי די רוסן און זיצן דאָ נאָך. דערמאָנט ער ווי די נייַע הערשערס האָבן אין זייערע אַלע פאַרנומענע ערטער באַלד גענומען רעקוויזירן און קאָנפיסקירן עסנוואַרג און בכלל סחורות. אַפילו ברויט צום קויפן, זייַנען געוואָרן אייַנגעפירט קאַרטעס. און זיי יד־חזקה זייערע אויף יעדן טראָט; כּסדר שטרענגע באַפעלן און פאַראָרדענונגען. אָפּגעשלאָסן איז געוואָרן יעדער איינער אין זייַן וווינאָרט און טאָר ניט אַרויספאָרן פון דעם באַשטימטן תּחום. האָבן די באַגרענעצונ־גען און גזירות אָנגעבראַכט דחקות, הונגער און מגיפות... דערוועקט האָט זיך באַזונדער דער רב, ווען זעלנער האָבן גענומען כאַפּן יונגע מענטשן און זיי אַוועקשלעפּן אויף צוואַנגאַרבעט, און ניט איינער איז בייַ דער עבודת־פּרך אומגעקומען. אויף אָט דער צרה האָט עס דער רב באַפוילן צו זאָגן יעדן בין־מינחה־למעריב דרייַ קאַפּיטלעך תּהילים.

מיט זייַנע רייד איז שוין דער גבאי אָט־אָט בייַ זייַן אָנגעמערקטן ציל. ווערט ער גאָר שטאַרק אָפּגעהיט און באַרעכנט בייַ יעדן וואָרט:

— אַז די מילחמה, רבי, און אַזאַ מילחמה, האַלט שוין בייַם סוף, קומט איצט אָן, קען מען זאָגן, אַ נייַע תּקופה. מוז זיך דאָך קהל נעמען פעסט בייַ דער אַרבעט. מוסדות זייַנען חרוב געוואָרן, פּרנסות אונטערגעגאַנגען, און דאָס אָפּבויען זיך פון די שׂריפות!.. און גאָר וואָך מוז מען אין אַזאַ צייַט שטיין אויף דער שמירה פון כּלל, באַזונדער אין די ענינים פון ייִדישקייט. אויפלעבן די ייִדישקייט, מחזק זייַן דעם עולם אין רוחניות, און טאַקע ברוח הזמן, אַנדערע צייַטן...

אַ וואַלד קנייטשן צעוויגן זיך איבער דעם רבס שטערן, און זייַנע ווערטער פאַלן מיט אַרייַנדרינג:

— אויפלעבן ייִדישקייט... וואָס, אַפּגעלעבט, חס־ושלום?.. ייִדן דאַווענען שוין ניט, היטן ניט דעם שולחן־ערוך?.. ברוח הזמן... אַן אַנדער תּורה, חס־ושלום!.. יע, וואָס שייַך מחזק זייַן ייִדישקייט, מוסרן מער דעם עולם, דאָס קאָן בכלל קיין מאָל ניט שאַטן... הייַנט וויל איך אָבער גאָר באַזונ־דערן וויסן, וואָס טוט אונדזער קהל מיט דעם קלייַבן באַגלייביקע ידיעות וועגן די היגע ייִדן וואָס זייַנען אַוועק אין מילחמה און מען הערט ניט פון זיי?

ער האָט זיך שוין אַ וווּנד געטאָן, רב אביגדור, אויף זייַניקע. דער גבאי ווייס גוט פון דער מורא וואָס לאָזט דעם רב ניט רוען. אַ שרעקלעך געפיל פּייַניקט אים, דעם מרא־דאתרא, וואָס ביי אים אין קהילה קאָנען נאָך חלילה בלייַבן מילחמה־עגונות. מוחל זייַן קאָן ער זיך ניט, וואָס אין די ערשטע טעג פון דער מילחמה האָט ער פאַרקוקט אַ גאָר האַרבן ענין. ניט געהאַט איינגעפאַלן איז אים דעמאָלט צו פאָדערן פון די געזעגנדע מענער אַ תּנאי־גט פאַר זייערע ווייַבער. וואָלט יעדער מאַן וואָס איז אַוועק אין מילחמה איבערגעלאָזט אַזאַ גט, וואָלט דאָך די פרוי זייַנע געמעגט חתונה האָבן אָן שאלות און ספיקות, אויב ער קערט זיך ניט צוריק — און זי בלייַבט ניט קיין עגונה... פּרווּוט אים לוקניק באַרויִקן:

— רבי, די מילחמה ענדיקט זיך, די וועלט וועט אם־ירצה־השם ווערן אָפּן, וועט לייַכטער זייַן מיטן דערגיין וועגן די מענער.

— די תּמיכה לכל־הפּחות אָנהאַלטן פאַר אַט די עלנטע מישפּחות, און בעין־יפה, ברייטהאַרציק — קרעכצט אָפּ רב אביגדור, און איז שוין מעורר וועגן נאָך הילף — קהל טאָר אויך ניט פאַרגעסן די געכאַפּטע צו דער צוואַנגאַרבעט, וואָס זייַנען לעצטנס צוריקגעקומען אָפּגעשוואַכטע. און פון רוסלאַנד נעמען זיך קערן די פּליטים; און די סאָלדאַטן וואָס זייַנען שוין ברוך־השם געקומען פון דער מילחמה, ניט פאַרגעסן זיי.

— די צוריקגעקערטע סאָלדאַטן און די פּליטים, פאַרזעענע נעבעך...

— צעשמייכלט זיך ביטער דער גבאי — אוי, לאָזן זיך אָט די חברה הערן, גוט הערן און פילן!..

## חורבן המוחות

דער רעגן וואָס האָט זיך האַרבסטיק צעבושעוועט איבער דער גאַס און ווילד געשמיסן אין די שויבן — שטילט לוקניקן און וואָרנט פון אַ האַסטיקן וואָרט. ער וויל שוין אָבער אויך זען אַ מילדערן אויסדרוק איבער דעם רבס פּנים וואָס איז אַלץ אָנגעגאָסן מיט קפידה. נעמט ער זיך ווי לאָבן מיט דעם אַרייַנטייַטש אין גמרא וועגן דעם אויסגאַנג פון דער מילחמה, וואָס רב אביגדור האָט געהאַט דאָ פריִער געזאָגט און דערבייַ אַזוי גע־שטראַלט פון אייגענעם אייַנפאַל.

— מחריבין... אַ רעיון ניפלא האָט דער רבי הייַנט מגלה געווען וועגן דייַטשלאַנד וואָס האָט פאַרלאָרן די מילחמה. אָט די גרמַמיה של אֱדום, וואָס אין פּלוג, ווי די גמרא זאָגט, מחריבין כל העולם כולו... חריפות ליגט טאַקע אין דעם רבינס דערקלער: מחריבין, חרוב מאַכן קאָנען די דייַטשן, ניט אָבער מנצח זייַן. אַ דערהער אַזאַ טיפער, הפלא ופלא!..

— אַ חורבן, אַזאַ עונש אויף דער וועלט... — הייבט רב אביגדור די אויגן אויף אויבן — הייַזער און מקומות גאַנצע חרוב געוואָרן, און הונגער און מגיפות, רחמנא ליצלן... קרבנות, קרבנות אָן אַ שיעור!.. עפּעס אַזוינע צוגעטראַכטע כּלי־משחית, לויפן איבער בערג און טאָל, שיסן אויף מייַלן ווייַט... און אויך ריחות וואָס מען לאָזט אַוועק מיטן ווינט און פאַרסמען אויף טויט... גרויס טאַקע די רחמי־שמַיִם וואָס צו דעם חורבן נעמט שוין אַ סוף!

לוקניקן קריכן אָבער גאָר קנאַפּ אין מוח די קאַמפן אַזש ערגעץ אַרום פּאַריזש, מיט די טאַנקעס דאָרט, און די „גראָבע בערטעס" און גיפטיקע גאַזן — נייַע מינים געווער וואָס דער רב האָט זיך אָנגעהערט. אים, דעם גבאי, לויפן הייַנט פאַר די אויגן די גיפטיקע בליקן וואָס גיבן זיך לעצטנס אַ טראָג אויף זייַן זייַט. און די ריידעלעך!.. פּוסטעפּאַסניקעס און אַלערליי הפקר־ניקעס דרייען זיך אַרום און זיי טומלען און העצן. נעכטן אָוונט האָט זיך בייַ די פענצטער פון זייַן שטוב פאַרקליבן אַ גאַנצע רעדל פון אָט די חברה־לייַט. האָט זיך פון הינטער די לאָדנס דערהערט אַ מין וויכּוח — ווי צו מאַכן אין שטאָט דאָ דעם חשבון מיט די בורזשויעס און ספּעקולאַנטן

וואָס האָבן אויסגענוצט די מילחמה־נויט, און בכלל מיט די אַלע בלוט־זויגערס... — איבער די סלופּעס צעהענגען! — שרייַען אויס שטימען. פון דער אָ אידעע צעהילכט זיך אָבער ווער אין רעדל מיט אַ חוזק, אַז גאָר ניטאָ אַזוי פיל סלופּעס. פּסקנט ער דעריבער — נאָר צום װענטל, אָפּקנאַקן!..

קוקט לוקניק ווי מיט קינאה אויפן רב, וואָס שוועבט זיך אין זייַנע עולמות־עליונים. קיין השגה אַפילו ניט, אַז אַ וועלט קערט זיך הייַנט און שלייַדערט זיך... זאָל ער אָבער אַ ביסל כאָטש יע וויסן!

— מחריבין, האָט דער רבי געזאָגט, און מיט צער דערמאָנט דעם חורבן וואָס די מילחמה האָט אָנגעמאַכט... דער אמתער חורבן, רבי, נעמט זיך ערשט צעפּלאָקערן, און די סכּנה ניט דער ערך, מאוימדיק... אַ חורבן־המוחות, רבי; מענטשן האָבן פאַרבראָכן מיטן דרך־הישר, זיך אַוועקגע־לאָזט אין הפקרות, באַגייען מעשים תעתועים. אַל תפתח פּה לשׂטן, אַ העלישער פייַער אויף דורות!..

שוין לענגער ווי דער רב האָט גענומען הערן וועגן אַ מרידה אין רוס־לאַנד. אַ גאָר גרויסע איבערקערעניש; און געהערט אויך, אַז מורדים זאָלן האָבן אַוועקגעהרגעט דעם קייסער... מויל און אויערן צעעפנט, הערט ער אָט פון גבאי, אַז די מגיפה פאַרשפרייט זיך ווייַט ווייַט איבער דער וועלט, און פילט זיך שוין דאָ אין שטאָט. גאָר גרויסע חכמים, זאָגט לוקניק, האָבן זיך באַוויזן טאָקע אין דעם המון פּליטים און באַפרייַטע סאָלדאַטן, וואָס זייַנען עס אַרונטערגעקומען אַהער פון דער סאַמע רעוואָלוציע. מומחים גוואַלדאָוונע זייַנען אָט די מיט אַ מאָל געוואָרן אין דעם גאַנצן סדר־עולם, ווי מדינות דאַרפן זיך פירן, און זיי ווייסן נאָר צו לויבן די נייַע פאַראָנד־קעס פון רוסלאַנד. די אַלע אַנדערע מלוכה־אָרדענונגען זייַנען זיי מבטל בתכלית הביטול. שטייט שוין אַזאַ געזינדל גרייט מיטצוהעלפן אין פאַרכאַפּן די הערשאַפט אויך אין אונדזער געגנט, נאָך איידער די דייַטשן רירן זיך אַרויס. להוט זייַנען אָט די חברה־לייַט צו זען אויך בייַ אונדז זייער האַרצי־קע מלוכה־אָרדענונג, דעם תוהו־ובוהו וואָס הייַנט אין רוסלאַנד און די שליטה דאָרט פון דער אכזריותדיקער הפקרות. גאָרניט ווילן זיי הערן פון דעם רצון בייַ די אַלע־אַלע תושבים אין די שטעט און אין די דערפער

פון אונדזערע מקומות; גאָר גוט ווייסן זיי, אַז די אַרטיקע אָנפירער טוען שוין לענגער וועגן אַן אייגענער ממשלה. און אַז קהל האָט דערביי טאַקע אויך וואָס צו זאָגן — לאַכן זיך אויס אונדזערע הפקר־יונגען. גיב זיי כאָטש היינט איבער די הנהגה!..

— פּאָ־פּאָליטיק... — האַקט איבער רב אביגדור מיט אַ פאַרפּלאָנטער־טער צונג — קיין מאָל מיש איך זיך ניט אין די דרכים פון מלכות.

— ניין, ניין! — כאַפּט זיך דער גבאי אַז ער איז דאָ צו ווייט אַוועק אין זיינע רייד — עס גייט, רבי, אין ייִדישקייט... אַ גרויסע סכנה פון די הפקרניקעס, אָט זייער השפּעה!.. מיט די צינגעלעך זאָגן זיי צו גאָלדענע בערג, און כאַפּן אַריין אין זייער נעץ דעם המון, און ראשית־כל דערוויי־טערן זיי די מענטשן פון ייִדישקייט; זיי לאַכן דאָך אויס פרומקייט און לעשן אויס אין דעם ייִדן יעדן פונק פון ייִראת־שמים... אין אַזאַ צייט מוז דער רב טאָן! זיין דער עומד בפּרץ, זיך שטעלן אין דעם בראָך, אָפּצוהאַלטן מיט זיין השפּעה; טאַקע אונטערהייצן די מענטשן מיט אמונה, גוט־גוט אַ וואָרעם טאָן... דער רבי פלאַמט דאָך מיט פייערדיקן גלויבן!..

אַ ריס גיט זיך רב אביגדור פון טיש, פון שטול. מיט אַ כאַפּ נעמט ער אַרונטער דאָס קאָלירטע פאַטשיילקע וואָס ליגט איבער די בלעטער אין זיין צעעפנטן ספר, און פאַרמאַכט אים אין גאַנצן. לוקניק קוקט אָן ווי ער צע־שפּרייזט זיך הין־און־הער, אין מויל אַריין קערט ער די באָרד און קייעט ביטער די האָר.

— אונטערהייצן זאָל איך, וואַרעמען, משפּיע זיין... און אויף מיינע אייגענע, די זין?.. אַן אויווון, אַז אין שטוב זאָל זיין אָנגעוואַרעמט אויף צוואַנציק גראַד, מוז אין אים אַליין זיין היץ לפחות פערציק גראַד... ווייס איך דאָך שוין, וואָס פון מיין יעקבן, דעם בכור, איז געוואָרן; זיך אַוועק־געלאָזט מיט דער רעוואָלוציע, און איז געקוילעט. און מיין משה האָט זיך אַריינגעלאָזט אין די ביכער, זיך אָנגעשטעקט מיט פילאָסאָפיע; איז ער שוין אַ פאַרסמטער... רויק קאָן איך היינט ניט זיין אַפילו מיט מיין משולמען, דעם מיזיניק, וואָס לערנט אין דער טעלזשער ישיבה, און האָט דאָרט, ברוך־השם, אַ גאָר גוטן נאָמען. האָט מיר אָבער די טעג אַן איש

נאָמן פּאַרטרויט, אַז בחורים פון דער ישיבה, און מײַנער אויך בתוכם, האָבן צווישן זיך עפּעס אַ חוג, אַ מין חבריה. קלײַבן זיי זיך צוזאַמען און זײַנען זיך מתוופּח און מברר צאַפּלדיקע רעיונות פון דער הײַנטיקער וואַקלדיקער צײַט... שוין בײַ די בני־תּורה אויך אַ וואַקלעניש, אַ צאַפּלעניש ; השם ירחם !..

אַ געקוילעטער, אַ פאַרסמטער, אַ צאַפּלדיקער... — שטיקט אין זיך לוקניק אַ טיפן שמייכל איבער דעם רבס סך־הכּל פון זײַנע דרײַ זין... האַלט ער זיך שוין אָפּ, דער גבאי, פון דערציילן אים זײַן פּרווו מיט ווילנע. יאָרן ווי ער איז געזעלשאַפטלעך פאַרבונדן מיט די גרויסע עסקנים און גבאים פון אָט דער שטאָט, און נאָך מיט אַ חודש צוריק האָט ער דאָרט אָנטייל גענומען אין אַ באַזונדערער פאַררופענער אסיפה. האָט ער זיך אין דער אַלטער באַרימטער קהילה אָנגעהערט פון די נײַע אָנשיקענישן. רעוואָלוציאָנערע ווינטן האָבן זיך גרויליק צעבושעוועט און פאַרמעסטן זיך חוצפּהדיק אויף אויף די יסודות פון דער ירושלים־דליטא. מיטן צוריקשטראָם פון רוסלאַנד האָבן זיך באַוויזן אַלערליי טומלערס, און אויפגעשווומען זײַנען אויך רויטע חברה־לײַט פון די פריִערדיקע יאָרן, דער עיקר יענע מורדים־במלכות פון 1905 — און די אַלע העצן און שטורעמען. פּסול איז בײַ זיי יעדער איינער פון די בכּבודיקסטע מנהיגים און מיוחסים אין דער עדה, און קנאַקן מיט גיפט אַפילו אויף רב חיים־עוזרן, דעם וועלט־גאון !.. מי שׂמך ? — שרײַען זיי אויף די יִדישע מנהיגים, און פאָדערן מיט גוואַלדן וואַלן גאָר מאָדערנע צו די קהילות ; די ראשי־הקהל זאָלן ווערן געקליבן דורך יעדן איינעם, אַפילו אַ פּחות שבפּחותים...

שאַרפע קעפּ זײַנען אויף דעם ווילנער צוזאַמענקום אַרויס מיט פּראַקטישע עצות, ווי צו לאַווירן אין אַזאַ סכּנהדיקער צײַט מיט אָט דעם עולם. שטאַרק איז געוואָרן באַטאָנט אַז די רבנים קאָנען אַ סך העלפן בײַם אײַנצוימען דעם צעשפּרוזשעטן ערב־רב... אַ גאָר וויכטיקע רעדע איז דאָרט אויך געווען וועגן דעם אָרגאַניזירן און שאַפן אַ פּאַסיקע מדינה פאַר דער געגנט, וואָס האָט ביז דער מילחמה געהערט צו רוסלאַנד. איז דערבײַ געוואָרן ברייט אַרומגערעדט דער אָרטיקער געפּלאָנטער פון פעלקער, און ווי

אַ צוויי־דריי פון די גרעסערע שטאָמען רײַסן זיך יעדער איינער באַזונדער צו פאַרכאַפּן דאָ די גאַנצע געגנט און הערשן נאָר אַליין...

ניין, ביי דער פאַרלאָרנקייט פון רב אביגדורן, ווי ער איז אין די מינוטן פאַרביטערט פון זײַנע זין — קאָן ער אים ניט, דער גבאי, אַפילו געבן אָנצוהערן וועגן זײַן לעצטער וועגדונג צו די ווילנער עסקנים. שוין איבער אַ וואָך ווי ער האָט קיין ווילנע דרינגלעך געשיקט אַ מענטשן מיט בריוו, און וואַרט מיט אומגעדולד אויף עצות פון דאָרט, און בכלל מיט־הילף...

ניט אָבער צו זאָגן הײַנט כאָטש איין וואָרט וועגן דעם חוב פון אַ רב צו זײַן שטאָט, צו זײַן עדה — קאָן זיך דער גבאי ניט פועלן. שטעלט ער זיך ניט אָפּ פון אָנרירן אויך דעם רבס היים:

— חשבונות האָט איר, רבי, מיט אײַערע זין; ווי אַ פאָטער זײַט איר אין חשש פאַר זייערע פּילאָסאָפיעס, און נאָך דרכים... איר זײַט דאָך אָבער אויך אַ טאַטע פון אַ גאַנצער עדה, אונדזער אב־בתורה, דער גײַסטיקער מנהיג און מרא־דאתרא... און אָט פאַרלירט אַ המון־עם דעם קאָפּ!.. חוזק ווערט דאָך געמאַכט פון די קדשי־ישׂראל!..

די פּלייצע שוין אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, צעגלעטן זיך אומבאַהאָלפן רב אביגדורס דינע שטראַליקע פינגער איבער די גרויע זײַדענע האָר פון זײַן לאַנגער באָרד. פון דעם מטושטשן שמייכל וואָס איז צעשפּילט איבער דעם אויסגעצויגענעם פּנים, דרינגט לוקניק אַז קיין רייד פון אים וועט ער דאָ ניט הערן. באַוויַיזט זיך אָבער פון קיך די רביצין. און ווי גאַנץ אָפּט, איז זי מיט אירן אַ וואָרט:

— דער המון־עם וואָס איר זאָגט, רב רפאל, און די בהלה אײַערע, אַז די מענטשן זײַנען שוין אַוועק פון ייִדישקייט; נו־נו, סתּם אַ פּײַן ביסעלע גוזמא... אין יענע קאָזיקע טעג, וואָס מען רופט 1905, פלעגט מען צו מײַן טאַטן, דעם אַלטן רב, זכרונו לברכה, פלעגט מען דאָ צו אים אַרײַנפאַלן מיט גוואַלדן: די יונגע ווערן מורדים במלכות און כּופרים!.. האָט אָבער דער אַלטער געהאַט זײַן קוק, און רויִק איז געווען זײַן ענטפער. הײַנט בושעווען זיי, פלעגט ער זאָגן, שטיינער וואַרפן די יונגאַטשעס אויף די וואָס

גייען אין בית־מדרש. זאָל נאָר פאַרגיין אַ שטיקל צײַט, וועט מען זען ווי די זעלבע קלײַבן זיך בײַ די טירן פון בית־מדרש. שטיין וועלן זיי נאָך אין דרויסן, און ווי פון טשיקאַוועס וועגן אָנקוקן די מענטשן וואָס גייען צום דאַוונען, און זיך אפשר אויך ווערטלען איבער די ייִדן וואָס זײַנען בעלנים צום ווערן אויפגערופן צו דער תורה און לאָזן זיך קאָסטן געלט פאַר דער עליה... נאָר אָבער געדולד, פלעגט מײַן טאַטע אונטערשמייכלען, גאָר גיך וועט מען אויך זען ווי די געקינצלטע פרײַדענקערס רײַסן זיך שוין אין בית־מדרש פאַר אַ בכּבודיקן פּלאַץ און חלשן צו ווערן אויפגערופן שישי, אַט די פּעטע עליה... יע־יע, פלעגט זיך דער אַלטער אַפילו אַ חכמה טאָן, די אַ מורדים און אויפגעבלאָזענע כּופרים, אויך זיי וועלן מיט דער צײַט דער־קומען צו דעם עלטער־פון־שישי...

— דער אַלטער רב, געווען אַ חכם; באַוווּנדערט האָט מען זײַן פּיקחות, אַפילו אַז מען איז מיט אים ניט געווען מסכּים... — שאָקלט צו דער גבאי מיט פאַרהערלעכער דערמאָנונג.

די פײַנלעכע בליקן פון דער רביצין, וואָס טראָגן זיך פאַרטײַעט אויף דער זײַט פון איר מאַן, דעם איצטיקן שטאָט־רב — שטויסן אָן לוקניקן אויף אַ לעבן אַ גאַנצן פון אָט דער פּאָר. איר טאַטנס פּיקחות, אָט־אָט, האָט עס משמעות אין איר אַרויסגערופן אַ פאַרגלײַך... אַן ענלעכן בליק אַזאַ פון אָט דער פרוי האָט דער גבאי צום ערשטן מאָל שוין באַמערקט — אויף איר חתונה. דער חתן, וואָס איז פאַרשדכנט געוואָרן פון אַ באַרימטער ישיבה, האָט נאָך דער חופּה אין זײַן דרשה זיך צעפּילפּולט אין אַ האַרב־לומדישער סוגיה פון שד שבא על אשת־איש; אַ שד וואָס איז געלעגן מיט אַ פרוי, צי איז זי נאָך מותּר פאַר איר מאַן, אָדער ער דאַרף זי אָפּגטן...

— אַ שד... אַ קאָזאַק!.. מסתּמא אָט די העלדישע בעל־תּאווהניקעס פון אונדזער רוסישן מיליטער... — איז אין דער משונהדיקער שטימונג בײַם חתונה־טיש געוואָרן אַרײַנגעוואָרפן אַ היימלעכקייט דורך איינעם פון די מחותּנים, דעם אַלטן זשידיקער רב, וואָס האָט צוזאַמען מיט זײַן ביטול־דיקן ווערטל אַ צי געטאָן פון מויל די שמאַקצנדיקע פּיפּקע און געגעבן אַ שפּײַ, געדיכט מיט לעבנס־חכמה.

— די פאַנטאַזיעס מיט וועלכע עס לאָבן זיך בחורים באַנקקוועטשערס...
— איז שוין איבער די טישן פון דער חופּה־וועטשערע אַוועק אַ ליצנות.

דער באַגראָבענער בליק דעמאָלט פון דער כּלה — פאַרגעסט זיך אים ניט, לוקניקן. ער ווייס אויך ווי דער אַלטער רב האָט געגומען קוקן אויף זײַן איידעם, וואָס האָט עס מיט דער צײַט געדאַרפט פאַרנעמען דעם כּיסא־הרבנות אין שטאָט. צוגעזען האָט ער די איבערגעטריבענע פרומקייט פון דעם יונגן מאַן, זײַן מאַכן זיך אָפט תּעניתים, און די סיגופים זײַנע, דאָס פּײַניקן זיך; און אַחוץ די ספרים גייט אים קיין זאַך ניט אָן, אַפילו ניט זײַן אייגענע פאַמיליע וואָס פאַרמערט זיך און לעבט אין גרויסן דחקות... אָט די התנהגות פון זײַן קומענדיקן ממלא־מקום, און דער עיקר וואָס ער איז אויסגעטאָן פון דער וועלט און אַ מסתּפּק במועט — פלעגט דעם שווער אַ סך דערמאָנען דעם אַלטן דרך פון באַוווסטע גדולים אין די פאַר־גאַנגענע דורות. אין זײַנע שמועסן מיט פאַרטרויטע ידידים וועגן דעם יונגן רב, פלעגט אָפט דער אַלטער אויך אָפּזיפצן:

— אַ פאַרבלאָנדזשעטער... פאַרבלאָנדזשעט...

## אַ צײַט אַזאַ

אַ פינקלדיק אַרײַנשײַן פון רויט־גאָלדענע שטראַלן דורך די פאַרגאָ־סענע שויבן, האָבן אין רבס שטוב שטיפעריש אָנגעזאָגט אַז די האַרבסטזון האָט זיך דורכגעריסן דורך די שווערע וואָלקנס, און עס הערט אויף דער רעגן. לעבעדיק איז געוואָרן דער דרויסן און איבער דער גאַס האָבן זיך באַוויזן מענטשן. אַ וואַרעמע לויכט האָט אויך געטאָן אַ שפּאַר מיט דעם עפענען זיך פון דער טיר. אַרײַנגעקומען איז אַ ייִדענע מיט אַ טעפּל אין איין האַנט און אין דער צווייטער אַ לעפל. איר שאלה צום רב נעמט גיין מיט אַ פאַרטיידיקן זיך, וואָס אין מיטן דער וואָך עסט מען שוין גאָר פלייש.

— אַזאַ שׂימחה דאָך הײַנט, די וועלט ווידער אַ וועלט!.. נאָך פאַרטאָג, אין פענצטער קלאַפּט דער קצב; אַ קאַלב גייט ער קוילען, און לאַכט זיך אויס פון די דײַטשן מיט זייערע פאַרבאָטן!.. און אָט אין מיטן קאָכן, אַ שכן

מיט נאָך נײַס. גרויסע טומלענישן אין דײַטשלאַנד. עס ברענט זיי די מפּלה. און אויך אין קאָוונע זיך צעבונטעוועט קאַזאַרמעס און עס איז געוואָרן אַ סאָלדאַטן־ראַט. און מען רעדט, אַז די טעג וועלן ווידער נעמען קומען בריוו פון אַמעריקע, און מיט געלט. וועט מײַן מאַן שוין קאָנען אָפּנעמען מיך אַהין מיט די קינדער!.. אַזוי ראַפּטעם נײַס גרויסע, בשורות גוטע אויף גוטע, טאָ ווי זאָל ניט כאַפּן אַ שווינדל? איז די מילכיקע לעפל מיר אַרײַן אין דעם פליישיקן טאָפּ...

אומזיסט לוקניקס צעעפנטע אויגן אויף רב אביגדורן. אַרויסהאָבן וויל ער, דער גבאי, דעם רושם וואָס די פרישע ברענענדיקע נײַס האָבן געמאַכט אויף דעם יושב־אוהל. דער רב איז גאָר פאַרטאָן אין דער שאלה. פּרטים נעמט ער אויספרעגן, ווי הייס איז געווען דער טאָפּ און וויפל פלייש אין אים... איז אָבער באַלד די גאַנצע שטוב אויפגעשטורעמט דורך אַ געלאַף פון גאַס. מענטשן בײַ דער טיר און פענצטער:

— רבי, רביצין, אײַער זון, משה!.. ער איז געקומען מיט מילי דעם בעל־עגלה, וואָס האָט זיך מיט דער פור אָפּגעשטעלט לעבן זײַן שטוב...

באַגריסט אויך לוקניק דעם רב און די רביצין אין זייער פאַרכאַפּטער פרייד. ער גופא, דער גבאי, איז שוין אָבער גאָר אין אַן אַנדער שפּאַנונג. מילי — אים האָט ער דאָך געשיקט קיין ווילנע, און וואַרט עס אין די אומרויִקע טעג אויף זײַן צוריקקער. דער פורמאַן האָט עס דרינגלעך אַוועק־געפירט בריוו פון אים, לוקניקן, צו גרויסע ידידים זײַנע אין דער שטאָט, צו די אַלטע עסקנים פון דער באַרימטער קהילה. ווי ער קוקט שוין אויס אויף דעם ענטפער!.. אויסגעגאָסן האָט ער אין די בריוו זײַן האַרץ וועגן דעם משונהדיקן מצב אין די קהלשע ענינים. פאַרפלאָנטערטע פּראַגעס שפּרינגען אים לעצטנס אַרויס גאָר האַרב מיט יעדן טאָג. און אַחוץ עצות, ווי דאַרפן ראשי־הקהל האַנדלען אין אַזאַ מטושטשדיקער און צערודערטער צײַט, האָט ער אויך פאַרלאַנגט צו שיקן אים אַהער עטלעכע פאַסיקע מיט־העלפערס. פעיִקע חברה זאָלן אָט די זײַן, האָט ער געשריבן, שאַרף קענען אַוועקלייגן אַ רעדע, וואָס זאָל נעמען דעם עולם; און דערצו זיך אויסטויגן אין אָרגאַניזירן דעם המון. ווייל ער שוין זען אויך די מענטשן. און אין דעם

רײַזעשײַן וואָס ער האָט מיטגעגעבן מילין, איז פון דעם דײַטשן קאָמענדאַנט געוועזן געשריבן, אַז דעם פורמאַן איז צוריקוועגס דערלויבט מיטצונעמען ביז נאָך דרײַ פּאַרשוינען...

אין מינוטן אַרום הערט שוין לוקניק פון דער שליחות. נאָך אײדער די עלטערן צערײדן זיך מיט זײער זון, וואָס איז באַלד אַרײַן אין אַ צווײטן צימער זיך אַרומוואַשן און איבערטאָן — איז שוין דער פורמאַן אַרויס מיט אַ דרשה אויף דעם גבאי:

— אוי, האָט איר מיך באַגליקט מיט אַ יאַזדע, רב רפאל!.. אויף אַהין איז מיר טאַקע געווען נוציק דער שײַן. אויף צוריק אָבער, האָבן שוין די דײטשע וואַכן אַליין מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז. וואָס אויף די וועגן צעטוט זיך!.. קיין ווילנע ט׳איר מיך געשיקט... אַ שטאָט איז ראַסײן, טאַווריג; מיט מײַן פור שוין געווען אין שאַוול, און זיך ניט פּאַרלאָרן אַפילו אין קאָוונע. די ווילנע אָבער, אַ קאָך פון אַ מקום!.. מיט צרות קוים אויפגעזוכט דעם קרוב מײַנעם. און טאַקע אַ גליק וואָס זײַן ײנגל האָט מיך אַרומגעפירט. גײ טרעף אין אַזאַ פּאַרפּאַלעניש!.. די גאַסן רוישן און לאַנג אויף וויאָרסטן, מויערן אין הימל, און צו מענטשן שלעפּ זיך טרעפּ אויף טרעפּ... מיט די בריוו אײַערע געדאַרפט אַרומקריכן אין אַלערלײ הויכע פענצטער, צו גאָר געהויבענע לײַט. און טרעפסטו שוין מיט מזל דעם אדון אין שטוב, הײסט ער דיר קומען נאָך אַן ענטפער מאָרגן, און דער מאָרגן האָט נאָך אַ מאָרגן, און אַן איבער־איבער־מאָרגן...

— האָסטו דאָך דערווײַל געאָנט באַקוקן די שטאָט, אַנזען עפּעס אַ כרך... — פּרווּוט לוקניק פאַרקערעווען די רײד און לינדערן אַ ביסל דעם פורמאַנס צאָרן.

— אַוודאי, טעג גאַנצע זיך אַרומגעדרײט, און מערסטנס אויפן שולהויף. קלויזן, קלויזן דאָרט אַרום און אַרום, און אַ שול אַזאַ גרויסע, אַזאַ מורא־דיקע. פול דער שולהויף מיט מענטשן, מען רעדט און מען טומלט. מען קריגט זיך אַזוי פיל וועגן ארץ־ישראל. אַ מדינה אַ ײדישע זאָל ווערן. אײנער אַ גרויסער ענגלענדער, אַ באַלפור, זאָגט צו. אָבער אויפן שולהויף זײַנען אַ סך קעגן... און וואַלן דאָרט אין ווילנע. אַ נײַע קהילה קלײַבט מען.

מען גייט בײַטן די גבאים. שטייט אַ יונגערמאַן אויף טרעפּ און לייענט הילכיק אַ רשימה פון בעלנים אויף צו ווערן נײַע גבאים, קאַנדידאַטן, ווי ער רופט. און ביי יעדן נאָמען הייבט ער אַריין דעם מענטשן אין הימל אַרײַן. און דערקלערט מיט אַזוינע קלוגע רייד, אַז נאָר די וואָס פון זײַן רשימה, זײַנען עס די פּאַסיקסטע און ראַיעלסטע אויף צו פירן דעם קהל. גלײַך צעפּאַכעט ער זיך מיט אַ פּירקאַנטיק פּאַפּירל, געדרוקט מיט אַ גרויסן דיקן ציפער, און צעשרײַט זיך, אַז נאָר אַזאַ צעטל זאָל מען אַרײַנוואַרפן, צום קלײַבן די גבאים...

— איז דיר געווען געפעלן דער רעדנער?.. — ציט אָן לוקניק.

— אַוודאי! אַ מחיה געווען צו הערן... כאָטש עטלעכע לעבן מיר, ווי איך בין געשטאַנען, האָבן זיי אַלץ געלאַכט און געזאָגט אַז דער מענטש רעדט בלומענדיק, שבתדיק, מיטן קוויטש אַרויף... אָבער איז אויף די טרעפּ דאָרט באַלד אַרויפגעשפּרונגען אַן אָפּגעריסענער בחור, און אַזוי ממזריש גע־נומען אויסלאַכן דעם רעדנער און געמאַכט צו גאָרנישט זײַנע קאַנדידאַטן פון פּאַפּיר. אויסגעלויבט האָט דער חברה־מאַן גאָר אַנדערע מענטשן, און גע־פּאַכעט מיט זייערן אַ צעטל... אוי, האָבן זיך דיביידע רעדנערס צעווערטלט, אַזוי צוגעשפּיצט, קלוג און שאַרף. פײַער!.. און באַוויזן האָבן זיך נאָך רעדנערס פּיקחותדיקע און געריבענע. און פון עולם פלעגט מען אַלע ווײַלע קונציק אַרײַנשרײַען; ווערטלעך כיטרע, משומדסקע. אַלץ אַזוי קלוג!.. אַז מיר דאַכט, אַז־אַז דער קליגסטער בעל־הבית ביי אונדז אין שטאָט וואָלט זיך אין ווילנע קוים גערעכנט פאַר אַ האַלבן משוגענעם...

— האָסט דאָך, מילי, טאַקע אויפגעטאָן אין דער נסיעה... — שמייכלט אונטער לוקניק — צוגעשליפן דײַן צונג, און אויף מענטשן ביסטו שוין דער גרויסער מבין...

— אַוודאי פאַרשטיי איך — איז מילי אין קוראַזש — אָט בין איך טעג אַרומגעלאָפן איבער די הויכע פענצטער, נאָכגעלאָפן די גרויסע לײַט, און שוין געוואָלט פון זיי באַקומען דעם ענטפער צו אײַך. דערציילן זיי מיר פון יאַריד מיט די וואַלן און פון נאָך פאַרדרייטע יוצרות. כסדר זאָגן זיי מיר הייליק צו, אַז מאָרגן, מאָרגן וועלן שוין זײַן פאַרטיק די בריוו אויף

צוריק, און אַלץ וואָס איר, רב רפאל, האָט געבעטן. אָבער ווו, אַ נעכטיקער טאָג!.. און אַז שוין דערגעסן ביזן ביין, האָב איך פאַר מײַן אָפּפאָרן גע־זאָגט איינעם פון די פּאַמפּעס דאָרט אין ווילנע, ספּאָקאָינע הייסט ער, האָב איך אים דערציילט פון אַ יורבורקער סוחר וואָס רעדט פון זיך מיט אַ גדלות. מײַנער אַ וואָרט, זאָגט יענער, איז ווי אַ הן, אַ הן־צדק; און אַ הן איז בײַ מיר ווי אַ שבועה; און אַ שבועה, טפוי!.. אַזוי האָב איך אים אַרײַנ־געזאָגט דעם רב צאָץ. וואָס, געדאַרפט אפשר פאַר אים שפּרינגען קדוש?..

פאַרחידושטע בליקן נעמען לויפן צווישן לוקניקן און די רביצין וואָס איז שוין צוריקגעקומען פון גאַס מיט אַ קערבל. פילט מילי, אַז קיין קניפּ אין באַק וועט ער דאָ פאַר זײַן חכמה ניט קריגן. ער קען אָבער ניט פאַרשטיין וואָס ז'ער גבאי איז אַזוי אויפגעלאָפן און מיט צאָרן:

— ספּאָקאָינע, אַ פּאַמפּע, אַ רב צאָץ... רב אָשר ספּאָקאָינע איז אַ למדן און פון די פּני־העיר אין ווילנע; שטאַמט פון ווילנער גאון, און טאַקע דער גבאַי פון גאונס קלויז. האָסטו שוין ניט געהאַט קיין שענערע ווערטער צו ריידן מיט דעם טײַערן ייִדן און גרויסן מיוחס? די אמתע בלומענשפּראַך, מיטן קוויטש אַרויף; אַ דיבור פון אַ בעל־עגלה בן בעל־עגלה. אַ צײַט אַזאַ!..

אויסגעמאַטערט און פאַרביטערט איז דער פורמאַן. פאַריאָגט געווען באַלד צוויי וואָכן. אַ גאַר לײַכט פּעקל זיך געהאַט אונטערגענומען מיט זײַן נסיעה. בײַ דער שטוב דאָ שטייען פערד־און־וואָגן, האָט ער נאָך בײַם קומען אַהיים זיך אַרומצופאַרטיקן אין שטאַל. אוי, ווי כאַפּט מען שוין אָפּ דעם אָטעם!.. שמייכלען אים אויך ווייניק די וואַרעמע ווערטער פון משהן, זײַן געבראַכטן פּאַסאַזשיר. אַרויסגעקומען איז ער שוין פון צווייטן צימער, אַרומ־געוואַשן און איבערגעטאָן. צוזאַמען מיט דער רביצין נעמט ער אים אויך בעטן צום טיש, נעמען אין מויל. ניין, ער גייט שוין, אײַלט צו זיך אַהיים.

מיליס בליק ווערט אָבער גלײַך איבער דעם רב וואָס שטייט אין אַ ווינקל שטוב און איז פאַרטיפט אין אַ ספר. פרײַ געמאַכט האָט ער עס דעם טיש פאַרן זון וואָס גייט עסן. ווי פאַרמוחט דעם רבס אָנבליק, גאָר ווײַט פון אַרום און פון אַלץ; שוועבט אין אַנדערע וועלטן. שטעלט דער פורמאַן

אַוועק די בײַטש אָן אַ זײַט און נעמט זיך גענטערן. ער האַלט זיך אָפּ איין מאָל און נאָך אַ מאָל.

— רבי, איך קאָן האָבן עולם־הבא?

— און עולם־הזה האָסטו? רײַסט אָפּ רב אביגדור זײַן קאָפּ פון ספר און זײַנע אויגן ברייטערן און ברייטערן זיך אין חלל פונעם צימער און צום הימל דורכן פענצטער.

— עולם־הזה, מײַן עולם־הזה... מיטן פערד צוזאַמען אײַנגעשפּאַנט, טאָג ווי נאַכט איבער די וועגן מיט בלאָטעס און שליוכאָטעס, און צו די בלוטיקע וועגן אויך גזלנים, און נאָך און נאָך סכּנות. אַז קיין ברעקל רו!.. דאַוונען אַפילו קאָן איך ניט ווי ס׳באַדאַרף. און דאָס שטיקל ברויט קוים־קוים, מישטיינס געזאָגט, מײַן עולם־הזה!..

— וויי־וויי... — צעקרעכצט זיך דער רב — אוי, ווי מען איז גענאַרט, ווי בלינד מיר זײַנען!.. די האַרעוואַניע נאָר אויף אַ כּזית חיונה אויף דער וועלט, אין דעם פאַרבײַלויפיקן לעבן פון דעם עולם־עובר... אַפּשיטא און אַפּשיטא שוין וואָס פאַר אַ יגיעה דער בן־אָדם מוז אַרײַנטאָן אויף צו קאָנען זוכה זײַן דעם חיי־עולם, עולם־הבא!..

אַחוץ דעם שלום־עליכם, האָט דער זון מיט זײַן טאַטן דעם רב נאָך גאָרניט גערעדט. און אָט איז ער שוין מיט אים אין אַ וויכּוח. צוזען קאָן ער ניט, משה, ווי דער פורמאַן שטייט צעעפנט דאָס מויל און פאַרלאָרן. משמעות ווייניק וואָס פאַרשטאַנען אין דעם רבס ווערטער, און ער וואַרט נאָך אויף אַ תּשובה...

— טאַטע, גלײַך פאַלסטו אַרײַן אין אַ חשבון־הנפש. פאַר דיר דאָך גענוג נאָר עפּעס אַ וואָרט, און שוין נעמסטו זיך קלאַפּן אָשמנו; פון דײַן אימה־ופחד פאַר יענער וועלט, צינדט זיך נאָכאַנאַנד קעגן דיר דער גיהנום... דער מענטש אָבער וואָס רעדט מיט דיר, אָט ווי רחמיאל איצט, ער קען מיינען אַז דער אייגן־מוסר דײַנער גיסט זיך עס אויף אים... אני הגבר, די צוויי טעג וואָס ער איז געווען מײַן פורמאַן, האָב איך אַ ביסל אָנגעזען זײַן פּײַן, און אויך געזען ווי ער פאַרפעלט אַפילו ניט קיין מינחה. אויפן ווילנער שולהויף, ווייס איך, האָט ער די אָרעמע־לײַט געטיילט פון זײַן

ברויט. און נאָר אַ פּרײַע מינוט אין וועג, כאַפּט ער זיך צו אַ תּהילימל וואָס ער האָט מיט זיך. זאָל אַזאַ איינער שוין אויך ניט האָבן קיין גן־עדן ?..

ווידער איז אין רב אביגדורן פּריש דערוועקט דער חשבון זײַנער מיטן זון. אַזאַ קלות־ראש פון דעם בחור! מיט אַזאַ לײַכטקייט ווי ער רעדט עס וועגן יענער וועלט, דערוועגט זיך צו פּסקענען וועגן גיהנום און גן־עדן... ער ווערט גאָרניט בעסער, אָט דער משה. געוואָרן פאַרפירט אין אַן עולם־התוהו, זיך אָנגעשמעקט מיט דער פילאָסאָפיע און קריכט אויף פאַלשע וועגן; און גאָט ווייסט ווי ווײַט פאַרקראָכן... האַלט דער טאַטע פאַר זײַן חוב דאָך צו פּרווון נאָך אַ מוסר טאָן:

— זײַ וויסן, מײַן זון, דער יצר־הרע שטייט איבער דעם מענטשן מיט אַ האַק, פאַרמאָסטן איבער זײַן קאָפּ; אַזוי מוז זיך יעדער איינער פאַר־שטעלן, בכל עת ובכל שעה!

— בכל עת ובכל שעה, שטענדיק זיך אַזוי פאָרשטעלן... — ציט משה מיט די פּלייצעס — ווי קאָן מען עס?

— נו־נו, איז שוין דײַן קאָפּ אַרונטערגעהאַקט.

**בית־דין־של־מעלה**

משה איז אַפּנים שוין פאַרנומען מיט אַנדערע געדאַנקען. ער רעדט ניט. די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, האָט ער זיך צעשפּאַצירט איבער דער שטוב. ער זעט גאָרניט ווי דער פורמאַן גייט אַרויס. אַז לוקניק נעמט זיך רירן, גיט ער אים אַ כאַפּ בײַ דעם אַרבל. בלײַבן זאָל ער, דער גבאי, בעט דער גאַסט. יאָרן איז ער דאָך דער פאַרטרויטער פרײַנד פון רב און איבערגע־געבן פאַר זייער גאַנצער שטוב. זאָל ער דאָ נאָך זײַן. עסן גייט נאָך אָבער ניט משה. ניין, נאָך ניט!..

צו לאַנג האַלט דער זון זײַן טאַטע־מאַמען אין שפּאַנונג. ווי זיי ווילן שוין וויסן פון זײַן נסיעה! מיט איבער אַ חודש צוריק האָבן זיי אים אַרויסבאַגלייט קיין מינסק, און וואַרטן אויף דער ירושה וואָס ער דאַרף פון דאָרטן ברענגען... די מאַמע, ער מערקט דײַטלעך ווי יעדער נערוו איז

אין איר צעשפּרונגען, און די צעצונדענע בליקן אירע וואַרפֿן זיך מיט אומרו איבער זײַן פּנים, איבער יעדן צוק פֿון די אַקסלען. ער זעצט זיך ניט, משה, אויך ווען ער נעמט ריידן. אַ ווײַלע גיט ער זיך אַ שטעל אָפּ, און וואַרפֿט אַרויס אַ פּאָר ווערטער. מיט אויג און אויער כאַפּן די אַרומיקע אויף:

— מינסק, מינסק... יאָרן געווען אָפּגעריסן... איבער אַ יאָר מומע גע־לעגן צו בעט... צוויי יאָר ווי געשטאָרבן... און חדשים ביזן רײַזע־שײַן...

קיין באַזונדערע נײַס הערט מען נאָך ניט פֿון דעם בחור. מינסק, ווייס מען, איז בײַ פֿיר יאָר געווען אויף דער רוסישער זײַט פֿון דעם מילחמה־פֿראָנט. האָבן מיט אָט דער שטאָט ניט געקאָנט זײַן אין אַ פֿאַרבינדונג די ערטער וואָס זײַנען געווען פֿאַרנומען פֿון די דײַטשן. צוזאָמען מיט דער ידיעה וועגן דער מומעס טויט, האָט מען אויך געהערט אַז לאַנג האָט אָנגע־האַלטן איר לעצטע קראַנקייט. און אַז עס האָט גענומען צײַט און ניט לײַכט איז געגאַנגען מיטן אַרויסקריגן די דערלויבעניש צום פֿאָרן קיין מינסק און צוריק, ווייס גאָר גוט לוקניק; געווען איז ער דאָך דער שתּדלן בײַ דעם דײַטשן קאָמענדאַנט... קאָן זיך שוין ניט באַהערשן די רביצין:

— די ירושה אָבער, מײַן קינד? געפֿאָרן דאָך וועגן דעם...

— אָהאָ, אַ דין־תּורה... שײַך אַ פֿאַרדרייעניש, געווען אַ שווערע הלכה...

ער שפּאַצירט נאָך איבער דער שטוב, משה. אָבער ווערטער הערט מען שוין קלאָרע. די רײַכע ירושה פֿון דער קינדערלאָזער מומע איז געווען אײַנ־געלייגט בײַ אַ רב. האָט אים אָט דער נאָמען דערציילט, אַז אין דער צײַט פֿון דער קראַנקייט האָבן זיך מיט איר פֿאַרנומען צוויי שכנות, ביידע אלמנות. טענהן זיי, אַז די מומע האָט זיי געהאַט צוגעזאָגט גאָר אַ סך. אַ רשימה פֿון נאָך צוזאָגענישן האָבן צוגעשטעלט גבאים פֿון גאַנצע דרײַ חברות אין שטאָט. האָט געמוזט פֿאָרקומען אַ דין־תּורה...

טעג האָט ער, משה, זיך אַרומגעדרייט אין מינסק און נאָכגעפֿאָרשט פּרטים וועגן דער מומעס לעצטע יאָרן. דערוווּסט האָט ער זיך, אַז פּאָר יעדער באַדינונג פֿלעגט די קראַנקע זייער פֿײַן באַצאָלן, און דערצו ניט געקאַרגט מיט מתּנות. געהערט האָט ער אויך, אַז ביז אירע לעצטע טעג

פלעגן קומען כּסדר זי מבקר־חולה זײַן גבאים פון איר בית־מדרש און עסקנים פון מוסדות, און ניט אַרויסגיין אָן אַ שיינער נדבה... פאַר דער דין־תּורה איז ער, משה, גאַנצע צוויי טעג אויך אָפּגעזעסן אין אַ מינסקער בית־מדרש און זיך פאַרטיפט אין הלכה־ספרים, און מסדר געווען די טענות זײַנע פאַר די רבנים. האָט ער טאַקע בײַ דער דין־תּורה מצליח געווען אָפּצושלאָגן די תּביעות פון יענע בעלי־דין; איינעם נאָכן אַנדערן האָט ער זיי צעקלאַפּט. און די ירושה איז געבליבן אין גאַנצן פאַר זײַן מאַמען, דער רביצין. אַזוי האָט בפירוש געפּסקנט דער בית־דין!..

ווידער רעדט שוין ניט משה. שטיין בלײַבט ער אין מיטן שטוב; הענט שטײַף פאַרלייגט אויף הינטן, אויגן צעגלאָצט און די אונטערשטע ציין זײַנע צעקראַצן זיך איבער דער אייבערשטער ליפּ. באַלד צעשפּילן זיך רעטענישדיק די פינגער פוןביידע פאַרלייגטע הענט, און ווערטער צע־וואָרפענע צעטרייסלען נאָך שטאַרקער דאָס האַרץ בײַ טאַטע־מאַמען... אַ אַ קאַסטן נגידישע סערוויזן, צוויי טשעמאָדאַנעס אָנגעפּאַקטע מיט גאָלדוואַרג און זילבערוואַרג, און צירונג זעלטענע, און אַ וואָגיק זעקל מיט גאָל־דענע מטבעות!.. קאָן מען שוין אָבער מיט די באַנען ניט פאָרן. האָט ער זײַן וועג געמוזט מאַכן מיט פערד־און־וואָגן... מיט הצלחה שוין געווען אָפּ־געפאָרן בײַ אַ האַלבן מהלך פון מינסק קיין ווילנע, און שוין נאָך וואָלאָ־זשין, זײַנען פון אַ וואַלד — באַמבעלער וואַלד הייסט דער מקום — אַרויס־געשפּרונגען אַ כאַפּטע רויבערס. פון זײַן פור, און פון נאָך צוויי פורן, אַלץ־אַלץ צוגענומען, און די מענטשן צעמזיקט... אַ טאָג איז ער אָפּגעלעגן אין דערבײַיִקן שטעטל ווישנעווע. אין אַשמענע, אויפן וועג ווײַטער, האָט ער זיך ווידער אָפּגעלייגט בײַ אַ חבר, וואָס האָט אים באַזאָרגט מיט תּפילין און אַ ביסל וועש און אויך מיט דעם טשעמאָדאַן. אין ווילנע האָבן פרײַנד אים באַזאָרגט אויך מיט געלט. און אַ נס וואָס ער האָט דאָרט געטראָפן מילין, דעם פורמאַן...

אַ ברעג פלאַסטער אונטערן ראַנד קאַפּעליוש פון זון — נעמט די מאַמע קלאָר מערקן. פאַרשטייט זי שוין וואָס הײַנט איז בײַ אים דער קאַפּעליוש גאָר טיף איבערן שטערן. איר אויפגעצאַפּלטער בליק גיט אויך אַ פאַל אויף

אַן אַרבל. טאַפּט זי אָן אַ באַנדאַזש אַרום דעם רעכטן אָרעם... אין ברעכן מיט די הענט, פרעגט זי:

— אין ווילנע, ביסטו כאָטש געווען ביי אַ גוטן דאָקטאָר?.. רייד, רייד!

טיפער צער קוקט אַרויס פון רב אביגדורס אויגן. זאָגט ער אויך וואָס:

— נאָך דעם באַפאַל אין וואַלד האָסטו מסתמא שוין געבענטשט „הגומל", די ברכה צו גאָט, וואָס אַ מענטש איז מחויב פאַר אַ נס מיט אים; אַ נס איז דאָך געטאָן געוואָרן מיט דיר און ביסט געבליבן לעבן... און וועגן דעם שאָדן פון דער ירושה, זיינען מיר דאָך אַלע, מיר און אונדזערע קינדער, מחויב צו בענטשן „ברוך דיין האמת", באַרעכטיקן דעם מישפּט פון אויבן. ביים בית־דין אין מינסק, ווי דו דערציילסט, האָבן מיר טאַקע געוווּנען; משמעות אָבער ניט ביים בית־דין־של־מעלה.

1975

## אינהאַלט:

### א



### ב



### ג



### ד



### ה



### ו

## פון זעלבן מחבר:

**אין דער טאָג-טעגלעכער היסטאָרישער אַרבעט**
מינכען 1947

**דאָס פאָלקס-מויל אין נאַצי-קלעם**
מינכען 1949

**שליאַך און אומוועג**
תל אביב 1964

**געשלייַדער**
תל-אביב 1970

ר ע ד א ַק ט י ר ט:

**„פון לעצטן חורבן“**

צייטשריפט פאַר געשיכטע פון יידישן לעבן בעתן נאַצי-רעזשים
מינכען 1946 — 1948